# האַנטבוך

— פאַר —

# אידישע געשיכטע און כראָנאָלאָגיע

פון דער אָנגענומענער ביבלישער ערא פון וועלט-באַשאַפונג
ביז דעם אָנהויב פון 19-טן יאָרהונדערט. — דאָס לעבן און
שאַפן פון גרויסע אידישע דענקער און פערזענלעכקייטן.

צוזאַמענגעשטעלט לויט פאַרשידענע היסטאָרישע קוועלן
און פריי באַאַרבעט פון

**משה רובין.**

ערשטע טייל

**פון בריאת העולם ביז דעם יאָר ה. תק״ם — 1800**

בוענאָס איירעס

1932

# MANUAL DE HISTORIA JUDIA Y CRONOLOGIA

VIDA Y OBRA DE PENSADORES Y PERSONALIDADES JUDIAS

**PRIMERA PARTE**

DESDE LOS COMIENZOS DE LA ERA HISTORICA HASTA EL SIGLO XIX

POR **MOISÉS RUBÍN**

BUENOS AIRES 1 9 3 2.

Tall. Graf. "CULTURA", de Muschkat y Zaslavsky, Tucumán 3067, Bs. Aires

# פאָרוואָרט

מיט דעם „האַנטבוך פאַר אידישע געשיכטע און כראָנאָלאָגיע", וועמעס ערשטע טייל איך גיב איבער צום אורטייל פון דעם לייענער, האָב איך ניט פרעטענדירט צו שאַפן קיין ניי וואָרט. עס איז אַן אַלט, גאַנץ אַלט וואָרט וואָס בלייבט דאָך אימער ניי. ס'איז דאָך געשיכטע, און געשיכטע חזר'ט זיך דאָך איבער פון צייט צו צייט, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך נישט מער ווי דאָס אַלטע בגד און אָנקליידנדיק זיך אַ מער מאָדערנע.

אייגנטלעך, וואָלט איך מיין שאַפונג געדאַרפט באַטיטלען מיט דעם נאָמען „מאַרטירעלאָגיע", אָדער „היסטאָריע פון אידישן פיין", ווייל, איז דען ניט די אידישע געשיכטע געשריבן מער פון מאַרטירערטום, ווי פון גליקלעכע געשעענישן? דער לייענער וועט טאַקע געפינען אין דער „כראָנאָלאָגיע" מער טרויעריקע געשעענישן און שרעקלעכע פאַרפאָלגונגען אויפן אידישן פאָלק ווי פריילעכע. איך בין אָבער ניט אויסן געווען נאָר צו כראָנאָלאָגירן אידישע צרות, איבערציילן די טרערן פונם אידישן „נאד הדמעות". מיין כונה איז געווען, חוץ דאָס אַרויסנעמען פון דער געשיכטע די וויכטיקסטע געשעענישן, אַזעלכע וואָס האָבן אַ שיכות צום כלל אידנטום און סיי אַזעלכע וואָס האָבן אַ שיכות מיט וויכטיקע אידישע פערזענלעכקייטן, אויך ברענגען פון די זעלבע אַ כאַראַקטעריזירונג, באַלייכטן די געשעענישן און פערזענלעכקייטן מיט אַ היסטאָרישן בליק און זיי פאָרשטעלן פאַר דעם לייענער. דערפאַר האָב איך נאָך אַ דאַטום וואָס באַצייכנט די אָדער יענע געשעעניש, אָדער דאָס לעבן און טעטיקייט פון די אָדער יענע פערזענלעכקייט, אויך געבראַכט אַ קורצע אָדער לענגערע באַשרייבונג, לויט די וויכטיקייט פון די זעלבע, כדי דער לייענער זאָל דורך דעם באַקומען אַ ברייטערע געשיכטלעכע אינפאָרמאַציע.

איך האָב ניט געזוכט צו באַפּוצן די כראָנאָלאָגיע און געשיכטע מיט אַ צופּיל ליטעראַרישע פּעדער. איך האָב מיר געפּלייסט צו זיין אין דער שפּראַך וואָס מער צוגענגלעך צו דער יוגנט וואָס קען לייענען אידיש, ווייל איינער פון די הויפּט-צוועקן וואָס איך זוך מיט דעם בוך איז, אַז אידישע קינדער, די וואָס האָבן שוין פון לאַנג פאַרלאָזט די היגע אידישע שולן און לייענען דאָך אידיש, זאָלן זיך אינטערעסירן מיט היס-טאָרישע געשעענישן און היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן פונם אידישן פאָלק.

אין דער כראָנאָלאָגיע ווערט פאַרצייכנט די געשעענישן פון דער שאַפונג פון דער וועלט (לויט די ביבל) ביזן יאָר 1800. פאַראַן פּעריאָדן אין וועלכע עס ווערט אויסגעלאָזט מערערע יאָרן, עס קומט ניט קיין פאַרצייכנונג פון יאָר נאָך יאָר; עס פעלן אויך פּערזענלעכקייטן וואָס האָבן געלעבט און אַקטואירט אינם פּעריאָד וואָס די כראָנאָלאָגיע נעמט אַרום. דערפאַר געפינען איך פאַר נויטיק צו דערקלערן, אַז איך האלט נישט אַז די כראָנאָלאָגיע איז אַ פאָלקאָמע, איך וויל אָבער האָפן אַז אין דער צווייטער טייל וועלן — אויסער די כראָנאָלאָגישע פאַרגעקומענע געשעענישן, וועלכע וועלן פאַרנעמען ניט ווייניקער פּלאַץ ווי אין דער ערשטער טייל — אויך דערגענצט ווערן די וואָס זיינען אין דער דאָזיקער טייל ניט אַריינגעקומען.

---

ווי דער לייענער וועט עס זען, פיגורירט אין דעם „האַנטבוך" דער פּעריאָד פון בריאת העולם ביז אין די צייטן פון די ערשטע מלכים. נישט געקוקט וואָס דער דאָזיקער פּעריאָד ווערט פון די היסטאָריקער געשטעלט אונטער אַ גרויסן פראַגע-צייכן, האָב איך אים דאָך אַריינגענומען אין בוך, כּדי די יעניקע לייענער וועלכע האָבן אַ אינטערעס אין דאָס געשעענע, ווי עס ווערט אָנגעגעבן אין דער ביבל, זאָלן האָבן אַ פאַרקירצטע אינ-פאָרמאַציע וועגן דעם.

בוענאָס איירעס 1932.

משה רובין.

**א׳** — 1 — די באַשאַפונג פון דער וועלט, נאָך דער ביבל. דער ערשטער מאַן אדם און זיין פרוי חוה; דער געבורט פון די ערשטע צוויי קינדער זייערע — קין און הבל; קין דערמאָרדעט זיין ברודער הבל. דער אָנפאַנג פון פי־צוכט און אַגרי־קולטור.

**ק״ל** — 130 — דער געבורט פון שת, אדם׳ס דריטער זון; דער געבורט פון אנוש; אין זיינע צייטן האָט מען אָנגע־הויבן רופן גאָט מיט דעם נאָמען „הויה״.

**שכ״ה** — 325 — דער געבורט פון קינן, דער זון פון אנוש.

**שצ״ה** — 395 — דער געבורט פון מהללאל, דער זון פון קינן.

**ת״ם** — 460 — דער געבורט פון ירד, דער זון פון מהללאל.

**תרכ״ב** — 622 — דער געבורט פון חנוך, דער זון פון ירד.

**תרכ״ב** — 622 — דער געבורט פון יובל, דער ערשטער פון די וואוינער אין געצעלטן; דער געבורט פון יבל, דער ערשטער דערפינדער פון שפּיל־אינסטרו־מענטן: האַרפן און פלייטן. דער אָנהויב אויף צו מאַכן ווערקצייג פון קופּער און אייזן.

**תרפ״ז** — 687 — דער געבורט פון מתושלח, חנוך׳ס זון.

**תתע״ד** — 874 — דער געבורט פון למך, מתושלח׳ס זון.

**תתק״ל** — 930 — דער טויט פון אדם.

**תתקפ״ז** — 987 — חנוך׳ס פאַר־שוואונדן אויף אַ מיסטעריעזן אופן, אין דער עלטער פון דריי הונדערט פינף און זעכציק יאָר.

**א. מ״ב** — 1042 — דער טויט פון שת, אין דער עלטער פון 912 יאָר.

**א. נ״ו** — 1056 — דער געבורט פון נח, דער זון פון למך.

**א. ק״ם** — 1140 — דער טויט פון אנוש, אין דער עלטער פון 905 יאָר.

**א. רל״ה** — 1235 — דער טויט פון קינן, אין דער עלטער פון 910 יאָר.

**א. ר״צ** — 1290 — דער טויט פון מהללאל — 895 יאָר.

**א. תכ״ב** — 1422 — דער טויט פון ירד — 965 יאָר.

**א. תקנ״ו** — 1556 — דער געבורט פון יפת, נח׳ס ערשטער זון.

**א. תקנ״ח** — 1558 — דער געבורט פון שם און חם, די זין פון נח.

**א. תרנ״א** — 1651 — דער טויט פון למך, אין עלטער פון 777 יאָר.

**א. תרנ״ו** — 1656 — מתושלח׳ס טויט, אין עלטער פון 969 יאָר. די מענטשן זיינען געוואָרן פאַרדאָרבן; דער מבול; נח ווערט געראַטעוועט אין אַ „תבה״.

**א. תרנ״ז** — 1657 — נח מיט זיין פאַמיליע פאַרלאָזן די „תבה״; נח פלאַנצט אַ וויינגאָרטן.

**א. תרנ״ח** — 1658 — דער געבורט פון ארפכשד, שם׳ס זון.

**א. תרצ״ג** — 1693 — דער געבורט פון שלח, ארפכשד׳ס זון.

**א. תשכ״ג** — 1723 — דער גע־בורט פון עבר, שלח׳ס זון.

**א. תשנ״ז** — 1757 — דער געבורט

פון פלג און יקטן, די זין פון עבר. דאָס אויפבויען פונם טורם אין שנער; די צע־מישונג פון דער שפראַך. די פאַרשפּריי־טונג פון די מענטשן איבער דער וועלט. דער געגעבענער נאָמען בבל צום לאַנד שנער. נמרוד, דער העלדן-יעגער, גרינדעט די שטאָט בבל. אשור, שם'ס זון, בויעט די שטאָט נינוה. די גרינדונג פון די מלוכות: אשור, כוש, מצרים און כנען. די אנטשטייאונג פון די פעלקער, וועלכע שטאַמען פון יון'ס זין, און אַנדערע מזרח־לענדישע פעלקער.

**א. תשפ״ז** — 1787 — דער געבורט פון רעו, פלג'ס זון.

**א. תתי״ט** — 1819 — דער געבורט פון שרוג, רעו'ס זון.

**א. תתמ״ט** — 1849 — דער גע־בורט פון נחור, שרוג'ס זון.

**א. תתע״ח** — 1878 — דער גע־בורט פון תרח, נחור'ס זון.

**א. תתקמ״ח** — 1948 — דער גע־בורט פון אברם, תרח'ס זון.

**א. תתקנ״ח** — 1958 — דער גע־בורט פון שרי, אברם'ס פרוי.

**א. תתקצ״ו** — 1996 — דער טויט פון פלג, אין עלטער פון 239 יאָר.

**א. תתקצ״ז** — 1997 — דער טויט פון נחור, תרחס פאָטער, אין עלטער פון 148 יאָר.

**ב. י׳** — 2006 — דער טויט פון נח, אין עלטער פון 950 יאָר.

**ב. כ״ג** — 2023 — אברם גייט נאָך כנען; דער הונגער אין כנען; אברם קומט נאָך מצרים און קערט זיך צוריק קיין כנען.

**ב. כ״ו** — 2026 — דער טויט פון רעו, אין עלטער פון 239 יאָר. די מלחמה פון אברם מיט די מלכים.

**ב. ל״ג** — 2033 — אברם נעמט הגר'ן פאַר אַ פרוי.

**ב. ל״ד** — 2034 — דער געבורט פון ישמעאל.

**ב. מ״ז** — 2047 — אברם הויבט זיך אָן צו רופן אברהם און שרי — שרה; אברהם איז זיך מל. די פאַרניכטונג פון סדום און די רעטונג פון לוט.

**ב. מ״ח** — 2048 — דער געבורט פון יצחק.

**ב. מ״ט** — 2049 — דער טויט פון שרוג, אין עלטער פון 230 יאָר.

**ב. פ״ג** — 2083 — דער טויט פון תרח, אין עלטער פון 208 יאָר. די עקדה פון יצחק.

**ב. פ״ה** — 2085 — דער טויט פון שרה, אין עלטער פון 127 יאָר; אברהם קויפט די מערת המכפלה.

**ב. פ״ח** — 2088 — יצחק נעמט רבקה'ן פאַר אַ פרוי און אברהם — קטורה'ן פאַר אַ פלגש.

**ב. צ״ו** — 2096 — דער טויט פון ארפכשד, אין עלטער פון 438 יאָר.

**ב. ק״ח** — 2108 — דער געבורט פון עשו און יעקב.

**ב. קכ״ג** — 2123 — דער טויט פון אברהם, אין עלטער פון 175 יאָר.

**ב. קכ״ו** — 2126 — דער טויט פון שלח, אין עלטער פון 433 יאָר. יצחק באַזעצט זיך אין באר שבע. עשו נעמט צוויי חת'ישע פרויען צום ווידערווילן פון זיינע עלטערן.

**ב. קנ״ח** — 2158 — דער טויט פון שם, אין עלטער פון 600 יאָר.

**ב. קע״א** — 2171 — דער טויט פון ישמעאל, אין עלטער פון 137 יאָר. יעקב פאַלגט זיין מוטער און נעמט די ברכות

פון יצחק'ן, וועלכער האט זיי געוואלט געבן עשו'ן.

**ב. קפ"ה** — 2185 — יעקב אנט־לויפט קיין חרן. עשו נעמט ישמעאל'ס טאכטער פאר א פרוי.

**ב. קפ"ז** — 2187 — דער טויט פון עבר, אין עלטער פון 464 יאר.

**ב. קצ"ב** — 2192 — יעקב נעמט רחל מיט לאה פאר פרויען, וועלכע גיבן אים זייערע צוויי דינסטן בלהה און זלפה פאר פרויען. די געבורט פון יעקבס עלף זין און די טאכטער דינה.

**ב. קצ"ט** — 2199 — דער געבורט פון יוסף.

**ב. ר"ה** — 2205 — יעקב אנטלויפט פון לבן, און לבן יאגט אים נאך; זיי שליסן א פרידנס־בונד אין מצפה. יעקב קומט קיין שכם, די געשעעניש אין שכם; די נקמה פון שמעון און לוי. דער טויט פון דבורה, רבקה'ס אם. יעקב ווערט גערופן „ישראל". דער טויט פון רחל ביים געבוירן פון בנימין און איר קבורה אין אפרת.

**ב. רט"ז** — 2216 — די שנאה פון יעקב'ס קינדער צו זייער ברודער יוסף; דאס פארקויפן אים צו די ישמעאלים; די ישמעאלים פארקויפן אים צו פוטיפר, פרעה'ס א מיניסטער, אין מצרים. די גע־שעעניש פון יהודה מיט תמר. די געשעע־ניש פון פוטיפר'ס פרוי. יוסף ווערט איינ־געשפארט אין געפענקעניש.

**ב. רכ"ז** — 2227 — די חלומות פון שר המשקים און שר האופים; דער פתרון פון יוסף.

**ב. רכ"ח** — 2228 — דער טויט פון יצחק, אין עלטער פון 180 יאר.

**ב. רכ"ט** — 2229 — פרעה'ס חלום און יוסף'ס פתרון. יוסף ווערט דער וויצע קעניג אין מצרים. די זיבן זאטע יאר. יוסף נעמט אסנת, פוטיפר'ס טאכטער, פאר א פרוי.

**ב. רל"ו** — 2236 — די ענדע פון די זאטע יארן און דער אנפאנג פון די הונגער־יארן. יוסף'ס ברידער קומען קיין מצרים. יוסף לאזט זיך ניט דערקענען צו זיי. נעמט פון זיי בנימין'ן, לאזט זיך נאכדעם דערקענען.

**ב. רל"ח** — 2238 — יעקב מיט זיין פאמיליע קומען קיין מצרים.

**ב. רמ"ג** — 2243 — די ענדע פון די הונגער־יארן.

**ב. רנ"ה** — 2255 — יעקב בענטשט זיינע קינדער; יעקב'ס טויט אין עלטער פון 147 יאר; ווערט באלזאמירט און גע־פירט קיין כנען; ווערט באערדיקט אין דער מערת המכפלה.

**ב. ש"ט** — 2309 — דער טויט פון יוסף אין עלטער פון 110 יאר.

**ב. של"א** — 2331 — דער טויט פון לוי, אין עלטער פון 137 יאר. די אידן הויבן אן געפלאגט ווערן פון די עגיפטער; פרעה'ס גזרות.

**ב. ת"י** — 2410 — דער געבורט פון אהרן, עמרם'ס און יוכבד'ס זון.

**ב. תי"ג** — 2413 — דער געבורט פון משה; זיין אנקומען אין פרעה'ס הויז. משה הרג'עט דעם מצרי וואס האט גע־שלאגן א אידן; זיין אנטלויפן קיין מדין; זיין נעמען צפורה'ן, רעואל'ס טאכטער, פאר א פרוי; די געבורט פון זיינע קינדער גרשם און אליעזר. דער טויט פון פרעה'ן; די געטלעכע דערשיינונג צו משה'ן פונם „סנה"; משה מיט אהרן קומען צו פרעה'ן; די צען מכות וואס ווערן אנגעשיקט אויף אים.

**ב. תצ"ג** — 2493 — דער ערשטער

קרבן פסח אין מצרים. די באפרייאונג פון מצרים; דער „קריאת ים סוף"; די אידן קומען אין דער מדבר שור. מרה, אלים און מדבר סין; דער „מן" הויבט אן צו פאלן; דאס אננעמען פון „שבת"; די מלחמה פון עמלק מיט די אידן; יהושע׳ס נצחון; דאס אנקומען פון יתרו צו משה׳ן; די אנטפלעקונג אויפן בארג סיני; דאס געבן די תורה; דער פארברעך פון די וואס האבן געמאכט דאס „עגל"; משה צעברעכט די לוחות; גאט איז מוחל די אידן פאר זייער זינד; דאס געבן פון די צווייטע לוחות; דער באפעל צו בויען א משכן.

**ב. תצ״ד** — 2494 — דאס אויפשטעלן פונם משכן; אהרן ווערט געזאלבט פון משה׳ן; דער טויט פון נדב און אביהוא. די ערשטע ציילונג פון די אידן. די אידן לאגערן אין מדבר פרן. די אויסוויילונג פון זיבעציק זקנים. די נביאות פון אלדד און מידד אין אידישן לאגער; משה שיקט מרגלים. דער אויפשטאנד פון קרח אקעגן משה׳ן; קרח, דתן און אבירם ווערן פארשלונגען אין דער ערד. מרים שטארבט אין קדש. דער קעניג פון אדום לאזט ניט די אידן דורכגיין דורך זיין לאנד. דער טויט פון אהרן, אין עלטער פון 123 יאר. די מלחמה פון די אידן מיט סיחון און עוג. בלק דינגט בלעם׳ן צו שעלטן די אידן; די קללה ווערט פארוואנדלט אין א ברכה. אליעזר ווערט כהן אויפן ארט פון זיין פאטער. פנחס איז זיך נוקם אין זמרי און עס ווערט אים געגעבן די כהונה איבערצוגעבן זי א ירושה צו זיינע נאכקומענדע. די צווייטע ציילונג. משה אויטאריזירט יהושע אלס קינפטיקער אידישער פירער נאך זיין טויט. די מלחמה מיט מדין און דער נצחון איבער אים. דער געזעץ פון ירושה דורך צלפחד׳ס טעכטער.

**ב. תקל״ג** — 2533 — משה הויבט אן דערקלערן די תורה, וואס רופט זיך משנה תורה; משה שטארבט, אין דער עלטער פון 120 יאר. יהושע פירט איבער די אידן דעם ירדן; די שטאט יריחו ווערט איינגענומען. די שטראף פון עכן, וועלכער האט עובר געווען אויפן חרם. דער זיג איבער איין און דרייסיק קעניגן.

**ב. תקל״ט** — 2539 — די ערשטע צעטיילונג פונם לאנד צו די שבטים. יהושע לייענט פאר די תורה פאר די אידן אין שכם; דער טויט פון יהושע, אין עלטער פון 110 יאר. דער טויט פון אלעזר הכהן. דאס פאלן פון דביר, צפת און פילע אנדערע שטעט פאר די אידן. אידן באזעצן זיך צווישן כנענים און אמורים, זיינען זיך מתחתן מיט זיי און דינען זייערע געטער; זיי ווערן אונטערדריקט דורך כושן רשעתים; ווערן געהאלפן דורך עתניאל בן קנז, וועלכער ווערט א שופט; דאס לאנד ווערט בארואיקט אין פארלויף פון פערציק יאר. דער טויט פון עתניאל. די אידן קערן זיך צוריק צו זייערע שלעכטע אויפפירונגען; ווערן אונטערדריקט פון עגלון, דער קעניג פון מואב, אין משך פון 18 יאר. אהוד האט דערשטאכן עגלון און די אידן בַאזיגן די מואבים; דאס לאנד ווערט בארואיקט אין א משך פון 80 יאר. שמגר בן ענת שלאגט די פלשתים און באפרייט די אידן פון זיי.

**ב. תרל״ג** — 2633 — די אידן ליידן פון דעם שווערן יאך וואס איז ארויפגעלייגט געווארן אויף זיי פון יבין, דער קעניג פון חצור, א משך פון 20 יאר.

**ב. תרנ״ג** — 2653 — די אידן

ווערן געהאָלפן דורך דבורה און ברק. דער טויט פון סיסרא דורך יעל. דבורה ווערט אַ ריכטערין. דאָס לאַנד פאַרבלייבט רואיק אַ משך פון 40 יאָר.

**ב. תרצ״ג** — 2693 — די אידן ווערן שרעקלעך אונטערדריקט פון מדין.

**ב. ת״ש** — 2700 — אידן ווערן געהאָלפן דורך גדעון; גדעון פאַנגט די קעניגן עורב, זאב, זבח און צלמונע און טויטעט זיי. די אידן ווילן מאַכן גדעון פאַר אַ קעניג און ער וויל ניט. ער ווערט אַ שופט און משפט די אידן 40 יאָר.

**ב. תש״ם** — 2740 — דער טויט פון גדעון. אבימלך הערשט איבער די אידן דריי יאָר.

**ב. תשמ״ג** — 2743 — דער אויפשטאַנד פון די איינוואוינער פון שכם קעגן אבימלך און די מלחמה מיט אים; ער ווערט דער׳הרג׳עט פון אַ פרוי, וועלכע וואַרפט אויף אים אַ האַלבן מילשטיין און צעקלאַפט אים דעם קאָפּ. תולע ווערט אַ שופט אויף אַ משך פון 23 יאָר.

**ב. תשס״ו** — 2766 — יאיר הגלעדי ווערט אַ שופט אויף אַ משך פון 22 יאָר.

**ב. תשע״ט** — 2779 — דער געבורט פון עלי הכהן.

**ב. תשפ״ח** — 2788 — דער טויט פון יאיר. די אידן ווערן געפּלאָגט פון די פלשתים און עמונים אין אַ משך פון 18 יאָר.

**ב. תת״ו** — 2806 — יפתח שלאָגט די עמונים און מאַכט זיי אונטערטעניק; דער נדר פון יפתח. די בני אפרים זיינען זיך מתקנא אין יפתח; זייער מלחמה מיט די בני גלעד; עס פאַלן פון די לעצטע 42 טויזנט. יפתח איז אַ שופט 6 יאָר.

**ב. תתי״ב** — 2812 — דער טויט פון יפתח. אבצן פון בית לחם ווערט אַ שופט נאָך אים. די געשיכטע פון בועז מיט רות.

**ב. תתי״ט** — 2819 — דער טויט פון אבצן. אילון הזבולוני משפט די אידן 10 יאָר.

**ב. תתכ״ט** — 2829 — דער טויט פון אילון. עבדון בן הלל משפט די אידן 8 יאָר.

**ב. תתל״ז** — 2837 — דער טויט פון עבדון. עלי הכהן ווערט נאָך אים אַ שופט, אויף אַ משך פון 40 יאָר. דער ארון הקדש ווערט געבראַכט פון בית אל קיין שילה. די פלשתים הערשן איבער די אידן; דער „פסל מיכה״; די געשיכטע פון דער פלגש אין גבעה; שמשון׳ס גבורה; דלילה גיט אים איבער אין די הענט פון די פלשתים; די נקמה פון שמשון אין די פלשתים פאַר זיין טויט. 20 יאָר משפט ער די אידן. דער געבורט פון שמואל, דער זון פון אלקנה און חנה.

**ב. תתע״ז** — 2877 — די אידן ווערן געשלאָגן אין אַ מלחמה מיט די פלשתים; דער ארון הקדש ווערט פון זיי געפאַנגען; דער טויט פון עלי׳ס קינדער חפני און פנחס; דער טויט פון עלי.

**ב. תתע״ח** — 2878 — די פלשתים שטאַרבן אין אַ עפּידעמיע; קערן אום צוריק דעם ארון הקדש. שמואל ווערט אַ שופט.

**ב. תתצ״ח** — 2898 — די אידן פאַרוואַרפן די געטער „עשתרות״ און „בעלים״ און קערן זיך צוריק צו גאָט. די פלשתים דערקלערן אַ מלחמה די אידן און די ערשטע ווערן צעשלאָגן און זיינען געצוואונגען צוריקקערן די שטעט וואָס זיי האָבן פריער פאַרכאַפּט ביי די אידן. דער שלום־אָפּמאַך צווישן די אידן מיט

אמורי. די דערשיינונג פון די „בני הנביאים".

**ב. תת״ק — 2900 —** דער געבורט פון דוד ישי'ס זון. שמואל באשטימט זיינע זין יואל און אביה פאר שופטים; די קינדער זיינע גייען אין א שלעכטן וועג; די אידן פארלאנגען פון שמואל'ן, ער זאל אויסדערוויילן איבער זיי א קעניג; שמואל זאלבט שאול'ן, דער זון פון קיש, פאר א מלך. די מלחמה פון שאול מיט די מואבים און אנדערע פעלקער, און באזיגט זיי. דער זיג פון זיין זון יהונתן איבער די פלשתים. די מלחמה פון שאול מיט אגג, דער קעניג פון עמלק; זיין ניט אויספאלגן שמואל'ס פאראָרדנונג אין נאָמען פון גאָט. די מלוכה ווערט פון אים אוועקגענומען; שמואל זאלבט דוד'ן פאר א קעניג; דוד דערשלאָגט גלית'ן; שאול ווערט דורכדעם מעלאנכאליש; דוד שפילט פאר אים און ווערט נאָכדעם זיין וואפן־טרעגער; שאול זוכט אים צו טויטן; דער פריינטלעכער בונד צווישן דוד און יהונתן; דוד אנטלויפט צו אחימלך הכהן, וועלכער נעמט אים אויף מיט זיינע מענטשן מיט דער גרעסטער פריינטלעכ־קייט. די פארלוימדונג פון דואג האדומי. שאול דערשלאָגט אלע כהנים פון דער שטאָט נוב; די רעטונג פון אביתר הכהן. שאול פארפאָלגט דוד'ן. דער שלום צווישן זיי ביידע.

**ב. תתקכ״ה — 2925 —** דער גע־בורט פון מפיבושת, דער זון פון יהונתן. דער טויט פון שמואל הנביא.

**ב. תתקכ״ח — 2928 —** דוד נעמט אביגיל'ן פאר א פרוי. אכיש, דער קעניג פון פלשתים, ליפערט איבער דוד'ן די שטאָט צקלג.

**ב. תתק״ל — 2930 —** די פלשתים באנייען די מלחמה מיט די אידן; די אידן ווערן געשלאָגן; שאול און יהונתן פאלן טויט אין דער מלחמה. דוד ווערט קעניג איבער דעם שבט יהודה אין חברון; אישבשת, שאול'ס זון, ווערט קעניג איבער די איבעריקע שבטים אין מחנים. די מלחמה צווישן בית דוד און בית שאול; דער טויט פון עשהאל און אבנר.

**ב. תתקל״ו — 2936 —** דוד ווערט קעניג איבער אלע אידן; ער נעמט איין די מצודת ציון, באזעצט זיך דאָרט און ווערט פון אים אָנגערופן „עיר דוד"; דער ארון הקדש ווערט אהין געבראַכט; זיין מלחמה מיט די פלשתים און אנדערע פעלקער; דוד האלט אָפּ גרויסע נצחונות; זיין פרידנס־בונד מיט די צורים. די נביאות פון נתן הנביא און גד הנביא. די באשטימונג פון דער כהונה צו צדוק.

**ב. תתקנ״ו — 2956 —** דער גע־בורט פון שלמה, דוד'ס זון, פון בת שבע. דער אויפשטאנד פון אבשלום און זיין טויט. די עצה פון אחיתופל און זיין טויט. דער אויפשטאנד פון שבע בן בכרי קעגן דוד און זיין טויט. דוד באפעלט צו ציילן די אידן; די עפידעמיע צווישן זיי. דוד'ס גבורים. דוד צעטיילט די לויים אויף 24 משמרות און גרינדעט א זינגער־משמורה וועגן גאָטעס־דינסט.

**ב. תתקס״ט — 2969 —** דער גע־בורט פון רחבעם, שלמה'ס זון. אדוניהו וויל פארכאפּן די מלוכה, יואב בן צרויה און אביתר הכהן שטיצן אים. דוד מאַכט פאר א קעניג זיין זון שלמה.

**ב. תתק״ע — 2970 —** דער טויט פון דוד. יואב און אדוניהו ווערן געטויט אויפן באפעל פון שלמה. די כהונה ווערט צוגענומען פון אביתר. די תקופה פון שלמה'ס מלוכה; זיין חכמה, זיינע משלים

און שירים; שלמה נעמט פּרעה׳ס טאָכטער פאַר אַ פרוי.

**ב. תתקע״ג** — 2973 — דער אָנפאַנג בויען דעם בית המקדש. די צורים העלפן שלמה׳ן ביים בויען.

**ב. תתק״פ** — 2980 — דאָס בויען פונם בית המקדש ווערט געענדיקט.

**ב. תתקפ״א** — 2981 — דער חנוכת הבית; דער ארון מיט די לוחות ווערט אַריינגעבראַכט אין קדשי קדשים. דער „בית יער הלבנון״ ווערט אויסגעבויעט פאַר שלמה׳ן. די אויפבויאונג פונם אַרסענאַל. די אויפבויאונג פון די צוויי שטעט: „בעלת״ און תדמור. שלמה לאָזט אויפבויען שיפן. שיקט זיינע קנעכט צוזאַמען מיט די קנעכט פון דעם קעניג פון צור, אַוועקלאָזן זיך אויפן ים. די קנעכט ברענגען אים גאָלד פון אופיר, אויך אַלמוגים־האָלץ און דיאַמאַנטן. מיט די שיפן פון תרשיש ווערט געבראַכט מאַלפּעס, עלעפאַנטן און פּאַפּוגאַיען. פון עגיפּטן — פערד. שלמה לייגט אַרויף אַ שטייער־אָפּצאָל אויף טוריסטן און אויסלענדישע קאָמערציאַנטן. פילע אויסלענדישע קעניגן ברענגען מתנות צו שלמה׳ן.

**ב. תתקצ״ג** — 2993 — די פאָלקאָמע פאַרפיינערקייט פונם בית המקדש. די קעניגין פון שבא קומט קיין ירושלים זיך איבערצייגן אין שלמה׳ס חכמה. שלמה מאַכט אַ האַרעם פון פיל פרויען. די פרויען רעדן אים איבער צו בויען „במות״ צו פרעמדע געטער. הדד דער אדומיטער ווערט שלמה׳ס אַ קעגנער, נעמט צוריק זיין שטיק לאַנד, וועלכעס איז ביי אים צוגענומען געוואָרן אין די צייטן פון דוד. רזון, דער זון פון אלידע, ווערט קעניג אין דמשק און באַדריקט די אידן. שלמה בויעט אויף די „פאָרשטאָט״, פאַרמאַכט דעם אַריינגאַנג אין דער שטאָט „עיר דוד״. ירבעם בן נבט רעוואָלטירט קעגן שלמה׳ן.

**ג. י׳** — 3010 — דער טויט פון שלמה. די אידישע שבטים פאַרזאַמלען זיך קיין שכם צו זאַלבן רחבעם, שלמה׳ס זון, פאַר אַ קעניג; זייער פאַרלאַנג פון אים, צו פאַרלייכטערן די שטייערן וועלכע שלמה האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט; רחבעם אַנטזאָגט זייער פאַרלאַנג; די בני ישראל זאָגן זיך אָפּ פון אים; די מלוכה ווערט צעטיילט אויף צווייען: אויף „מלכי יהודה״ און מלכי ישראל.

## מלכי יהודה

**ג. י׳** — 3010 — די מלוכה פון רחבעם אויף יהודה. ער פאַרזאַמלט מיליטער צו מלחמה האַלטן מיט די אָפּגעטיילטע שבטים; שמעיה, דער געטלעכער מאַן, ווירקט אַז זיי זאָלן ניט פירן קיין ברידער־קריג.

## מלכי ישראל

**ג. י׳** — 3010 — די מלוכה פון ירבעם איבער די ישראל. זיין ערשטע רעזידענץ אין שכם; ירבעם לאָזט מאַכן צוויי גאָלדענע קעלבער און שטעלט זיי אַריין: אייגעם אין בית אל און דעם צווייטן אין דן, און די בני ישראל ווערן דורך זיי געשטרויכלט. ירבעם זינדיקט אַליין און מאַכט אויך זינדיקן די אידן. ירבעם באַפעסטיקט די שטאָט פּנואל און שליסט פרידן מיט די עגיפּטער.

## מלכי יהודה

**ג. י״ד** — 3014 — שישק, דער קעניג פון מצרים, באַלאַגערט ירושלים, רויבט אוים די אוצרות פונם בית המקדש און קעניגס־הויז. דאָס דינען פרעמדע געטער

פאַרשפּרייט זיך אין פאָלק. טברימין ווערט קעניג אויף ארם אין דמשק.

ג. כ״ז — 3027 — דער טויט פון רחבעם. זיין זון אבים ווערט קעניג. זיין מלחמה מיט די בני ישראל.

ג. ל׳ — 3030 — דער טויט פון אבים. זיין זון אסא ווערט קעניג, שאַפט אָפּ דאָס געצנדינערייי און לאָזט איבער די במות. ער פאַרשטאַרקט זיין מלוכה, בויעט אויס פעסטונגען; ער לאָזט פילן זיין מאַכט. „זרח הכושי״ וועלכער געוועלטיקט אין מצרים, שליסט א פרידנס־בונד מיט בן הדד, דער קעניג פון ארם, רעדט אים איבער צו פירן א מלחמה אויף די בני ישראל. ער נעמט אוועק די שטיינער פון רמה וואָס בעשא האָט געבויעט און בויעט אויס פון זיי גבע און מצפה.

ג. ל״ו — 3036 — דער געבורט פון יהושפט, דער זון פון אסא.

## מלכי ישראל

ג. ל״ב — 3032 — דער טויט פון ירבעם. נדב, זיין זון, ווערט קעניג און רעגירט צוויי יאָר.

ג. ל״ג — 3033 — בעשא, אחיה׳ס זון, רעוואָלטירט קעגן נדב און ווערט דורך אים געטויט. בעשא ווערט קעניג אויף זיין אָרט, באַזעצט זיך אין תבצה; ער רעגירט פיר און צוואַנציק יאָר; פאַרניכטעט דאָס גאַנצע הויז פון ירבעם; ער פירט א מלחמה מיט אסא. יהוא בן חנני דער נביא; זיין שלעכטע נבואה איבער בעשא פאַר זיינע שלעכטע מעשים.

ג. נ״ו — 3056 — בעשא׳ס טויט. אלה, זיין זון, ווערט קעניג אויף צוויי יאָר.

ג. נ״ח — 3058 — זמרי מאַכט א אויפשטאַנד קעגן אלה, דערשלאָגט אים מיט זיין גאַנץ קעניגלעכעם הויז. זמרי רעגירט זיבן טעג. דאָס מיליטער דערקלערט עמרי׳ן פאַר א קעניג. עמרי דעראָבערט די שטאָט תרצה. זמרי פאַרברענט דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ. דער טויט פון זמרי. א פּאַרטיע וויל מאַכן פאַר א קעניג תבני׳ן, זיי האָבן אָבער א דורכפאַל און עמרי בלייבט קעניג.

## מלכי יהודה

ג. ס״ז — 3069 — דער געבורט פון יהורם, יהושפט׳ס זון.

ג. ע״א — 3071 — דער טויט פון אסא. יהושפט, זיין זון, ווערט קעניג; באַפעסטיקט זיין רעגירונג; גייט אין רעכטפאַרטיקן וועג.

ג. ע״ד — 3074 — שיקט זיינע רעגירונגס־לייט צו לערנען גאָטס תורה אין יהודה; שליסט א פרידנס־בונד מיטן קעניג פון ישראל. יהורם נעמט אחאב׳ס טאָכטער, עתליה, פאַר א פרוי.

ג. פ״א — 3081 — דער געבורט פון אחזיה, יהורם׳ס זון. יהושפט באַשטימט ריכטער אין גאַנצן לאַנד יהודה. גאָט באַגליקט יהושפט׳ן, ער באַזיגט אלע ארומיקע פיינט.

ג. פ״ח — 3088 — יהושפט פאַראייניקט זיך מיט אחאב׳ן און פאַרפירן א קריג מיטן קעניג פון ארם אין רמת גלעד.

ג. פ״ט — 3089 — יהושפט בויעט שיפן און לאָזט זיך ארויס קיין אופיר. די שיפן ווערן צובראָכן אין עציון גבר. זיין ניט וועלן מער שיקן זיינע קנעכט אויף שיפן צוזאַמען מיט די קנעכט פון אהזיהו, אחאב׳ס זון. די נביאות פון אליעזר, דודיהו׳ס זון. אחזיהו פאַרפירט א מלחמה צוזאַמען מיט יהורם אויף מואב און מואב ווערט געשלאָגן.

ג. צ״ה — 3095 — דער טויט פון

יהושפט. יהורם ווערט קעניג, רעגירט אַכט יאָר. דער אויפשטאַנד פון די אדומים קעגן אים. ווערן א זעלבסטשטענדיקע מלוכה ווי צוערשט.

**ג. ק״ב** — 3102 — דער געבורט פון יואש, דער זון פון יהורם.

**ג. ק״ג** — 3103 — דער טויט פון יהורם. אחזיהו ווערט קעניג; ווערט גע־טויטעט דורך יהוא. עתליה, אחזיהו׳ס מוטער דער׳הרג׳עט די גאנצע קעניגלעכע פאַמיליע. יואש, אחזיהו׳ס זון, ווערט גע־רעטעט און בלייבט פאַרבאַהאַלטן זעקס יאָר. עתליה רעגירט די זעקס יאָר.

**ג. ק״ט** — 3109 — יהוידע, דער כהן גדול, זאַלבט יואש׳ן פאַר אַ קעניג אין דער עלטער פון זיבן יאָר. דער טויט פון עתליה. דאָס פאָלק פאַרניכטעט דעם טעמפּל פונם בעל און צעברעכט זיינע מזבחות. דער קעניג באַפעלט צו פאַר־ריכטן און פאַרשטאַרקן דעם בית המקדש פון די נדבות־געלטער.

**ג. קכ״ה** — 3125 — דער געבורט פון אמציה.

**ג. קל״א** — 3131 — דער קעניג באַפעלט אַז אַלע נדבות־געלטער זאָלן דורכגיין דורך דעם קאָנטראָל פונם כהן גדול און רעגירונגס־באַאַמטע. חזאל, דער קעניג פון ארם, לאָזט זיך אַרויס צו איי־בערפאַלן ירושלים; יואש גיט אים אָפּ דאָס גאַנצע געזאַמלטע געלט אין בית המקדש און אויך פונם קעניגס שאַץ־קאַמער. יואש ווערט פאַרפירט פון זיינע רעגירונגס־לייט צו דינען פרעמדע געטער. זכריהו, יהוידע׳ס זון, מאַכט דעם קעניג שטרענגע פאָרווירפע. זכריהו ווערט — אויפן באַפעל פונם קעניג — פאַרשטיינט מיט שטיינער אין הויף פונם בית המקדש.

**ג. ק״נ** — 3150 — די קנעכט פון יואש מאַכן א בונד און טויטן אים. אַמציה זיין זון ווערט קעניג, באַפעלט צו טויטן די מערדער פון זיין פאָטער; האַלט אָפּ אַ מלחמה קעגן אדום, באַזיגט אים און נעמט אָפּ דעם שטייניגן געגנט „סלע״; שיקט אַ אולטימאַטום דעם קעניג פון ישראל, רופט אים אַרויס אויף מלחמה, ווערט פון אים געשלאָגן און געפאַנגען לעבעדיק.

**ג. קס״ג** — 3163 — דער געבורט פון עוזיה, דער זון פון אמציה.

**ג. קע״ט** — 3179 — אמציה פירט זיך אויף שלעכט; זיינע קנעכט מאַכן אַ פאַרשווערונג קעגן אים; ער אַנטלויפט קיין לכיש; די קנעכט פאַרפאָלגן אים און טויטן אים דאָרט. עזריהו, זיין זון, ווערט קעניג, גייט אין גוטן וועג; זיין מלחמה מיט די פלשתים; ברעכט זיך איין אין זייערע שטעט, בויעט אויס דאָרט שטעט. דאָס גרויסע ערד־ציטערניש נאָך די פאָר־אויסגעזאָגטע נבואה פון עמוס. דאָס פאָלק קערט אָפּ פונם גוטן וועג.

**ג. ר״ה** — 3205 — דער געבורט פון יותם, דער זון פון עוזיהו. די ליבע פון עוזיהו צו ערד־אַרבעט; בויעט אויס היכלע טורעמס אין ירושלים און באַפעסטיקט די שטאָט; גאָט העלפט אים אין אַלע זיינע אונטערנעמונגען; זיין שטאָלץ צו רעכע־נען זיך פאַר אַ כהן, און קומט אין היכל אויף מקטיר זיין קטורת; ווערט אויסגע־זעצט מיט „נגעים״. זיין זון, יותם, ווערט קעניג.

## מלכי ישראל

**ג. ס״א** — 3061 — עמרי ווערט קעניג, דער טויט פון תבני.

**ג. ס״ג** — 3063 — עמרי בויעט אויס די שטאָט שומרון און מאַכט זי פאַר זיין רעזידענץ; פאַרבלייבט צוועלף יאָר די רע־זידענץ פון מלכי ישראל.

ג. ס״ח — 3068 — דער טויט פון עמרי. אחאב, זיין זון, ווערט קעניג. אחאב נעמט די טאָכטער פון אתבעל, דער קעניג פון די צדונים — איזבל, פאַר אַ פרוי; בויעט אויס אַ טעמפּל פאַרן „בעל" אין שומרון. חיאל בויעט אויף די שטאָט יריחו; דער טויט פון זיין עלטסטן זון, אבירם, ביים אָנהויב בויען, און פון זיין יונגסטן, ביים אויפשטעלן די טויערן. איזבל טויטעט די געטלעכע נביאים; איר באפעל צו טויטן נבות דורך פאַלשע עדות און קאָנפיסקירן זיין ווייַנגאָרטן. דער אייפער פון אליהו הנביא. די מלחמה פון בן הדד דער צווייטער, דער קעניג פון ארם, מיט אחאב׳ן. אחאב באַזיגט אים צוויי מאָל. די מלחמה פון אחאב מיט דעם קעניג פון ארם אין רמות גלעד. די נבואה פון מיכיהו בן ימלה. דער טויט פון אחאב אין דער מלחמה. אחיה, זיין זון, ווערט קעניג; רעגירט צוויי יאָר. דער רע-וואָלט פון מואב קעגן ישראל. דער טויט פון אחזיהו. יהורם, אחאב׳ס זון, ווערט קעניג; רעגירט צוועלף יאָר, פירט זיך אויף שלעכט, שאַפט אָבער אָפּ די בעל׳ישע מאָנומענטן; פאַראייניקט זיך מיט יהושפט, דער קעניג פון יהודה און מיטן קעניג פון ארם און פאַרפירן אַ מלחמה מיט דעם קעניג פון מואב און האַלטן אָפּ אַ גרויסן זיג. אליהו באַשטימט אלישע׳ן פאַר אַ נביא. דאָס פאַרשווינדן פון אליהו דורך אַ שטורם. אלישע צייגט גרויסע וואונדער. בן הדד באַלאַגערט די הויפּטשטאָט שומרון. אַ גרויסער הונגער אין שומרון. די גרויסע מפּלה פון ארם.

ג. ק״ג — 3103 — דער אויפשטאַנד פון יהוא, יהושפט׳ס זון, אויף יהורם, נאָך דער עצה פון אלישע׳ן; ער דער-שלאָגט אים מיט דער גאַנצער פאַמיליע פון אחאב׳ס הויז. דאָס קעניגן פון יהוא. יהוא מיט יונדב׳ן ראַטן אויס דעם בעל; זיי היטן אָבער ניט די תורה פון גאָט. חזאל, דער קעניג פון ארם, דעראָבערט אידישע שטעט פון יענער זייט ירדן אין מזרח זייט.

ג. קל״א — 3131 — דער טויט פון יהוא. יהואחז, זיין זון, ווערט קעניג; ער פירט זיך שלעכט אויף. חזאל מיט זיין זון, בן הדד דער דריטער, אונטערדריקן די אידן. עס ווערט פון זיי באַשטימט צו איי-בערלאָזן אין אידישן מיליטער־לאַגער ניט מער ווי פופציק רייטער, צען קריגסרייט-וועגן און צען טויזנט סאָלדאַטן פוסגייער.

ג. קמ״ח — 3148 — דער טויט פון יהואחז. זיין זון, יואש, ווערט קעניג; פירט זיך אויף שלעכט. מואבישע באַנ-דעס רייסן זיך אריין יעדעס יאָר אין אי-דישן לאַנד און פאַרפירן מלחמות מיט די אידן. דער טויט פון אלישע. די שטעט וואָס זיינען צוגענומען געוואָרן פון בן הדד ביי יהואחז׳ן, קערן זיך צוריק צו זיין זון יואש. יואש קומט קיין ירושלים און ברעכט איין די פעסטונגען; רויבט אויס די אוצרות, נעמט מערערע קינדער אַלס משכון און ברענגט זיי קיין שומרון.

ג. קס״ד — 3164 — דער טויט פון יואש. ירבעם, זיין זון, ווערט קעניג. די נבואה פון יונה בן אמתי. ירבעם קערט צוריק דמשק און חמת צו די אידן. די נבואה פון עמוס.

ג. ר״ה — 3205 — דער טויט פון ירבעם. דאָס אידישע פאָלק פירט זיך אויף שלעכט. די פאַרשטאַרקונג פון אשור.

ג. רט״ז — 3216 — זכריה, ירבעם׳ס זון, ווערט קעניג; רעגירט זעקס חדשים. שלום בן יבש טויטעט אים און ווערט קע-ניג אויף זיין אָרט. מנחם בן גדי טויטעט

אים און ווערט קעניג אויף זיין אָרט. רעגירט 10 יאָר; גייט אין שלעכטן וועג. פּול, דער קעניג פון אשור, נעמט ביי מנחם׳ן טויזנט צענטנער זילבער אויף צו באַפעסטיקן מנחם׳ס רעגירונג.

**ג. ר״ל** — 3230 — דער טויט פון מנחם דורך פקח בן רמליהו און ער ווערט קעניג אויף זיין אָרט; פירט זיך שלעכט אויף; פאַראייניקט זיך מיט רצין, דער קעניג פון ארם, צו באַלאַגערן ירושלים. תגלת פלאסר האָט זיך איינגעבראָכן אין זיין לאַנד און פאַרטריבן די איינוואוינער פון די צפון און מזרח שטעט קיין אשור.

**ג. ר״נ** — 3250 — הושע בן אלה׳ס אויפשטאַנד; טויטעט פקח׳ן; ווערט קעניג אויף זיין אָרט.

**ג. רנ״ט** — 3259 — שלמנאסר, דער קעניג פון אשור, קומט אין זיין לאַנד, מאַכט אים אונטערטעניק און הושע ווערט זיין שקלאַף און צאָלט אים שטייערן.

**ג. רס״ב** — 3262 — הושע ווענדט זיך צו סוא, דער קעניג פון מצרים, ער זאָל אים באַפרייען פון דעם קעניג פון אשור. שלמנאסר ווערט אין צאָרן און וואַרפט אים אַריין אין געפענקעניש.

**ג. רס״ה** — 3265 — שלמנאסר גייט אויף שומרון און באַלאַגערט זי.

**ג. רס״ח** — 3268 — שלמנאסר נעמט איין שומרון, פאַרטרייבט די אידן קיין אשור, באַזעצט זיי אין די שטעט פון מדי. די ענדע פון מלוכת ישראל, וועלכע האָט געדויערט 241 יאָר.

## מלכי יהודה

**ג. רכ״ו** — 3226 — דער געבורט פון אחז, דער זון פון יותם.

**ג. ר״ל** — 3230 — דער טויט פון עוזיהו. יותם, זיין זון, ווערט קעניג. ישעיהו הנביא הויבט אָן זיינע נביאות.

**ג. רל״ז** — 3237 — דער געבורט פון חזקיהו, דער זון פון אחז. יותם בויעט אויף דעם אויבערשטן טויער פונם בית המקדש, מערערע שטעט, פּאַלאַצן און טורעמס; גרייפט אָן די בני עמון.

**ג. רמ״א** — 3241 — דער אָנפאַנג צייט־רעכענונג פון נבופלאסר, דער קעניג פון בבל.

**ג. רמ״ז** — 3247 — דער טויט פון יותם. זיין זון, אחז, ווערט קעניג אויף זיין אָרט; פירט זיך אויף שלעכט; ברענגט זיין זון פאַר א קרבן צום אָפּגאָט מולך; זיינע פיינט שטאַרקן זיך איבער אים. די שטאָט אילת ווערט צוריקגעקערט צו ארם. אחז דינגט די קעניגן פון אשור אים צו העלפן אין דער מלחמה קעגן ארם און פקח בן רמליהו, דער קעניג פון ישראל.

**ג. רמ״ט** — 3249 — תגלת פלאסר, דער קעניג פון אשור, גייט אויף דמשק. אחז גייט אים אַקעגן קיין דמשק; בויעט אויף פון זיין כבוד־וועגן א מזבח אין ירושלים, אויף דעם אָרט פונם מזבח אין דמשק; מאַכט פאַרשידענע רעפאָרמען אין דעם אויפבוי פונם בית המקדש און אויך אין גאָטעס־דינסט. מיכה המורשתי שטראָפט די כהנים און די שופטים. מלכות יהודה הויבט אָן צו זיין אונטערוואָרפן אונטער מלכות אשור.

**ג. רס״ב** — 3262 — דער טויט פון אחז. דער אָנהויב מלוכה פון זיין זון חזקיה; גייט אין גאָטס וועג; צעברעכט די במות און די אשרות; צעשטויסט די קופערנע שלאַנג צו וועלכער דאָס פאָלק פלעגט מקטיר זיין קטורת; דערמונטערט דאָס פאָלק צו זיין געטריי צו אַלע הייליקע טראַדיציעס; שלאָגט די פלשתים; רעוואָלטירט קעגן די קעניגן פון אשור. דאָס אי־

דישע פאָלק ווענדט זיך קיין מצרים נאָך הילף און פאַלגן ניט די וואָרנונג פון ישעיה, די הילף ניט צו בעטן. אשור לאָזט זיך אַרויס צו פאַרנעמען פילע לענדער; מאַכט צור און צידון חרוב; דעראָבערן אשדוד, נוא אמון און מצרים.

## די אַלגעמיינע אייניציקע אידישע מלוכה

**ג. רע״ה** — 3275 — תרהקה, דער קעניג פון כוש, פירט אַ מלחמה קעגן דעם קעניג פון אשור; דעראָבערט פיל שטעט. חזקיה באַפעסטיקט ירושלים; פאַרשטאָפּט די קוואַלן; מאַכט אַ וואַסער־באַסיין צווישן די מויערן; שיקט שוחד צו סנחרב, דעם קעניג פון אשור, ער זאָל זיך צוריק־ציען פון זיין לאַנד. סנחרב זאָגט זיך אָפּ, וויל ניט אויספאָלגן זיין בקשה. די רעוואָ־לוציע פון שבנא קעגן חזקיה. סנחרב שיקט זיינע קנעכט קיין ירושלים צו באַ־ליידיקן דעם קעניג חזקיה און צו לעסטערן דעם אידישן גאָט. די מגפה אין אשור׳ס מיליטער־לאַגער, ווי די פאָראויסגעזאָגטע נבואה פון ישעיה.

**ג. רע״ז** — 3277 — די קרענק פון חזקיה און זיין רפואה.

**ג. רע״ח** — 3278 — מראדך בלאדן, דער קעניג פון בבל, שיקט צו חזקיה בי־כער און פאַרשידענע מתנות.

**ג. ר״פ** — 3280 — דער געבורט פון מנשה, דער זון פון חזקיה. די קינדער פון שבט שמעון שלאָגן די עמונים און באַזעצן זיך אין זייערע שטעט; אַ טייל פון זיי לאָזט זיך צום הר שעיר, שלאָגן דעם רעשט פון עמלק און באַזעצן זיך דאָרט.

**ג. רצ״ב** — 3292 — חזקיה גליקט אין אַלע זיינע מעשים. זיין טויט. דער אָנהויב מלוכה פון זיין זון מנשה. מצרים ווערט איבערגעגעבן אין די הענט פון גרויזאַמע מלוכה־פירער און אַ באַרבאַרישן קעניג.

**ג. רצ״ג** — 3293 — סנחרב׳ס קינ־דער דערמאָרדן זייער פאָטער. אסר חדון, סנחרב׳ס זון ווערט קעניג. דער קעניג פון אשור ברענגט מענטשן פון בבל, כותה און אַנדערע לענדער און באַזעצט זיי אין די שטעט פון שומרון און באַקומען דעם נאָ־מען שומרונים אָדער כותיים. מנשה פירט זיך שלעכט אויף; ער בויעט ווידער אויף די במות אין די בעל׳שע הייזער; שטעלט אריין אַ אשרה־בילד אין גאָטס־הויז; ברענגט זיין זון אַ קרבן צום אָפּגאָט מולך; פאַרגיסט אומשולדיק בלוט אין די גאַסן פון ירושלים. די בני עמון און מואב פאַר־שפּרייטן זיך איבער די מזרח שטעט, אין דעם געגנט גדי און דעראָבערן זיי. די מלוכה פון מצרים פאַרשטאַרקט זיך; דער קעניג מאַכט זיין רעזידענץ אין מוף.

**ג. שכ״ה** — 3325 — דער געבורט פון אמון, דער זון פון מנשה. אַ הויפּטמאַן פון אשור פאַנגט מנשה׳ן, שמידט אים אין קייטן. מנשה קערט זיך צוריק קיין ירושלים.

**ג. שמ״א** — 3341 — דער געבורט פון יאשיהו, דער זון פון אמון.

**ג. שמ״ז** — 3347 — דער טויט פון מנשה. דער אָנהויב מלוכה פון אמון. דער קעניג צוזאַמען מיטן פאָלק פירן זיך אויף שלעכט.

**ג. שמ״ט** — 3349 — דעם קעניג אמון׳ס קנעכט טויטן דעם קעניג אמון. דאָס פאָלק מאַכט פאַר אַ קעניג יאשיהו, וועלכער רעגירט אַכט יאָר.

**ג. שנ״ה** — 3355 — דער געבורט פון אלוקים, דער זון פון יאשיהו.

**ג. שנ״ז** — 3357 — דער געבורט פון יהואחז, דער זון פון יאשיהו.

**ג. שס״א** — 3361 — דער אָנפאַנג נבואות פון ירמיהו און זיינע שטראַף־רייד. די באַפעסטיקונג פון בבל דורך נבופלאסר; זיין דעראָבערן די שטאָט נינוה. די ענדע פון דער אשור׳דיקער מלוכה. די נבואות פון נחום האלקושי און צפניה. יאשיהו גייט אין גוטן וועג.

**ג. שס״ו** — 3366 — יאשיהו רוימט אויס אַלע במות און די בעלים פון יהודה און פון די שטעט פון שומרון; פאַרטרייבט די כהנים פון די במות, צעשמעטערט די מצבות און רייניקט גאָטס הויז; פאַר־שטאַרקט די רואינירטע ערטער אין בית המקדש. חזקיהו דער כהן האָט געפונען אַ ספר תורה אין גאָטס הויז. דער קעניג שליסט אַ הייליקן בונד מיט די עלטסטע פון יהודה אין ירושלים, צו גיין אין גוטן וועג.

**ג. שס״ז** — 3367 — געמאַכט דעם ערשטן פסח, אין דער צייט פון די שופטים.

**ג. ש״ע** — 3370 — דער געבורט פון צדקיהו (מתניה), דער זון פון יאשיהו.

**ג. שע״ג** — 3373 — דער געבורט פון יהויכין, דער זון פון אליקים.

**ג. ש״פ** — 3380 — פרעה נכה, דער קעניג פון מצרים, נעמט איין עזה; מאַכט אַ מאַרשרוט קיין אשור, דורכן לאַנד פון יהודה. יאשיהו גייט אַקעגן אים; ווערט געטויטעט פון פרעה נכה. ירמיהו באַ־קלאָגט אים. דאָס פאָלק מאַכט יהואחז׳ן פאַר אַ קעניג. יהואחז פירט זיך אויף שלעכט; נאָך דריי מאָנאַט פון זיין קעניגן, רייסט זיך אַריין פרעה נכה אין ירושלים, שמידט אים אין קייטן און ברענגט אים קיין מצרים; לייגט אַרויף אַ גרויסע קאָנ־טריבוציע אויפן לאַנד. דער קעניג פון מצרים באַשטימט אליקים׳ן פאַר אַ קעניג און פאַרבייט זיין נאָמען אליקים אויף יהויקים. יהויקים באַשטייערט דאָס פאָלק אויף צו דעקן די קאָנטריבוציע. יהויקים פירט זיך שלעכט אויף; לאָזט טויטן אוריהו בן שמעיהו פאַר זיינע שלעכטע נביאות וועגן אים.

**ג. שפ״ג** — 3833 — פרעה נכה גייט אַקעגן נבוכדנצר, קעניג פון בבל. נבוכדנצר דערשלאָגט אים. נבוכדנצר הערשט אין בבל און מצרים. די נזירות פון די בני הרכבים. דאָס פאָלק פאַרמערט צו זינדיקן. ירמיהו ווערט אַריינגעוואָרפן אין תפיסה, כדי ער זאָל ניט קענען פאַר־זעצן זיינע נביאות; ברוך בן נריה שרייבט אויף ירמיהו הנביא׳ס נביאות.

**ג. שפ״ה** — 3385 — ברוך בן נריה לייענט ירמיהו׳ס רייד אין תשעה באב. דער קעניג פאַרברענט די אָנגעשריבענע מגילה.

**ג. שפ״ז** — 3387 — נבוכדנצר גייט אויף יהויקים׳ן; פאַרשקלאַפט אים אויף דריי יאָר.

**ג. שפ״ח** — 3388 — דער געבורט פון דריוש המדי.

**ג. ש״ץ** — 3390 — דער אויפשטאַנד פון יהויקים קעגן מלך פון בבל. דאָס מי־ליטער פון די כשדים, ארם און מואב רייסט זיך אַריין אין יהודה צו פאַרניכטן דאָס לאַנד.

**ג. שצ״א** — 3391 — דאָס אַרימ־קייט פון מצרים. דער קעניג פון בבל שמידט יהויקים׳ן אין קייטן, פירט אים אוועק צוזאַמען מיט אַלע כלים פונם בית המקדש קיין בבל. די מלוכה פון יהויכין, יהויקים׳ס זון; ער רעגירט דריי מאָנאַט מיט דריי טעג. ירושלים ווערט באַלאַגערט,

יהויכין גייט אַרויס אין מלחמה קעגן דעם מלך פון בבל. דער קעניג פון בבל נעמט אים געפאַנגען צוזאַמען מיט זיין מוטער און זיינע פרויען, ווי אויך אַדעליקע פון פאָלק אין דער צאָל פון צען טויזנט, קריגס־מענער אין דער צאָל פון זיבן טויזנט מאַן און פאַרטרייבט זיי קיין בבל; פּלינדערט אויס אַלע אוצרות פונם בית המקדש און פונם קעניגס הויז; נעמט אויך געפאַנגענע פונם פעבל, דריי טויזנט מיט דריי און צוואַנציק מאַן. דער קעניג פון בבל דערקלערט מתניה, יאשיהו׳ס זון, פאַר אַ קעניג איבער יהודה און לאָזט אים רופן צדקיהו. צדקיהו פירט זיך אויף שלעכט. די נבואה פון חבקוק.

**ג. שצ״ה** — 3395 — די נביאות פון די פאַלשע נביאים — ווי אין די צייטן פון אחאב — צדקיהו און שמעיהו הנהלמי. די פאַרשטאַרקונג פון דער עגיפּ־טישער רעגירונג אין דער צייט פונם קע־ניג פּרעה הפרע.

**ג. שצ״ו** — 3396 — די נבואה פון יחזקאל בן בוזי.

**ג. ת״** — 3400 — דער אויפשטאַנד פון צדקיהו קעגן מלך פון בבל, ניט אין אַכט נעמענדיק די וואָרנונג פון ירמיהו הנביא דעם אויפשטאַנד ניט צו מאַכן. דער קעניג פון בבל באַלאַגערט ירושלים. ירמיהו אַגיטירט צו מאַכן שלום מיטן מלך בבל.

**ג. ת״א** — 3401 — די מלוכה־פירער אַרעסטירן ירמיהו׳ן און וואַרפן אים אריין אין אַ גרוב. עבד מלך הכושי נעמט אים פון דאָרט אַרויס אין געהיים אויפן באַ־פעל פונם קעניג. דאָס מיליטער פון פּרעה קומט צוהילף די אידן און ווערט אינ־גאַנצן צעשלאָגן.

**ג. ת״ב** — 3402 — ירושלים פאַלט פאַר די כשדים. צדקיהו, דער קעניג, ווערט אַרויסגעפירט קיין רבלה; זיינע קינדער ווערן געקוילעט פאַר זיינע אויגן; ער ווערט, נאָכדעם ווי מען שטעכט אים אויס די אויגן, אַוועקגעפירט קיין בבל. די כשדים פאַרברענען דאָס בית המקדש, דאָס קעניגלעכע הויז, די שענסטע הייזער און מויערן פון ירושלים. שריה, דער עלטסטער כהן צוזאַמען מיט איין און זי־בעציק מאַן פון די פאַרנעמסטע פונם פאָלק, ווערן דער׳הרג׳עט אין רבלה. יהודה ווערט פאַרטריבן פון (איר) לאַנד... די ענדע פון דער מלוכה און דער אָנהויב פונם גלות בבל. דער קעניג פון בבל באַ־שטימט גדליהו בן אחיקם פאַר אַ גובער־נאַטאָר איבער דער אָרימער מאַסע וואָס איז פאַרבליבן אין לאַנד. די נבואה פון ירמיהו צו יענער צייט. די אַנטרינענע שרים און אויך די אידן, וועלכע האָבן זיך פריער באַזעצט אין מואב, בני עמון, אדום און אין אַנדערע ערטער, קערן זיך צוריק קיין ירושלים אונטער גדליהו׳ס הערשאַפט. ישמעאל בן נתניה פון דער קעניגלעכער פאַמיליע, אייפערט גדליהו׳ן, ווערט באַאויפטראַגט פון בעלים, דער קע־ניג פון די בני עמון, צו דערשלאָגן גדליהו׳ן. ישמעאל בן נתניה דערשלאָגט גדליהו׳ן צוזאַמען מיט די אידן און די כשדים וואָס זיינען געווען מיט אים; נעמט פילע געפאַנגענע. יוחנן בן קרח פאַרפאָלגט אים און באַפרייט די געפאַנ־גענע. ישמעאל אַנטלויפט מיט אַכט מענטשן צו די בני עמון. יוחנן בן קרח ברענגט די באַפרייטע אידן קיין מצרים; נעמט ניט אין אַכט די ווערטער פון ירמיהו, וועלכער פאַרווערט אים צו פירן זיי קיין מצרים. דער קעניג פון בבל לאָזט

זיך גיין מלחמה האלטן מיט מצרים.

ג. ת"ה — 3405 — דער קעניג פון בבל גייט אויף צור און באלאגערט זי; צעשטערט די שטעט פון מצרים און אונ־טערדריקט די אידן, וועלכע זיינען אנט־לאפן אהין.

ג. ת"ו — 3406 — דער קעניג פון בבל פאריאכט די בני עמון און מואב.

ג. ת"ז — 3407 — דער קעניג פון בבל פארטרייבט זיבן הונדערט פינף און פערציק מאן פון יהודה קיין בבל; קלויבט אוים פון די קינדער וואס שטאמען פון דער קעניגלעכער פאמיליע די מער פאר־שטאנדיקע, באפעלט צו לערנען זיי די קאלדעאישע וויסנשאפט און די שפראך. נבוכדנצר באפעסטיקט זיך אין זיין הער־שאפט, לאזט מאכן א גאלדענעם צלם און באפעלט צו בוקן זיך צו דעם.

# א היסטארישער איבערבליק איבער דער ביז אהער געשריבענער כראנאלאגיע, פון בריאת העולם ביז דעם חורבן בית ראשון.

מיר וועלן דורכלאזן די צוואנציק דורות, לויט דער ביבלישער פאר־צייכנטער כראנאלאגיע, וואס האבן א מינדערוויכטיקן ווערט צום הויפט־ציל, וועלכן מיר זיינען אויסן געווען צו שטעלן מיט דער כראנאלאגיע; א כראנאלאגיע ניט נאר פון טרוקענע, סתם פארצייכנטע יארן, וואס האבן קיין שום שייכות ניט מיטן גורל פונם אידישן פאלק, נאר אזעלכע וואס אין יעדן דאטום פון דערזעלבער, שפיגלט זיך אפ פארשידענע געשעענישן, מער טרויעריקע ווי פריילעכע; א כראנאלאגיע אין וועלכער עס שפיגלט זיך אויך אפ דער קולטורעלער שטאנד פון דעם אידישן פאלק, וואס האט זיך אנגעהויבן צו באווייזן אין דער צייט ווען אנדערע, גרעסערע, שטאר־קערע און רייכערע פעלקער, זיינען געשטאנען אויף א ביז גאר נידעריקער מדרגה, פארזונקען אין זומפ פון דומהייט און זיך נאר אויסגעצייכנט מיט שמוציקע ליידנשאפטן און בארבארישע העלדנטאטן.

גאנץ קליין און ארים איז דאס אידישע פאלק געווען. גאנץ קליין איז אויך דאס אידישע לאנד געווען, קעגן די לענדערייען וואס אנדערע פעלקער האבן פארמאגט. אידן האבן זיך צופרידנגעשטעלט מיט א מקום מנוחה אין וועלכן זיי זאלן געניסן פון דער פרייהייט פון וועלכער זיי זיינען פון איר געראבט געווען אין א משך פון הונדערטער יארן, און האבן ניט געזוכט דורך שטורם, דראנג און בלוט־פארגיסונג, צו פארגרעסערן זייער

לאַנד. נישט צופרידן זיינען געווען דעם פאָלקס נביאים, אפילו פון דער בלוט-פאַרגיסונג וואָס איז געקומען כדי צו פאַרטיידיקן זיך קעגן שונא. „דם רב שפכת" — דונערט דער נביא — ענטפערנדיק דעם קעניג דוד, אויף זיין פאַרלאַנג צו בויען דאָס בית המקדש, — און דו האָסט ניט דאָס רעכט צו בויען. און דאָך, ווי קליין דאָס פאָלק איז געווען, וואָס פאַר אַ קליין לאַנד עס האָט פאַרמאָגט, איז דער איינפלוס פון דעמזעלבן אָן אַן ערך גרעסער געווען, ווי דער איינפלוס פון די אַלע אין אַזיע זיך געפונענדיקע פעלקער. ס'איז געוואָרן דער ערשטער קולטור-קוואַל, פון וועלכן די פעלקער האָבן געשעפּט.

קולטורעל דערצויגן איז אויך דאָס אידישע פאָלק געווען דערמיט, וואָס זיין היסטאָריע איז געווען אַ געשריבענע, אין דער צייט ווען אַלע היינטיקע ציוויליזירטע פעלקער האָבן נאָך דעמאָלט פון שרייבן ניט געוואוסט. דאָס אידישע פאָלק האָט שוין פאַרשטאַנען צו שרייבן זיין געשיכטע ביז „בריאת העולם" ניט מיט היעראָגליפישע שריפטן, וועלכע זיינען נאָר פאַרשטענדלעך צו יחידי סגולה און אויך ניט פאַרנעפּלדיקע און מבולבלדיקע, נאָר דייטלעכע, פון יחוס-משפחה'דיקע שריפטן, איבערגעגעבענע. און די זעלבע — מיט אין זיי אַריינגעוועבטע „אגדות", וואָס האָבן אַ היסטאָרישן ווערט און אַ אויסערלעכעם פשטות'דיקעם אויסזעען, און איבער אַלעם, אויך דערמיט וואָס די אַלע ספורים, זיינען טויזנטער יאָרן פאַרבליבן ווי באַזונדערע אייגנשאַפטן, געגעבענע פון דער השגחה צו דעם אידישן פאָלק, — זיינען נאָכדעם איבערגעגעבן געוואָרן צו אַנדערע פעלקער.

דער דייטשער פּאָעט און פילאָזאָף הערדער, זאָגט וועגן די ספורים די פאָלגנדע ווערטער: „עס איז באמת וואונדערלעך, וואָס די ספורים פון אַנדערע פעלקער וועגן דער היסטאָריע פונם אידישן פאָלק, אממיינסטן די שריפטן פון דעם עגיפּטער מאַנעטהאָ, זיינען גאַניץ אונטערשידן פון די אידישע, אָבער ווען מיר קוקן אויף די לעצטע מיט אַ טיפערער באַאָבאַכטונג, און מיר פאַרטיפן זיך צו אַנאַליזירן זיי און שטודירן זייער כאַראַקטער, דאַן וועלן מיר די אידישע ספורים באַלד דערקענען, טראָץ זייער לעגענדאַרישקייט, אַלס צוגעפּאַסטע און צוגענגלעכע צום אידישן גייסט און אידישן כאַראַקטער; און די, פון זייערע שונאים, געשריבענע וועגן זיי, אַלס פאַלשע און בייזוויליקע".

און אַזוי זעען מיר אין די מסורה'דיקע דערציילונגען פון די אוראַלטע

אידן, אַז דער ערשטער שטאָם־פאָטער זייערער איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון די נאָמאַדן, וואָס האָבן זיך באַזעצט — נאָכן איבערגיין דעם טייך פּרת — אין לאַנד כּנען. דאָס לאַנד האָט פיל חן געפונען אין די אויגן פונם שטאָם־פאָטער, קענען דאָרט דינען דעם גאָט וואָס ער האָט אנערקענט, ניט געשטערט פון קיינעם. נאָך פיל אומאַנגענעמע געשעענישן איז דער דריטער דור געווען געצוואונגען צו נידערן קיין מצרים, און כּדי זיך ניט צו אַסימילירן מיט די עגיפּטער, האָבן זיי אויך דאָרט געלעבט אַ הירטן לעבן, און ווייל די קאסטע איז זייער פאַרהאסט געווען בּיי די אַנדערע צוויי מיוחס׳דיקע קאסטעס: די עגיפּטישע אַדעליקע און די גייסטלעך־שריפט־געלערנטע, האָט מען זיי אויף אַ באַרבאַרישן אופן פאַרפאָלגט. פיל דורות זיינען זיי דאָרט שקלאַפן געווען, בּיז דער וואונדערבאַרער און געט־לעכער געזעצגעבער האָט זיי פון דאָרט באַפרייט, אַרויסגעפירט זיי אין דער אַראַבּישער וויסטע, און דאָרט האָט ער, דער גרעסטער פון אַלע גרויסע וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט, דערגענצט זיין אונטערגענומענע אַרבעט: געבן זיי וואונדערבאַרע געזעצן, צוזאַמענגעוועבטע פון מאָראַלישע און שטאַטלעכע פעדים. אויף דעם אָרט האָט זיך דאָס פאָלק איינגעאָרדנט, דיסציפּלינירט אויפן שענסטן אופן און זיך דערווייטערט פונם לעבן, סיי מאָראַליש און סיי פיזיש, וואָס זיי האָבן געלעבט אין עגיפּטן.

אַלע געזעצן פונם געזעצגעבער — זאָגט הערדער — פון די קליינע בּיז די גרויסע, זיינען פון אים פאַרפאָלקאָמט געוואָרן, און אויף אַ וואונ־דערלעכן אופן צוגעפּאַסטע צום כאַראַקטער פון דעם אידישן פאָלק, און פאַרשטאַנען האָט דער גרעסטער פון אַלע גרויסע, אַז די עקזיסטענץ פונם פאָלק הענגט אָפּ אין דעם אויספאָלגן די געגעבענע תורה. און דעריבער האָט ער דאָס פאָלק באַשוואוירן פאַרן טויט ס׳זאָל היטן און אויספאָלגן אַלעס וואָס די תורה האָט פאַרזאָגט, סיי אין מאָראַלישן און סיי אין שטאַטלעכן זין, אין דער צייט ווען עס וועט אַריינקומען אינם לאַנד פון זיינע אבות, אין לאַנד כּנען.

פערציק יאָר האָט ער כּסדר זיך באַמיט איינצואוואָרצלען אין די הערצער פונם פאָלק, די תורה׳שע, מאָראַלישע געזעצן; לײדער, אָבער, האָבן זיך די וואָרצלען ניט אָנגענומען אין די הערצער פונם עלטערן דור, פון די יוצאי מצרים. צו האַרט זיינען די הערצער געווען. און מיאש געווען האָט זיך דער גרעסטער פון אַלע גרויסע, פון דעם קשי עורף׳דיקן

דור און זיך פֿאַרנומען צו דערציִען דעם נייעם דור, די קינדער; און ס׳איז אים געלונגען צו דערציִען די קינדער אויפֿן ריכטיקן און נויטיקן וועג, וואָס עס פֿאָדערט זיך פֿאַר אַ פֿאָלק וואָס דאַרף פֿירן אַ שטאַטלעך לעבן, און געגרייט האָט ער זיך מיט דעמזעלבן דור אַריינצוקומען אין לאַנד אַריין. ער האָט עס אָבער ניט זוכה געווען. די צרות וואָס ער איז אויסגעשטאַנען פֿון דעם אַלטן דור האָבן אים פֿאַר דער צייט אַלט געמאַכט, ווען אויך דער גייסט האָט אין אים אָנגעהאַלטן מיט דער זעלבער פֿרישקייט פֿון דער יוגנט ביז דעם לעצטן מאָמענט פֿון זיין לעבן: לא כהתה עינו ולא נס לחו, זיין גייסטיק אויג איז ניט פֿאַרטונקלט געוואָרן און זיין גייסטיקער זאַפֿט איז ניט פֿאַרשוואונדן ביז דעם לעצטן אָטעם-צוג זיינעם, און ווען זיין נאָכפֿאָלגער, זיין גייסטיקער יורש, יהושע, האָט איבערגענומען דאָס פֿירערשאַפֿט און אַריינגעפֿירט דאָס פֿאָלק אין לאַנד, האָט אים געפֿעלט די גייסטיקע קראַפֿט און דאָס מוטיקע האַרץ צו זיין אימשטאַנד אויסצופֿאָלגן און פֿאָרזעצן די אַרבעט אויף דעם וועג וואָס דער רבי זיינער האָט פֿאַר אים אָנגעצייכנט. נישט דעראָבערט דאָס לאַנד ביז דעם גרעניץ וואָס דער מחוקק האָט פֿאַר אים אָנגעצייכנט. זיי האָבן צוטיילט דאָס לאַנד וואָס זיי האָבן צוערשט איינגענומען און זיך צופֿרידנגעשטעלט צו פֿאַרבלייבן מיט קליינע שטחים. נישט אַלע אָבער זיינען מיט קליינע שטחים פֿאַרבליבן. די שטאַרקערע און גרעסערע — אין צאָל מענטשן — שבטים, האָבן פֿאַר זיך גענומען גרויסע טיילן פֿונם — פֿון זיי — איינגענומענעם לאַנד און פֿאַר די קלענערע און שוואַכערע איז געבליבן גאַנץ קליינע חלקים, וועלכע האָבן פֿאַרשאַפֿט די איינוואוינער אַ אומבאַקוועמלעכקייט. איין שבט — שבט דן — איז ביים טיילן גאָר אינגאַנצן אָן לאַנד געבליבן. אַ דאַנק דעם זיינען אין לאַנד פֿאַרבליבן מערערע קליינע פֿעלקער אויף זייער ערד, און אָט די קליינע פֿעלקער האָבן כּסדר געלויערט צוצונעמען ביים אידישן פֿאָלק, דאָס שוין דעראָבערטע לאַנד. און אַזוי ווי דעם לאַנד האָט געפֿעלט די באַשטימטע פֿונם מחוקק, אָנגעוויזענע גרעניצן וואָס ער האָט אויף אַ קלוגן סטראַטעגישן אופֿן אָנגעצייכנט, זיי זאָלן דינען אַלס אַ פֿעסטונג פֿאַרן לאַנד, האָט דאָס פֿאָלק ניט געקענט פֿאַרבלייבן רואיק און פֿאַרזיכערט. זיינע שופֿטים, וועלכע זיינען אויך געווען זיינע קריגס-פֿירער, פֿלעגן פֿון צייט צו צייט עם פֿאַרטיידיקן

קעגן זיינע פיינט און מאנכע מאָל אויך אָפּרייסן פון די אַרומיקע שכנים, גאַנץ אומבאַדייטנדע טעריטאָריעס.

ווען דאָס פאָלק איז געבליבן אונטער דער הערשאַפט פון אַ מאָנאַר־כיע, האָט זיך אין לאַנד גופא געשאַפן אַ אומאָרדנונג. און דאָ װעלן מיר אויספירלעך באַשרייבן די עפּאָכע פון די מלכים, לויט די ביב־לישע היסטאָריע. מיר װעלן דורכלאָזן די ממשלה פון די ערשטע דריי קעניגן: שאול, דוד און שלמה, אין װעמענס צייטן דאָס פאָלק — װאָס האָט אַזוי געצאַפּלט נאָך אַ קעניג — איז גאָרניט אַזוי צופרידן געװען. שאול, דער ערשטער קעניג, איז באַלד אין די ערשטע יאָרן פון זיין רע־גירונג מעלאַנכאָליש געװאָרן, און זיין איינציקער געדאַנק איז געװען זיך נוקם זיין אין זיין — װי ער האָט געגלויבט — געפערלעכן שונא, דוד, װעלכן ער האָט געהאַלטן פאַרן פּרעטענדענט אויף זיין קעניגלעכער שטול. דער צווייטער קעניג, דוד, אויף װעמען דאָס פאָלק האָט געלייגט האָפ־נונגען, אַז עס װעט אין זיינע צייטן לעבן רואיק, אין זינען האָבן צו פאַר־בעסערן זיין עקאָנאָמישע לאַגע דורך פרידלעכן האַנדל און פאַרזיכערטע ערד־אַרבעט, איז פון אים אויך אַנטוישט געװאָרן. דער קעניג האָט דעם פאָלקס גליק געפונען אין די זיגרייכע מלחמות, פון װעלכע ניט נאָר דאָס פאָלק, נאָר אויך דער נביא איז ניט צופרידן געװען. אין די צייטן פון שלמה, איז דאָס פאָלק װירקלעך רואיק געװען, ניט געװאוסט פון מלחמות; אָבער װאָס פאַר אַ װערט האָט אַזאַ רו געהאַט, װען מען האָט אויף דעם אַרויפגעלייגט אומדערטרעגלעכע שטייערן.

נאָכן טויט פון שלמה, איז דאָס פאָלק ביז גאָר פאַראָרעמט געװאָרן דורך דער שולד פון דעם לייכטזיניקן קעניג רחבעם. און דאָס האָט גורם געװען צו דער רעװאָלוציע װאָס האָט אויסגעבראָכן, און ס׳איז מיט איין־מאָל צעשטערט געװאָרן דאָס, װאָס אפילו די דריי קעניגן האָבן אויפגעטון פאַרן פאָלק. דער בונד װאָס שלמה האָט געשלאָסן מיט די עגיפּטישע קע־ניגן, האָט אָנשטאָט צו פאַרבעסערן די פינאַנציעלע לאַגע פונם פאָלק, געפירט אַז דאָס פאָלק זאָל אין די זעלבע שלעכטע װעגן פון די עגיפּטער גיין. רחבעם, דער זון פון דער „עמונית״, איז געגאַנגען אין דעמזעלבן װעג פון זיין מוטער: „וגם קדש היה בארץ, עשו ככל תועבות הגויים״. אויסגעלאַסנקייט האָט געהערשט אין לאַנד. שישק, דער קעניג פון עגיפּטן, האָט אין אַכט ניט גענומען דעם פרידנס־בונד װאָס שלמה האָט מיט

עגיפטן געשלאָסן און דעראָבערט ירושלים; צוגענומען די קאָסטבאַרע זאַכן וואָס שלמה האָט געמאַכט וועגן גאָטס הויז. די קראַפט פונם פאָלק איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דורך דעם ברידער־קריג. די נביאים, וועלכע האָבן געלייגט האָפנונג אויף די מלכי ישראל (איינער פון זיי — אחיה השלוני — האָט דעם ערשטן קעניג ירבעם צוגעטיילט ניט ווייניקער פון צען שבטים) זיינען אַנטוישט געבליבן.

ירבעם, צוריקקערנדיק זיך פון עגיפטן האָט מיטגעבראַכט מיט זיך די גאָלדענע קעלבער און זיי באַשטימט פאַר געטער. און די מי וואָס די נביאים האָבן זיך געגעבן אויסצובעסערן דעם גייסטיקן שטאַנד פונם פאָלק, האָט קיין גוטע פאָלגן ניט געהאַט. די ממלכת ישראל איז אַלץ טיפער און טיפער געזונקען אין פאַרדאָרבנקייט, ניט געוואוסט פון קיין תורה, פון קיין מאָראַל, געדינט פרעמדע געטער, כדי זיך ניט אָנקערן, און איינגאַנצן זיך דערווייטערן פון מלכות יהודה. קיין איינציקער קעניג פון מלכי ישראל האָט ניט דערלויבט קיינעם פונם פאָלק צו גיין קיין ירושלים און זיך באַמיט נאָכצוטון און נאָכאַמען אַלע אויפפירעכצן, אַלע מנהגים פון די יידנישע פעלקער. און ס׳איז געשען דאָס, וואָס די נביאים האָבן פאָראויסגעזען. געקומען איז דער קעניג פון אשור און האָט דאָס לאַנד, וואָס איז ווי א פאַרלאָזטע נעסט געווען, פאַר זיך דעראָבערט און די עשרת השבטים פאַרטריבן, אָט די עשרת השבטים פון וועלכע, ווען זיי ווערן ניט פאַרטריבן אויף ניט צוריקצוקערן זיך מער, וואָלט דאָס אידישע פאָלק אין די הונדערטער מיליאָנען זיך געציילט...

דער גורל פון דער צווייטער מלוכה, מלכות יהודה, האָט זיך אויך ניט בעסער אויסגעלאָזט, ווי דער גורל פון ממלכת ישראל. געציילטע יאָרן פון כלומרשטע רו, האָט עס לענגער געדויערט. געקומען איז נאָך א שטאַרקערער קעניג ווי דער פון אשור, דער בבל׳אַנישער נבוכדנצר. צום ערשטן אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערן אויפן לאַנד, נאָכהער, ווען דער לעצטער קעניג האָט אין אים מורד געווען, איז ער איבערגעפאַלן דאָס לאַנד, חרוב געמאַכט עס און יהודה איז פאַרטריבן געוואָרן, אויף דעם זעלבן שענדלעכן אופן ווי די ממלכת ישראל, דורכן קעניג פון אשור. און ס׳איז לייכט צו פאַרשטיין די אמת׳ע סבה פונם פאַלן פון די צוויי מלוכות. קעניגרייכן וואָס פירן זיך אויף מיט דער גרעסטער אומאָרדנונג, סיי אינערלעך, סיי אויסערלעך, קאָנען בשום אופן ניט עקזיסטירן. דער

דריטער קעניג, שלמה, מיט דעם גרעסטן כבוד וואָס ער האָט געהאַט די ערשטע צייט, איז עס נאָר געווען אַ דאַנק זיין חכמה וואָס ווערט אים צוגעשריבן. ער האָט אָבער מיט זיין חכמה און מיטן פרידלעכן לעבן מיט די שכנישע פעלקער, ניט געקענט, אָדער ניט אין אַכט גענומען, צו באַפעסטיקן דאָס לאַנד. געלעבט אויפן חשבון פונם פאָלק אַ ביז גאָר רייך לעבן... געהאַט פיל פרויען פון פרעמדע פעלקער, געפירט דעם האַנדל ניט דורך זיינע ברידער, נאָר דורך די אדומים. דאָס האָט געבראַכט דאָס לאַנד צו רואינירונג. משה'ס תורה איז געוואָרן אַ עול פאַרן פאָלק, ניט אַ תורה פון פרייהייט און אומאָפהענגיקייט, און די ממלכת כהנים האָט געהערשט איבער די ממלכת העם, און ס'איז געשעען דער ערשטער חורבן און דער צווייטער גלות.

**ג. ת"ז** — 3407 — דניאל, חנניה, מישאל און עזריה, פאַלגן ניט אוים דעם קעניגס באַפעל. זיי ווערן געראַטעוועט פונם קאַלך־אויוון, און דניאל פונם לייבן-גרוב. די נחמות פון די נביאים און די זעאונג פון יחזקאל.

**ג. תי"ח** — 3418 — נבוכדנצר גיט אויף די באַלאַגערונג פון צור נאָך פיל צייט פון באַלאַגערן זי.

**ג. תכ"ז** — 3427 — דער טויט פון נבוכדנצר און די מלוכה פון אויל מרודך, זיין זון. אויל מרודך באַפרייט יהויכין פונם געפענקעניש און טוט מיט אים פיל טובות.

**ג. תכ"ט** — 3429 — די מלוכה פון נרגלסר אין בבל און פון כורש אין פרס (פּערסיע).

**ג. תל"ד** — 3434 — די מלוכה פון בלשאצר איבער בבל.

**ג. ת"ם** — 3440 — כורש דער־שלאָגט דעם קעניג פון לוד.

**ג. תמ"ח** — 3448 — די ענדע פון דער בבלישער מלוכה. דאַריוש המדי און כורש הפרסי, שלאָגן דאָס בבלישע מיליטער און באַלאַגערן בבל. די אידישע האָפנונג זיך צו באַפרייען, ווערט מקוים. כורש באַפעסטיקט זיין מלוכה; ער דעראָבערט צור און צידון און אונטער־יאָכט זיי.

**ג. ת"נ** — 3450 — דאָס מיליטער פון פרס און מדי האַלט אָפּ אַ פאָלקאָ־מענעם זיג איבער בבל. בלשאצר ווערט דערשלאָגן. די מלוכה פון בבל פאַלט. דריוש ווערט קעניג אין בבל.

**ג. תנ"ב** — 3452 — כורש ווערט קעניג איבער די לענדער פרס און מדי; ער דערלויבט די אידן זיך צוריקקערן אין זייער לאַנד און אויפבויען דעם בית המקדש. זרובבל בן שאלתיאל, פון דער דינאַסטיע פון יהויכין און ישוע בן יהוצדק, פון דער דינאַסטיע פון שריה, צוזאַמען מיט צוויי און פערציק טויזנט

מאַן קערן זיך צוריק פון בבל קיין ירושלים, נעמען מיט די כלים פון גאָטס הויז, וואָס נבוכדנצר האָט געבראַכט קיין בבל. די שמרונים פאַרלאַנגען אנטיילצו־נעמען אינם אויפבויען דעם בית המקדש, די אידן אַנטזאָגן זיי. די שמרונים פאַר־ראַטן די אידן צו כורש. דאָס אויפבויען ווערט אָפּגעשטעלט. די נבואה פון עובדיה.

**ג. תנ״ט** — 3459 — דער טויט פון כורש. דער אנהויב מלוכה פון אחשורוש (קאמביזעס), זיין זון. די שמרונים גיבן אָן אַ מסירה אויף די אידן.

**ג. תס״ג** — 3463 — מצרים פאַלט אַרונטער אונטער פרס (פערסיע).

**ג. תס״ו** — 3466 — די מלוכה פון ארתחששתא (אַרטאַקסערקסעס). די שמרונים גיבן אָן דאָס צווייטע מאָל אַ מסירה אויף אידן.

**ג. תס״ז** — 3467 — דער אָנהויב פון דריוש'ס מלוכה; ער גיט אַ דערלויי־בעניש פאָרצוזעצן דעם בנין הבית; גיט אַרויס פון דער קעניגלעכער קאַסע די געלט־קאָסטן, אויף צו ענדיקן דעם בנין און אויך אויף צו קויפן די נויטיקע קרבנות; נעמט ניט אין אַכט די מסירה פון די שמרונים. זרובבל ווערט באַשטימט אַלס גובערנאַטאָר איבער דעם אידישן לאַנד; חגי און זכריה דערמוטיקן אים, וואָס שנעלער צו ענדיקן דעם בנין הבית.

**ג. תס״ח** — 3468 — די הבטחה פון זכריה הנביא, אַז ירושלים וועט פון גאָט געהיט ווערן.

**ג. תס״ט** — 3469 — דאָס אָפּשאַ־פונג פון די אָנגענומענע פאַסט־טעג מיט דער צושטימונג פון זכריה.

**ג. תע״ב** — 3472 — דער בנין הבית ווערט געענדיקט. דריוש (דאַריוס) באַשטראָפט אַ גרויסע טייל בבלאָניער, וועלכע האָבן געוואָלט רעוואָלטירן קעגן אים.

**ג. תק״ג** — 3053 — דער אָנהויב פון אחשורוש'ס (קסערקסעס) מלוכה אי־בער פרס (פערסיע). אחשורוש אונטער־טעניקט די עגיפּטער אונטער אים. מאַכט זיין רעזידענץ אין שושן.

**ג. תק״ה** — 3505 — אחשורוש מיט ושתי.

**ג. תק״ח** — 3508 — די אידן שליסן זיך אָן אין דעם מיליטער פון פרס, (פערסיע) מלחמה צו פירן מיט די גריכן.

**ג. תק״ט** — 3509 — די געשיכטע פון אחשורוש, מרדכי און אסתר.

**ג. תקי״ד** — 3514 — אחשורוש'ס גזירה דורך דער מסירה פון המן.

**ג. תקט״ו** — 3515 — די באַשטי־מונג צו פייערן יעדעס יאָר פורים.

**ג. תקכ״ז** — 3527 — ארתחששתא באַפרייט די כהנים, לוים און אַלע דינער ביים בית המקדש פון צו צאָלן מלוכה־שטייערן.

**ג. תק״ל** — 3530 — עזרא, צוזאַ־מען מיט אַ גרויסער אידישער מאַסע גייען קיין ירושלים.

**ג. תקל״א** — 3531 — עזרא טרייבט אַרויס די גענומענע פון די אידן, פרעמדע פרויען, מונטערט זיי אויף צו לערנען די תורה פון גאָט.

**ג. תקמ״ד** — 3544 — אלישיב ווערט דער עלטסטער כהן. נחמיה, דער שר־המשקים פונם פערסישן קעניג, בעט אים טובות צו טון מיט די אידן. דער קעניג שיקט אים קיין ירושלים אַלס אַ באַשטימטער פאַר אַ פּאַשאַ. ער מונטערט אויף די אידן צו אויפבויען די שטאָט און פאַרפעסטיקן די עבודה אין גאָטס הויז. דער געזעץ פון שמיטה ווערט דורכ־

געפירט. דאָס פאָלק נעמט אויף זיך מיט־צושטייערן מיט אַ דריטל שקל יעדעס יאָר פאַר די הוצאות פונם לאַנד און בית המקדש.

**ג. תקנ"ו** — 3556 — נחמיה קערט זיך אום צוריק קיין פּערסיע. דאָס פאָלק גייט אין שלעכטן וועג. די סגנים פאַרפירן עס.

**ג. תקס"ד** — 3564 — דער אָנהויב פון דריוש'ס רעגירונג. די נבואה פון מלאכי. די כהונה פון יהוידע בן אלישיב. נחמיה גייט צום צווייטן מאָל קיין ירושלים; דערוועקט דאָס פאָלק צו תשובה.

**ג. תקע"ד** — 3574 — נחמיה שרייבט אַלע זיינע איבערלעבענישן. מצרים רעוואָלטירט קעגן פּערסיע. די שמרונים טיילן זיך אָפּ פון די אידן, בויען פאַר זיך אַ טעמפּל אויפן באַרג גריזים דורך מנשה, דער זון פון יהוידע, סנבלט'ס איידעם.

**ג. תקפ"ד** — 3584 — דער אָנהויב מלוכה פון אחשורוש דעם 2-טן.

**ג. תקצ"ח** — 3598 — דער אָנהויב כהונה פון יוחנן, דער זון פון יהוידע.

**ג. תרכ"ד** — 3624 — דער אָנהויב מלוכה פון אחשורוש דעם 3-טן.

**ג. תרל"ח** — 3638 — די פּערסיער דעראָבערן עגיפּטן צום צווייטן מאָל.

**ג. תרנ"ג** — 3653 — דער אָנהויב מלוכה פון דריוש, דער פּערסיער.

**ג. תרנ"ו** — 3656 — דער אָנהויב כהונה פון ידוע בן יונתן.

**ג. תרנ"ח** — 3658 — די פאַרשטאַרקונג פון אַלעקסאַנדערס מאַצעדאָנישער מלוכה. די ענדע פון דער פּערסישער מלוכה. די אידן ווערן אונטעריאָכט פון די גריכן. אלכסנדר מוקדון קומט קיין ירושלים און באַערט דעם אידישן גאָט. די אידן אונטערוואַרפן זיך מיט ליבע אונטער זיין מאַכט. די גרינדונג פון אַ אידישער קהלה אין אלכסנדריה (אַלעקסאַנדריע) פון מצרים.

323 — פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכנונג *) — דער טויט פון אַלעקסאַנדער. ארץ ישראל פאַלט אַרונטער אונטער דער מאַכט פון לאַאמעדאָן.

320 — ארץ ישראל פאַלט אַרונטער אונטער דער מאַכט פון תלמי לאַגוס, דער קעניג פון מצרים, נאָך זיין מלחמה מיט לאַאמעדאָן; נעמט געפאַנגען 100 טויזנט אידן, וועלכע האָבן זיך געפונען צווישן לאַאמעדאָנ'ס מיליטער.

318 — דער אָנהויב כהונה פון חניו, דער זון פון ידוע.

290 — דער אָנהויב כהונה פון שמעון הצדיק.

277 — די מלוכה פון תלמי דעם צווייטן (פילאָדעלפוס), דער זון פון תלמי לאַגוס. ער טוט פיל גוטס די אידן. ער באַפרייט די אידן, וועלכע זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר שקלאַפן אין מצרים. די תורה ווערט איבערזעצט אויף גריכיש פון 72 זקנים, וועלכע זיינען פאַררופן געוואָרן דורך אלעזר כהן גדול צום קעניג אין אַלעקסאַנדריע.

263 — די כהונה פון מנשה, אנטיגנוס

---

*) צוליב דעם וואָס ביי פילע היסטאָריקער איז ניט פאַראַן קיין איינהייטלעכע איינשטימונג אינם פאַרגלייך פון די צוויי דאַטומס — אידישע און קריסטלעכע — פון דער עפּאָכע אָן ביז איינציקע יאָר פאַר קריסטוס געבורט, איז דער אידישער דאַטום דאָ דורכגעלאָזן געוואָרן.

דער מאַן פון סוכו האָט איבערגענומען די תורה שבעל פה פון שמעון הצדיק.

249 — אידן קומען קיין כינא אין די צייטן פון דעם קעניג פון דער טשעאושער דינאַסטיע.

236 — די כהונה פון חוניו דעם צווייטן, דער זון פון שמעון הצדיק.

212 — ארץ ישראל ווערט צום צווייטן מאָל דעראָבערט פון סילואקוס דער דריטער, קעניג פון סוריא.

207 — ארץ ישראל פאַלט אַרונטער צום צווייטן מאָל אונטער דער מאַכט פון תלמי פיליפאטור, דער קעניג פון עגיפּטן. דער קעניג רייסט זיך אַריינצוקומען אין בית המקדש, אידן דערלאָזן ניט. ער ווערט איופגעבראכט, הרג׳עט פיל פון זיי און פיל פאַרקויפט ער פאַר שקלאַפן אין פאַרשידענע לענדער. יוסי בן יועזר און יוסי בן יוחנן פון די בעלי הקבלה.

203 — דער טויט פון תלמי פיליפאַטור. ארץ ישראל פאַלט ארונטער אונטער דער מאַכט פון אנטיוכוס דעם דריטן, וועלכער איז צום אָנהויב פון זיין רעגירונג געווען גוט צו די אידן.

181 — די כהונה פון חוניו דעם דריטן.

173 — ישוע (יאזאן) קויפט די כהונה גדולה פון אנטיוכוס עפיפאנוס. חוניו דער דריטער, דער פרומער כהן גדול ווערט אַריינגעזעצט אין תפיסה אין אנטיוכיא.

170 — מענעלעאוס, חוניו׳ס ברודער, קויפט די כהונה גדולה ביי די גריכן, פאַרזיכערט זיי אָפּצוקערן די אידן פון זייער תורה. חוניו ווערט דערהרגעט אין אנטיוכיא.

170 — אנטיוכוס רייסט זיך אַריין אין ירושלים, הרג׳עט פופציק טויזנט אידן, און אין דערזעלבער צייט נעמט ער געפאַנגענע.

168 — ירושלים ווערט אונטערגעצונדן אויפן באַפעל פון עפיפאנוס. די שרעקלעכע גזרות פון דעמזעלבן. דער אייפער פון מתתיהו חשמונאי און זיינע זין פאַר זייער פאָלק און זיין תורה. דער אנהויב פון זייער מלחמה מיט אנטיוכוס. דערלויבט מלחמה האַלטן אום שבת. דער טויט פון מתתיהו חשמונאי און זיין צוואה צו זיינע זין צו גיין אין גוטן וועג און פאַרזעצן די מלחמה.

166 — די נצחונות פון יהודה המכבי.

165 — דער נס חנוכה. די מפּלה פון אנטיוכוס דער דריטער. די סיריער שליסן פרידן מיט די אידן. חוניו בן חוניו דער דריטער גייט קיין מצרים.

# אַ איבערבליק איבער דער כראָנאָלאָגיע פונם חורבן בית ראשון ביז דער עפּאָכע פון די מכבעער.

ווי אומגליקלעך האָט זיך געפילט דער נביא ירמיה, וועלכער האָט מיט זיינע פליישיקע אויגן געזעען דאָס, וואָס זיינע גייסטיקע אויגן האָבן פריער אַרויסגעזעען. געוואָרנט האָט ער דאָס פאָלק איידער דאָס אומגליק איז געקומען, און געראַטן האָט ער די שארית הפליטה, אויך נאָכדעם, ווען דאָס אומגליק האָט עס געטראָפן, ס׳זאָל פאַרבלייבן אין מצפה. זיין

שטימע איז אָבער געווען ווי אַ קול אין דער מדבר. מיטגעשלעפּט האָבן זיי אים מיט זיך קיין מצרים, דאָס לאַנד וועלכעס איז פאַר אים דאָס אומווירדיקסטע געווען. צו שאַנדע און צו שפּאָט איז דאָס פאָלק געוואָרן פאַר די נאָך ניט פון בבל געליטענע שכנישע פעלקער. אדום, וואָס האָט געשיקט שלוחים קיין ירושלים צו דערקלערן אַז עס וועט זיך איינשליסן אין דער רעוואָלוציע, האָט זיך איצט געשטעלט אויף די שיידעוועגן צו דערשלאָגן די אַנטרינענע... קראַפטלאָז איז דאָס פאָלק געוואָרן ביי דער מלחמה, און מוטלאָז נאָך דער מלחמה. אָבער אין דער צייט ווען דער מוט זיינער איז געפאַלן, האָט זיך דער נאַציאָנאַלער גייסט ביי אים דערהויבן...

זייענדיק אין בבל, האָט עס אָנגעהויבן צו פאַרוואַרפן די געצן אין וועלכע עס איז געווען פאַרליבט און זיך צוריקגעקערט צו גאָט מיטן גאַנצן האַרצן. און געגלויבט האָט דאָס פאָלק, אַז מיט אים וועט געשעען דערזעלבער וואונדער ווי אַמאָל אין מצרים: גאָט וועט עס פון בבל אויך באַפרייען. עס געדענקט נאָך די הבטחה פונם נביא, אַז עס וועט מיט אים געשעען די נפלאות ווי אין מצרים. דרייסיק יאָר נאָכן חורבן הבית איז געשטאָרבן דער צווייטער קעניג נארגילאסר פון בבל און זיין קליינער זון איז געוואָרן קעניג אויף זיין אָרט. נאבאנאד האָט אָבער רעוואָלטירט קעגן אים און פאַרכאַפּט דעם טראָן. אין יענער צייט האָט כורש — נאָך זיין שטירצן דעם קעניג אסטיאגאס פון מדי פון זיין טראָן — פאַראייניקט פּרס און מדי צוזאַמען, און מיט דעם שטייגן פון כורש, האָט זיך די אידישע האָפענונג פאַרשטאַרקט צוריקצוקערן זיך אין זיין לאַנד. עס קלינגען דעם פאָלק אין די אויערן ישעיה'ס נבואה: נחמו נחמו עמי : טרייסט זיך מיין פאָלק; דברו על לב ירושלים וקראו אליה, כי מלאה צבאה, כי נרצה עונה": רעד אוים דאָס האַרץ פון ירושלים, זאָג איר אַז זי איז שוין אָפּגעקומען איר שטראָף געטאָפּלט.

ווען די פּערסיער זיינען געוואָרן די הערשער אין אַזיע, איז פאַר די אידן באַקאַנט געוואָרן זייער גלויבן, וואָס כאָטש ס'איז ניט געווען קיין מאנאטעאיסטישעס, איז עס אָבער דאָך געווען פיל זויבערער און ריינער ווי די פון די געצנדינערישע פעלקער. די אידן האָבן אָנגעהויבן מיט פיל סימפּאַטיע צו באַציען זיך צו מערערע מנהגים פון די פּערסיער, מנהגים פון וועלכע ישעיה הנביא האָט אין זיין צייט געוואָרנט דעם

פאָלק צו דערוווייטערן זיך פון זיי. די פערסיער האָבן געגלויבט אין דואַליזם, אין צוויי רשויות, אין אַ גאָט וואָס טוט נאָר גוטס מיט מענטשן און אין אַ גאָט וואָס זוכט נאָר שלעכטס צו טון; דער ערשטער, די קראַפט פון ליכט און זון, און דער צווייטער — פון נאַכט און פינס־טערניש. דער ערשטער רופט זיך הורמיז אָדער אוראמאזדא, און דער צווייטער — אַהרימאַן אָדער אראמאינכו. קעגן אַזעלכע באַגריפן האָט ישעיה הנביא געוואָרנט דאָס אידישע פאָלק ניט צו גלויבן. דער נביא דערקלערט אַז דער יוצר אור איז אויך דער בורא חושך. דאָס פאָלק האָט זיך ביי זיין צוריקקערן אין לאַנד אָפּגעוואוינט צוביסלעך פון זיי; אָבער דאָך איז נאָך עפּעס פאַרבליבן ביי זיי פון וועלכן עס איז געווען שווער זיי אָפּצורייסן...

כורש האָט איינגענומען די שטאָט בבל 538 יאָר פאַר ק. ג. און די שמחה פון די אידן איז געווען אַ אויסערגעוויינלעכע. „נפלה נפלה בבל" האָבן זיי געיובלט. די פערסיער זיינען באַליבט געוואָרן אין די אויגן פון די אידן, און דער נביא זאָגט וועגן זיי: „אני צויתי למקודשי": איך, גאָט, האָב באַפוילן מיינע הייליקע, אָפּצורעכענען זיך מיט בבל. די דעקלאַראַציע וואָס כורש האָט אַרויסגעגעבן אויף צוריקצוקערן זיך קיין ארץ ישראל האָט אָנגעפּולט מיט פרייד אַלע אידישע הערצער, און פופציק יאָר נאָכן חורבן, זיבעציק יאָר נאָכן גלות פון יהויכין, האָבן זיך אידן צוריקגעקערט אין דעמזעלבן חודש ניסן אין וועלכן אידן זיינען באַפרייט געוואָרן פון מצרים.

מיר וועלן דורכלאָזן אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען מיט די אידן אין זייער לאַנד מיט די ערשטע פירער, זרובבל און יהושע בן יהוצדק, אויך די נביאות פון די לעצטע נביאים חגי, זכריה און מלאכי, און מיר וועלן פאָרזעצן דעם היסטאָרישן איבערבליק, מיט דעם אָנקומען פון עזרא. ווען עזרא איז געקומען קיין ירושלים, האָט ער דאָס פאָלק געפונען אין אַ ביז גאָר טרויעריקן גייסטיקן שטאַנד. דאָס אידישע פאָלק, צוזאַמען מיט זיינע כהנים און לויים האָבן זיך ניט אָפּגעזונדערט פון די אומוויר־דיקייטן פון אַנדערע פעלקער, חתונה געהאַט מיט זייערע טעכטער, און די הויפּטשולדיקע זיינען געווען די שרים און סגנים. שרעקלעך האָט זיך עס אָפּגערופן אויף דעם נאַציאָנאַלן עזרא. צעריסן האָט ער זיינע קליידער, זיך געריסן די האָר פון קאָפּ. ער האָט פאַרשטאַנען די גרויסע

סכּנה צו וועלכע דאָס פאָלק איז אויסגעשטעלט דורך דער פאַרמישונג פון זרע קדש אין די פרעמד פעלקערשע. דאָס פאָלק מיינס — האָט ער ביטערלעך געוויינט — האָט שוין זיין נאַציאָנאַלע שפּראַך פאַרגעסן, די קינדער רעדן „אשדודית". און דאָס פאָלק איז פון זיינע קלאָג־ווערטער דערציטערט געוואָרן. אָבער ווען ער האָט פאַרלאַנגט אַז זיי זאָלן פאַר־טרייבן די ניט אידישע פרויען, זיינען זיי אין דער גרעסטער פאַרלעגנהייט פאַרבליבן: ווי קענען זיי זיך אָפּשיידן פון די פרויען מיט וועלכע זיי האָבן שוין קינדער, און אויסער דעם האָבן זיי זיך גאָר געשראָקן פאַר די פעל־קער, וועמענס טעכטער זיי האָבן געהאַט פאַר פרויען, זיי זאָלן זיך אין זיי ניט נוקם זיין. און ווען דער ערשטער געשריי פון עזרא האָט דאָך געהאַט אין דער ערשטער צייט אַ ווירקונג און פילע אידן האָבן די פרעמדע פרויען א היים געשיקט, איז ער אָבער שפּעטער מיט אַ קורצער צייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן און זיי האָבן צוריקגענומען די פרעמדע פרויען.

אָבער דאָס וואָס עס איז ניט געלונגען עזרא'ן מיט וויינען און קלאָגן, איז געלונגען נחמיה'ן מיט קללות און קלעפּ... ער האָט זיך ניט אָפּגע־שראָקן פאַר קיינעם, מיט גוואַלד געצוואונגען אַרויסצוטרייבן די פרעמדע פרויען. געשלאָגן, גע'ממית'ט, דער וואָס האָט ניט געוואָלט פאָלגן. ער האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן אפילו פון סנבלט און טוביה, אָט די צוויי באַ־וואוסטע אַסימילאַטאָרס צו יענער צייט. דאָס איז געשעען נאָך דרייצן יאָר פון עזרא'ס קומען קיין ירושלים. ווען ער איז געשיקט געוואָרן, אויף זיין בקשה, קיין ירושלים, נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערוואוסט פון זיין ברודער חנני, אין וועלכן טרויעריקן צושטאַנד עס געפינט זיך דאָס פאָלק און דאָס לאַנד. און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַלס אַ געשיקטער פונם קעניג, האָט ער זיך גענומען די פולמאַכט אויסצופירן דאָס וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען, און ווען די ערשטע ארבעט זיינע האָט געהאַט דער־פאָלג, האָט ער זיך גענומען צו מער פּאָזיטיווע. ער האָט דערמוטיקט דאָס פאָלק צו ענדיקן די אַרבעט פונם בנין הבית און אין דערזעלבער צייט וואָס נחמיה האָט געטון מיט כּח, האָט עזרא געטון מיט גייסט: אָפּגעהאַלטן כּסדר פאַרזאַמלונגען, פאַרגעלייענט און דערקלערט די תורה אין וועלכער דאָס פאָלק האָט כּמעט פאַרגעסן. ער האָט אויסגעווירקט ביים פאָלק ס'זאָל אַרויסגעבן כּתוב וחתום, אַז עס פאַרפּליכטעט זיך

אויספאַלגן אַלעם וואָס אין דער תורה שטייט. און אַזוי איז געשאַפן גע־וואָרן דורך אים די אנשי כנסת הגדולה.

די צייט אין וועלכער אידן זיינען פאַרבליבן רואיק אין זייער לאַנד אונטער דער שוץ פון פרס (פערסיע) האָט לאַנג ניט געדויערט. נאָכן טויט פון דריוש, האָט פערסיע פאַרלוירן איר גלאַנץ און איר ממשלה איז אָפּגע־שוואַכט געוואָרן. דאָס לאַנד, וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון פילע ווייטע פראָווינצן, איז ניט געווען מעגלעך צו פאַרייניקן עס צוזאַמען. יעדע פראָווינץ האָט זיך געהאַט איר סאטראפּ, מיט אַ אומבאַגרענצטער ממשלה, און די סאטראפּן פלעגן שרעקלעך אונטערדריקן דאָס פאָלק און, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אידן האָבן געליטן נאָך מער פון אַנדערע...

אין די צייטן פון ארתחששתא דער דריטער, האָט אַ קעניגלעכער יעוונוך מורד געווען אין קעניג און אָנגעהויבן הערשן אין לאַנד אומבאַ־גרעניצטערווייזע. די אידן, וועלכע ער האָט געצוואונגען אָפּצוזאָגן זיך פון דער אידישער אמונה, האָבן שרעקלעך געליטן. אין יענער צייט איז געווען כהן גדול יהושע, אַ נאָכקומענדער פון יהוידע הכהן, וועלכער האָט זיך פאַרייניקט מיט סנבלט, און עס האָט אויסגעבראָכן אַ קריג צווישן אים און זיין ברודער יוחנן, וועלכער איז געווען דער עלטערער און אים האָט געהערט די כהונה גדולה. די פאָלגן פונם ברידער־קריג איז געווען, אַז יוחנן האָט דערמאָרדעט זיין ברודער יהושע אין היכל פון גאָט. ווען באַגואס האָט זיך דערוואוסט דערפון איז ער גלייך געקומען קיין ירושלים און באַשטראָפט דאָס פאָלק צו צאָלן אין דער רעגירונגס־קאַסע פופציק דראַכמען פאַר יעדן לעמעלע וואָס זיי וועלן מקריב זיין.

מיר וועלן ווייטער דורכלאָזן די שפּעטערדיקע געשעענישן פון די פאַרשידענע קעניגרייכן, אונטער וועלכע דאָס אידישע פאָלק איז געווען אונטערוואָרפן און מיר וועלן אָנהויבן פון דער עפּאָכע אין וועלכער אידן זיינען געווען אונטערוואָרפן אונטער די גריכן.

אין דער אידישער היסטאָריע איז צו זען ווי ליכט און פינסטערניש הערשן צוזאַמען; ווען איינס ווערט פאַרשוואונדן, דערוועקט זיך דאָס צווייטע. די מפּלה פון בבל און דער נצחון פון פרס, האָט געבראַכט אַ ישועה דעם אידישן פאָלק און אַ נידערלאַגע די גריכן. ווייל נאָכדעם וואָס כורש האָט באַזיגט בבל, האָט ער אויך איינגענומען די יאָניער־אינזלען

און אַלע גריכישע שטעט אין אַזיע, און דער צווייטער, דריוש, האָט זיך פֿאַרנומען צו פֿאַרניכטן אינגאַנצן דאָס גריכישע פֿאָלק.

די סכּנה וואָס האָט געשוועבט אויפֿן גריכישן פֿאָלק האָט געעפֿנט זייערע אויגן און אויפֿגעוועקט זיי פֿון זייער שלאָף. אַלע ווי איינער האָבן זיי זיך פֿאַרנומען צו באַשיצן זייער לאַנד און אויך זייער קולטור פֿאַר די פּערסיער, ווייל ווען אויך די פּערסישע קולטור איז אין פֿאַרגלייך מיט די פֿון אַנדערע פֿעלקער פֿון אַזיע געשטאַנען הויך, זיינען זיי אָבער ביי די גריכן פֿאַררעכנט געוואָרן ווי פּראים צוזאַמען מיט זייער קולטור. און ווען אַ פֿאָלק ווערט מוטיק, ווייזט עס אַרויס וואונדער. די גריכן האָבן אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג איבער די פּערסיער און זיי פֿאַרטריבן מיט גרויסע פֿאַרלוסטן פֿון זייער לאַנד (469—492). און פֿון דער צייט אָן, האָט די גריכישע קולטור באַקומען אַן אַנדער געשטאַלט. אַנשטאָט וואָס די אידישע קולטור האָט זיך אַנטוויקלט פֿון כּסדר ליידנדע, פֿון נידערגעשלאָגענע און אממערסטן זיך באַצויגן צו געטלעכקייט און צו מאָראַל, איז די גריכישע געוואָרן אַ נאַטור־קולטור. די קולטור זייערע האָט זיך באַצויגן צו די נאַטור־קרעפֿטן, זיי האָבן ניט געזוכט אַ אחדות אין דער נאַטור, אַ האַרמאָניע, נאָר באַזונדערע כּחות, דורך וועלכע — ווי זיי האָבן פֿאַרשטאַנען — אַלעם אויף דער וועלט איז געשאַפֿן געוואָרן. דער פֿילאָזאָף טאַלים האָט דערקלערט די נאַטור פֿון וואַסער; אַנאַקסימינוס — איבער דער לופֿט; פּיטאַגאָרעס — איבער די ספֿערן; אימפּעדאָקלים — איבער די — צו יענער צייט רעכענענדיק — פֿיר עלעמענטן. זיי, די וויסנשאַפֿטסמענער פֿון גריכנלאַנד, האָבן אָבער זיך ניט פֿאַרטיפֿט צו שטודירן די נאַטור, די עקזיסטירנדע און די ווערנדע. זיי האָבן פֿילאָזאָפֿירט וועגן אַ נאַטור וועלכע איז שוין אַ פֿאַרפֿאָלקאָמענדע, און ניט געוואָלט פֿאָרשן די „יצירה" וואָס ווערט פֿאַרגעזעצט אינם „הוה" און אינם „יש", און בכלל האָבן זיי זיך ניט פֿאַרטיפֿט צו שטודירן די מאָראַלישע קראַפֿט וואָס געפֿינט זיך אין דער מענטשהייט. זייער שטודיום איז געווען אַ געדאַנקלעכער און ניט קיין מאָראַלישער, אויסצופֿאָרשן די קרעפֿטן פֿון דער נאַטור און ניט אין אַכט נעמען די מאָראַל אין וועלכער עס נויטיקט זיך די מענטשהייט.

נאָכדעם ווי די גריכן האָבן אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג ביי אַטען, און דאָס לאַנד איז זייער באַרייכט געוואָרן, איז וואָס מער זיי האָבן געשטיגן אין רייכקייט, אַלץ מער האָבן זיי געזונקען אין פֿאַרדאָרבנקייט,

און אין די צייטן פון פעריקלעס האָט די פאַרדאָרבנקייט דערגרייכט די העכסטע מדרגה. און אַזוי געשעט פון שטענדיק אָן, ווען אַ פאָלק זינקט אין זומפּ פון אוממאָראַלישקייט, ווערן די פיזישע כחות אָפּגעשוואַכט און אַ נידערלאַגע מוז קומען, איבערהויפּט ווען דאָס פאָלק ווערט נאָך אָפּ־געשוואַכט פון אינעווייניקסטע מלחמות. אין גריכנלאַנד האָט — צוליב עגאָאיסטישע אינטערעסן — אויסגעבראָכן אַ ברידער־קריג צווישן אַטען און ספּאַרטא. און ווען זיינע חכמים זיינען געפלויגן אין הימל מיט זייערע חקירות, איז דאָס פאָלק געזונקען אין זומפּ פון שמוץ, ניט געוואָלט וויסן פון אַלעם וואָס האָט אַ שייכות מיט מאָראַל.

צו יענער צייט, ביי אַזאַ געפאַלנקייט, איז געלונגען דעם מאַצעדאָ־נישן קעניג פיליפּ, איבערפאַלן גריכנלאַנד און עס דעראָבערן פאַר זיך, און אינם יאָר 338 פאַר ק. ג. האָט גענומען אַ ענדע צו גריכנלאַנדס פריי־הייט און איז געוואָרן פאַריאָכט צו מאַצעדאָניע. און דאָ איז אויך געקומען אַ ענדערונג אינם לעבן פונם אידישן פאָלק, סיי אינם פּאָליטישן און סיי אין קולטורעלן און גייסטיקן. אַלכּסנדר מאַצעדאָנער, וועלכער האָט אינם יאָר 334 באַזיגט די פּערסיער, איז געקומען קיין אַזיע און אויך קיין ארץ ישראל און אַריינגעבראַכט אַהין די גריכישע קולטור, און אַ גרויסער קולטור־קאַמף האָט אויסגעבראָכן צווישן דער אידישער און דער גריכישער. מאָראַל מיט אוממאָראַל האָבן געקעמפט; ריינלעכקייט, זיטלעכקייט, האָבן מלחמה געפירט מיט אויסגעלאַסנקייט און פאַרשייטקייט. און צום גרויס אומגליק פונם פאָלק האָט די גריכישע קולטור באַזיגט — כמעט ניט אינגאַנצן — די אידישע. די ערשטע האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער צווייטער. איבערהויפּט אין דער צייט ווען די גריכן, נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרלוירן זייער זעלבסטשטענדיקייט, האָבן זיך באַזעצט אין אַלע האַפנשטעט ביים מיטלענדישן ים און אויך אין די שטעט פון ארץ ישראל, האָט זיך די אומווירדיקע גריכישע קולטור נאָך מער פאַרשפּרייט אין לאַנד און אידן האָבן פון איר און דורך איר, איבערגענומען אַלע שלעכטע זיטן. די גריכישע שאַרלאַטאַנישע עסטעטיק האָט באַזיגט די שטילע באַשיידענע עטיק...

דאָס אידישע פאָלק האָט זיך דאַן צעטיילט אויף צוויי לאַגערן: אַ גרויסער און אַ קליינער. אין גרעסערן זיינען אַריין די מתיונים, ווי זיי האָבן זיך גערופן, צוזאַמען מיט זייער אויסגעלאַסענעם פירער, דער רשע

מענעלאוס; און אינם קלענערן לאַגער, אַ קליינע צאָל הרדים מיט זייער פירער מתתיהו. און אין דער דאָזיקער צייט האָט דער רשע מענעלעאוס געזוכט דאָס אידישע גייסטיקע ליכט אינגאַנצן אויסצולעשן. און ווען דער משוגענער קעניג אנטיוכס עפיפאנוס, צוזאַמען מיט דעם נידערטרעכ־טיקן מענעלעאוס האָבן געגלויבט אַז דאָס גייסטיקע אידישע ליכט צאַנקט שוין און עס וועט באַלד פאַרלאָשן ווערן, איז עס אויפגעבלאָזן געוואָרן דורך דעם פאַטריאַרך פון די מכבעער, מתתיהו, און ביי דעם ליכט איז דאָס פאָלק אַ לענגערע צייט אין זיין אידישן וועג געגאַנגען...

162 — פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכנונג — דימיטריוס דער ערשטער, ווערט קעניג אין סוריא.

161 — די נצחונות פון יהודה המכבי און זיין טויט.

158 — די מלחמה מיט די סיריער ווערט באַנייט. די גבורות פון יהונתן. די סיריער זיינען געצוואונגען צו בעטן שלום. יהונתן ווערט באַשטימט פאַר כהן גדול. דאָס פאָלק ווערט צוטיילט אויף דריי קלאַסן: פרושים, צדוקים און איסיים. די גרעסטע צאָל זיינען די פרושים. יהונתן שליסט אַ בונד מיט די רוימער אין לאקאדמאנער. ער ווערט געליבט און גע־שעצט פונם פאָלק.

149 — דאָס אויפבויען פונם מקדש חוניו אין אַלעקסאַנדריע פון מצרים.

144 — דער טויט פון יהונתן מיט זיינע זין. זיין ברודער שמעון ווערט כהן גדול; זיין וויכטיקע ארבעט פאַרן אידישן פאָלק.

141 — יהושע בן פרחיה און נתאי היורבלי. די מפלה פון אנטיוכוס דער פערטער, פאַר יוחנן, שמעונ'ס זון.

135 — דער טויט פון שמעון מיט זיינע צוויי זין דורך זיין איידעם תלמי. יוחנן געלינגט צו אַנטלויפן קיין ירושלים און ווערט פראָקלאַמירט קעניג און כהן גדול אויף זיין פאָטערס אָרט. דער בונד־אָפּמאַך צווישן אים און אנטיוכוס דער זיבעטער.

130 — יונתן נעמט איין די שטאָט שכם, צעשמעטערט דעם שמרוניש'ן בית המקדש אויפן בארג גריזים.

129 — יונתן באַזיגט דאָס לאַנד אדום, באַשטימט אנטיפטר האדומי, וועלכער האָט זיך מגיר געווען, אַלס גובערנאַדאָר אינם לאַנד. באַנייט דעם פרידנס־בונד וואָס זיין פאָטער האָט געשלאָסן מיט די רוימער.

120 — דאָס פרידלעכע לעבן פון די אידן אין לאַנד שבא, תימן און ערב. דער הומעריטישער קעניג אין אראביען נעמט אָן דאָס אידישע גלויבן. טוט פיל גוטס די אידן וואָס וואוינען אין זיין לאַנד.

109 — הורקנוס (יוחנן) דעראָבערט שמרון, דערשלאָגט די שמרונים און די סיריער, זייערע מיטהעלפער. צום ערשטן איז ער געווען אַ אָנהענגער פון די פרושים, נאָר דורך אַ צופאַל, וואָס איינער פון זיי האָט אים באַליידיקט האָט ער זיי פאַרלאָזט און געוואָרן אַ צדוקי.

107 — דער טויט פון הורקנוס. זיין זון, אריסטובול, ווערט קעניג און כהן גדול. ער זעצט אריין זיין מוטער — וועלכע האט געדארפט נאך דער צוואה פון זיין פאטער נעמען אנטייל אין דער מלוכה — אין תפיסה. אויך זיינע דריי ברידער פארזעצט ער דארט, נאר דעם פערטן ברודער, אנטיגנוס, האט ער דער־ ליובט צו פארייניקן זיך מיט אים אין דער מלוכה־פירערשאפט, ער ווערט אבער פון אים געטויטעט צוליב א מסירה.

106 — דער טויט פון אריסטובול. זיין ברודער אלכסנדר ווערט זיין שטעל־ פארטרעטער. הרג'עט זעקס טויזנט פרושים. יהושע בן פרחיה אנטלויפט קיין מצרים.

100 — די אראבער אין תימן זיינען זיך מגיר אין די צייטן פון דעם קעניג סבאי.

91 — די אידן אין ירושלים מאכן אן אויפשטאנד קעגן אלכסנדר ינאי און ער איז געצוואונגען צו אנטלויפן.

83 — די אנהענגער פון אלכסנדר פארשטיקן דעם אויפשטאנד, הרג'ענען זייער פיל פון די פרושים. נאך דער בקשה פון שמעון בן שטח, דעם קעניג ינאי'ס א שוואגער, ווערט געגעבן די דערלויבעניש יהושע בן פרחיה'ן אויף צוריקצוקערן זיך אין לאנד יהודה.

79 — דער טויט פון אלכסנדר ינאי; אלכסנדרה, זיין פרוי, ווערט קעניגין און זיין זון הורקנוס דער צווייטער, אלס כהן גדול. דער געבורט פון הורדוס, אנטיפטר'ס זון.

70 — דער טויט פון אלכסנדרה. הורקנוס ווערט קעניג. אריסטובול, זיין ברודער, דערווייטערט אים און ווערט קע־ ניג אויף זיין ארט.

66 — אנטיפטר, דער פריינט פון הורקנוס, פירט אן א מלחמה מיט אריס־ טובול אויף צוריקצוקערן די מלוכה צו הורקנוס'ן, ער ווערט אבער פון אריסטו־ בול'ן, מיט דער הילף פון די רוימער, באזיגט.

**ג. תרצ"ז** — 63 — פאר דער קריסט. צייטרעכנונג — פאמפעאוס, דער רוימישער גובערנאדאר, דעראבערט ירושלים, צעשמעטערט אירע מויערן, לייגט ארויף גרויסע שטייערן. הורקנוס דער צווייטער, ווערט קעניג. אריסטובול מיט זיינע צוויי זין ווערן אריינגעזעצט אין תפיסה. דער אויפשטאנד פון אלכסנדר, דער זון פון אריסטובול קעגן די רוימער. ווערט דערשלאגן דורך גא־ בינוס, דער רוימישער גענעראל.

**ג. תש"ב** — 58 — פיל איינוואוי־ נער פון יהודה פארלאזן דאס לאנד און באזעצן זיך אין כינא. ווערן דארט מיט דער גרעסטער פריינדלעכקייט אויפגענו־ מען. פיל אידן, סוחרים, באזעצן זיך אין די גריכישע אינזלען, אין קליין אזיע, און פירן דארט מסחרים.

**ג. תש"ד** — 56 — אריסטובול דער צווייטער און אנטיגנוס, זיין זון, אנטלויפן פון זייער תפיסה אין רוים, קערן זיך צוריק קיין ירושלים, באנייען דעם אויפ־ שטאנד. סיזענא, דער זון פון גאבינוס, צעשמעטערט אלע פלענער זייערע.

**ג. תש"ו** — 54 — קראסוס, דער רוימישער גענעראל, פלינדערט אויס דעם בית המקדש. אין גריכנלאנד נעמט מען צו צוריק ביי די אידן אלע זייערע רעכט וואס מען האט זיי פריער געגעבן. פאמ־ פעאוס באפעלט צו טויטן אריסטובול'ן צוזאמען מיט זיין זון אלכסנדר, דורך גיפט.

**ג. תשי"ג** — 47 — יוליוס קיסר (צעזאר) ווערט דער הערשער איבער אַלע רוימישע לענדער, קערט צוריק די מלוכה־רעכט צו די אידן, קערט צוריק אַלע שטעט וועלכע זיינען פונם אידישן לאַנד אַוועקגענומען געוואָרן, פּראָקלאַמירט פאַר אַ קעניג הורקנוס דעם צווייטן, באַפעלט אויפצובויען אויפ'סניי די צעשמעטערטע מויערן און דעם רואינירטן בית המקדש. די אידן וואָס געפינען זיך אין רוימישן רייך ווערן רוימישע בירגער, באַשטימט אנטיפּטר'ן אַלס וויצע קעניג אין לאַנד יהודה, זיין זון פתואל אַלס גובערנאַדאָר אין ירושלים און זיין זון הורדוס אַלס הערשער איבערן לאַנד גליל.

**ג. תשט"ו** — 44 — די מויערן פון ירושלים און דער בית המקדש ווערן אויפ־געריכטעט און באַפעסטיקט. שמעיה און אבטליון ווערן באַשטימט פאַר הויפּט־לינגע אין די סנהדרין.

**ג. תשי"ז** — 43 — דער טויט פון אנטיפטר דורך מאַליכוס. הורדוס און פתואל, זיין ברודער, דערמאָרדן דעם מערדער פון זייער פאָטער, ניט נעמענדיק קיין דערלויבעניש ביים קעניג. דער קע־ניג, מיט דער הילף פון רוימיש מיליטער פאַרפאָלגן די מערדער פון מאַליכוס. זיי ווערן אָבער צעשלאָגן פון די צוויי ברוי־דער. הורדוס צווינגט דעם קעניג הורקנוס ער זאָל אים גיבן זיין אייניקל, מרים, פאַר אַ פרוי. ער פאַרשפּרעכט אים זיין הילף צו דערשלאָגן אנטיגנוס'ן, אריס־טובול'ס זון, וועלכער האָט געשטערט הורקנוס'עם רו.

**ג. תש"כ** — 40 — הורדוס שטרעבט צו ווערן קעניג. הורקנוס און פתואל ווערן פאַרשפּאַרט אין תפיסה. פתואל באַגייט זעלבסטמאָרד אין תפיסה. ביי הורקנוס ווערן אָפּגעשניטן די אויערן, כדי ער זאָל מער ניט קאָנען זיין קיין כהן גדול. הורדוס אנטלויפט פון זיינע פאַרפאָלגער קיין רוים, צו בעטן דאָרט הילף. אקטאביוס, דער רוימישער קעניג, באַשטימט הורדוס'ן פאַר אַ קעניג איבערן לאַנד יהודה, גיט אים צו הילף פיל מיליטער צו גיין קיין ירושלים מלחמה האַלטן מיט אנטיגנוס'ן. אנטיגנוס'עס מיליטער ווערט געשלאָגן. הלל און שמאי ווערן די הויפטלינגע פון די סנהדרין.

**ג. תשכ"ג** — 37 — הורדוס נעמט איין מיט דער הילף פון רוימיש מיליטער די שטאָט ירושלים. סאָסיוס, דער רוימי־שער גענעראַל, פאַרנעמט זיך חרוב צו מאַכן די גאַנצע שטאָט קעגן דעם ווילן פון הורדוס. ער באַקומט אַ גרויסע סומע געלט און האַלט זיך אָפּ פון זיין פּלאַן. אנטיגנוס ווערט געבראַכט אַ געפאַנגענער קיין רוים און הורדוס ווערט קעניג. אנטיגנוס ווערט געטויטעט ווי דער גרעס־טער פאַרברעכער דורך דער אָנווייזונג פון הורדוס. דאָס אידישע פאָלק איז ניט צופרידן פון הורדוס'עס ממשלה; ווילן זיך ניט אונטערוואַרפן אונטער זיין הער־שאַפט. הורדוס וואַרפט אַרויף די שולד פון דעם פאָלקס אומצופרידנהייט אויף די סנהדרין און באַפעלט צו טויטן זיי. הלל און שמאי'ן לאָזט ער לעבן אַלס דאַנק־באַרקייט פאַר זייער חסד וואָס זיי האָבן מיט אים געטון אין זיין באַלאַגערן די שטאָט ירושלים. הלל און שמאי גרינדן בתי מדרשים צו לערנען דאָרט די תורה. יהושע בן גמלא אָרגאַניזירט פיל שולן פאַר אידישע קינדער.

**ג. תשכ"ו** — 34 — אַריסטובל, מרים'ס ברודער, ווערט געטויטעט אויף דעם באַפעל פון הורדוס. ער ווערט דער־

וואַרגן זייענדיק אין אַ בית המרחץ. הורדוס קומט קיין רוים (רומא) זיך צו פאַרטיידיקן קעגן דעם מערדערישן טאַט.

**ג. תש"ל — 30** — אַ שרעקלעכע ערדציטערניש אין לאַנד, דרייסיק טויזנט מאַן קומען אום. הורדוס באַפעלט צו טויטן הורקנוס'ן, אַרויסרופנדיק אים פון בבל, ווען ער איז אַלט געווען אַכציק יאָר.

**ג. תשל"א — 29** — הורדוס טויטעט זיין פרוי מרים. אַ שרעקלעכע עפּידעמיע האָט אויסגעבראָכן אין ירושלים. הורדוס ווערט קראַנק און די דאָקטוירים גיבן ניט קיין האָפנונג ער זאָל געזונט ווערן.

**ג. תשל"ב — 28** — אַלעקסאַנדראַ, מרים'ס מוטער, אַגיטירט צו מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן הורדוס. הורדוס איילט צו פאַרשטיקן דעם אויפשטאַנד און טויטעט אַלעקסאַנדראַ'ן. הורדוס פירט זיך אויף דערזעלבער אַרט ווי די רוימער. בויעט אויס שוי־שפּיל הייזער אין ירושלים, און אויסער דער שטאָט — זאָלאָגישע געביידעס.

**ג. תשל"ד — 26** — צען מאַן פאַרנעמען זיך צו טויטן אים, זייענדיק אין אַ שוי־שפּיל הויז. ס'איז זיי אָבער ניט געלונגען. דער קאָמפּלאָט קעגן הורדוס'ן איז אנטדעקט געוואָרן. הורדוס באַפעלט צו טויטן אַלע צען מאַן. הורדוס בויעט אויף אויפס'ניי די שטאָט שמרון, וועלכע ווערט פון אים גערופן סאבאסטיא.

**ג. תשל"ה — 25** — אַ שטאַרקער הונגער אין לאַנד. הורדוס האָט מיטלייד און שפּענדעט דאָס גאַנצע געלט פון זיין שאַץ־קאַמער אויף צו קויפן ברויט אין מצרים און פאַרטיילט עס אומזיסט פאַר די אָרימע. ער טיילט אויך ברויט פאַר די אָרימע פון די נאָענטע פעלקער. דערמיט קויפט ער זיך איין אין ליבע ביי זיי.

**ג. תשל"ח — 22** — הורדוס גרינדעט די שטאָט צעסאַריע (קיסרי) און איר האַפן. בויעט אויס שיינע פּאַלאַצן אין ירושלים און אין די פאָרשטעט. שיקט זיינע צוויי זין קיין רוים (רומא) אויסצובילדן זיך אין קייזערלעכן הויף פון אויגאסטוס דעם ערשטן. ער נעמט זיי אויף מיט דער גרעסטער פריינדלעכקייט און ער זעלבסט דערציט זיי.

**ג. תשמ"א — 19** — אויגאסטוס שענקט הורדוס'ן פיל לענדער דורך וועלכע דער רעגירונגס שאַץ־קאַמער ווערט באַרייכערט. הורדוס שלאָגט פאָר צו בויען דעם בית המקדש אויפס'ניי. ער שטרענגט זיך אָן דורכצופירן זיין פאַרלאַנג.

**ג. תשמ"ד — 16** — הורדוס פאָרט קיין רוים צו ברענגען פון דאָרט זיינע צוויי זין. אגריפאס, אויגאסטוס אײדעם, קומט נאָך דער בקשה פון הורדוס צו באַזוכן דאָס לאַנד יהודה. הורדוס העלפט אים צו באַזיגן די גריכן אין קליין אַזיע ביים שוואַרצן מעער.

**ג. תשמ"ו — 14** — נאָכדעם ווי זיי האָבן באַזיגט די גריכן טוט אגריפאס — אַלס צייכן פון דאַנקבאַרקייט צו הורדוס — פיל טובות די אידן וואָס וואוינען אין גריכנלאַנד. קערט אום זייערע רעכט וואָס זיי האָבן פריער געהאַט. יונתן בן עוזיאל זעצט איבער די תורה אויף קאַלדעאיש. עס הויבט זיך אָן דאָס מחלוקת צווישן בית שמאי און בית הלל.

**ג. תשמ"ט — 11** — דער בנין הבית דורך הורדוס ווערט אַ פּראַכטפולער, ווי אין די צייטן פון שלמה. דער חנוכת הבית. שלומית, הורדוס'ס שוועסטער און זיין ברודער פעטאראכוס גיבן אָן אַ מסירה אויף זיינע קינדער פון זיין פרוי מרים.

הורדוס פירט זיי קיין רוים, שטעלט זיי פאר פארן קעניג וועלכער ווארפט אפ די מסירה און מאכט שלום צווישן זיי און זייער פאטער. הורדוס באשטימט זיין זון אנטיפאטאר, וועלכער איז אים געבוירן פון זיין קעבס-פרוי דאריס, פאר א קעניג נאך זיין טויט. ער שיקט אים קיין רוים צו געווינען די פריינטשאפט פונם קיסר.

**ג. תשנ״ג — 10 —** געענדיקט דאס אויפבויען פון צעסאריע מיט איר האפן. הורדוס בויעט מערערע שטעט צום אנדענק פון זיין פאטער, מוטער און זיין ברודער פתואל.

**ג. תשנ״ד — 6 —** דער קעניג הורדוס גלויבט די פארלוימדונג אויף זיינע קינדער פון זיין פרוי מרים. זעצט זיי אריין אין תפיסה און טראגט אליין ארויס אויף זיי א טויט־אורטייל. זיי ווערן געטויט אין דער שטאט סאבאסטיא. די חרטה און געוויסנביסע איבער זייער אומשולדיקן טויט מאכן אים קראנק. א פאלשע ידיעה איבער זיין טויט האט באוואויגן צוויי מענער, מתתיהו און יהודה, צוזאמען מיט פערציק יונגע לייט, אראפצורייסן די רוימישע פאן, וועלכע איז געהאנגען ביים איינגאנג אין בית המקדש. הורדוס באפעלט צו פארברענען אלע לעבעדיקערהייד. הורדוס דערוואוסט זיך אז זיין ברודער און זיין זון אנטיפאטאר האבן פארטראכט אים צו הרג'ענען. זיין ברודער געלינגט צו אנטלויפן, ער שטארבט אבער אין זיין פאלאץ אין דער שטאט פערעא. זיין זון אנטיפאטאר וועלכער האט זיך צוריקגעקערט פון רוים, ווארפט ער אריין אין תפיסה.

**ג. תשנ״ו — 4 —** הורדוס פילט אז זיינע טעג זיינען געציילטע. ער באפעלט צו טויטן זיין זון אנטיפאטאר און באשטימט פאר א קעניג זיין זון ארכעלוס, וועלכער איז אים געבוירן פון זיין שמרונישער פרוי, מאלהעע. ער באפעלט זיין שוועסטער שלומית, צו טויטן — נאך זיין טויט — אלע פארנעמסטע און גרעסטע אידישע לייט, וועלכע געפינען זיך ארעסטירט אין דער שטאט יריחו, כדי דאס פאלק זאל וויינען נאך זיין טויט.

**ג. תשנ״ז — 3 —** פינף טעג נאך דער הינריכטונג פון זיין זון, שטארבט הורדוס, אין 34־טן יאר פון זיין רעגירן. שלומית, זיין שוועסטער, פאלגט ניט אוים זיין באפעל צו טויטן די גרעסטע און חשוב'סטע אידן. זי באפרייט די ארעסטירטע אין יריחו, און דאס פאלק, אנשטאט צו וויינען, פרייט זיך איבער זיין טויט. ארץ ישראל ווערט איינגעטיילט אויף מערערע טייל. ארכעלוס ווערט קעניג. א ברידער־קריג אין לאנד. אידן קלויבן אוים פופציק מאן, שיקן זיי קיין רוים צו בעטן דעם קיסר ארונטערצונעמען ארץ ישראל אונטער זיין ממשלה. דער קיסר באשטימט זיין זון הורדוס און זיין שוועסטער אלס זיינע שטעלפארטרעטער אין ארץ ישראל און ליפערט איבער צו יעדן פון זיי פראווינצן צו רעגירן איבער זיי. זיי בויען אוים פיל שטעט און רופן זיי מיט די נעמען פון די קעניגלעכע קינדער.

## נאך דער קריסטלעכער צייטרעכענונג

**ג. תש״ם — 1 —** רבן שמעון ווערט א נשיא נאכן טויט פון זיין פאטער הלל. רבן יוחנן בן זכאי און רבי חנינא זיינען זיינע צייט־גענאסן.

**ג. תשס״ז — 7 —** ארכעלוס פאר־

לירט די סימפּאַטיע אין די אויגן פונם קיסר. אויך דאָס אידישע פאָלק האָסט אים צוליב זיין גרינגשעצן די אידישע רע־ליגיע. ער ווערט אַרונטערגעזעצט פון זיין מלוכה. דאָס לאַנד גייט אַרונטער אונטער דער הערשאַפט פון רוים, וואָס באַשטימט אַ הערשער אונטער דעם פּראָטעקטאַראַט פונם סירישן גובערנאַדאָר. די רוימישע מלוכה־מענער באַנעמען זיך גרויזאַם קעגן אידישן פאָלק, פּלינדערן אויס די אוצרות פון בית המקדש, דערמאָרדן פיל אידן. אַמשלעכסטן צייכנט זיך אויס דער גרוי־זאַמער פּאַנטיוס פּילאַטוס. האַראַץ (האָראַציוס), דער באַרימטער דיכטער וואָס האָט געלעבט צו יענער צייט אין רוים, ווערט אַ אינטימער פריינט דעם גרויסן אידישן דיכטער פון ירושלים, טוסקוס אַריסטיוס.

**ג. תשע"ה** — 15 — שוידערלעכע עקסצעסן איבער אידן פאַראורזאַכט דורך די גרויזאַמע גובערנאַדאָרן.

**ג. תש"ץ** — 30 — די נשיאות פון רבן גמליאל, דער זון פון רבן שמעון. די סנהדרין פאַרלאָזן ירושלים איבער די עקסצעסן און באַזעצן זיך אין יבנה. רבן יוחנן בן זכאי, וועלכער איז געאַכטעט ביי דער רוימישער מלוכה, שאַפט אַכטונג פון דערזעלבער צו די סנהדרין.

**ג. תשצ"ו** — 36 — דאָס קריסטנ־טום פאַרשפּרייט זיך איבער דער וועלט.

**ג. תשצ"ז** — 37 — אגריפּוס דער ערשטער ווערט הערשער אין יהודה. פילאָן אַלכסנדרוני ווערט באַרימט.

**ג. תשצ"ט** — 39 — קאַליגולאַ באַפעלט אַריינשטעלן אַ צלם אין היכל.

**ג. ת"ת** — 40 — די אידן שיקן פּי־לאָן'ען צו קאַליגולאַ, צו בעטן אים צוריק־צוציען זיין באַפעל און ער קומט ניט נאָך זייער בקשה.

**ג. תת"א** — 41 — דורך דער באַ־מיאונג פון אגריפּוס ווערט דער צלם אַרויסגענומען.

## אַ היסטאָרישער איבערבליק און אַ כאַראַקטעריסטיק פון דעם אידישן פילאָזאָף פילאָן אַלכסנדרוני און זיין פאַרביסענער שונא אפּיאָן.

פילאָן האָט געשטאַמט פון אַ אַדעליקער כהנים־משפחה געבענטשט מיט עשירות. אויסער זיין מאַטעריעלישע רייכקייט, איז ער אויך גייסטיק רייך געווען, צוליב וועלכן ער איז געווען געאַכטעט ניט נאָר פון אידן, נאָר אויך פון ניט־אידן. די גריכישע פילאָזאָפן האָבן אים גרוים כבוד צוגעטיילט און באַוואונדערט זיין געלערזאַמקייט. נישט קוקנדיק אויף זיין רייכן שטאַנד, האָט ער געלעבט ווי איינער פונם המון: זיך געקליידט איינפאַך, און פריינטלעך זיך פאַרהאַלטן מיט יעדן איינציקן פון דער מאַסע. און ווי דער כלל איז, אַז: „דער וואָס אַנטלויפט פון כבוד,

לויפט אים דער כּבוד נאָך", איז דער כּבוד אויך פילאָנ'ן נאָכגעלאָפן. וואו ער האָט זיך נאָר באַוויזן האָט ער באַקומען אָוואַציעס. איבערהויפּט פלעגן אים אָפּוואַרטן אָרימע און אומגליקלעכע, צו וועלכע ער האָט זיך באַצויגן ווי אַ געטרייער פאָטער און שטייען אין זייערע נויטן, און מיט דער שטיצע מיט וועלכער זיי פלעגן פון אים געשטיצט ווערן פלעגט באַוואוסט ווערן זיין רייכקייט... צוהילף קומען איז ער ניט נאָר צו אידן, נאָר אויך צו ניט־אידן.

זיין נאָמען און זיין השפּעה האָט ער אויך אויסגענוצט אויף דער סורבאנא אין אַלכּסנדריע צו באַאיינפלוסן די אַקאַדעמיקער אויף צו פאַרטיידיקן די אידן צו יעדער צייט ווען די מאַסע איז אויפגערייצט געוואָרן דורך דער פאַרלײמדונג פון אפּיאָן, דעם גרעסטן שונא זייערן בכלל, און פון ידידיה'ן (דאָס איז געווען דער אידישער נאָמען פון פילאָן) בּפרט. אין דער גאַנצער צייט וואָס פילאָן האָט זיך אויפגעהאַלטן אין אַלכּסנדריע, האָט ער צוזאַמען מיט זיין זון אַפּאַלאָס, אויפגעמונטערט און דערמוטיקט די אידן, ערשטנס, ניט צו פאַרצווייפלען פון די אָפטע גזירות פון דעם רוימישן גובערנאַדאָר פלאַקוס און פון דעם רוימישן קייזער קאַיוס. זיי, פילאָן און אַפּאַלאָס, פלעגן האַלטן פאַרטרעגע אין די שולן טאָג־טעגלעך, שבת און יום־טוב פלעגן אויך גריכן קומען הערן זייערע פאַרטרעגע פון וועלכע זיי פלעגן אַנטציקט ווערן און אין דערזעלבער צייט אויך מיט דער גרעסטער שפּאַנונג זיך צוהערן צו די תפילות, וועלכע — ווי באַוואוסט — זיינען אין דער גריכישער שפּראַך אָפּגעהאַלטן געוואָרן און זיך געקענט איבערצייגן אין דעם מאָראַל וואָס זיי אַנטהאַלטן. ער — פילאָן — האָט אויך געווירקט מיט זיין ענווות און איינפאַכקייט אויף די רייכע, זיי זאָלן — ווי מען זאָגט — ניט אַזוי בלאָזן פון זיך און זייער עגאָאיסטיש געשטימט...

ווי באַוואוסט האָט פילאָן געלעבט אינם ערשטן יאָרהונדערט פונם קריסטנטום, אין דער צייט פון די טעריפּייטן, אָדער ווי זיי רופן זיך אין העברעאיש, איסים, פון וועלכע עס שטאַמט דער קריסטלעכער געזעצגעבער און די אַפּאַסטאַלן, און ס'איז כּדאי צו דערוויסן זיך, וועלכע מיינונג פילאָן האָט וועגן דער סעקטע געהאַט. צופאָר אָבער וועלן מיר זיך באַקענען מיט דער סעקטע, די לעצטע פון די דריי: פּרושים, צדוקים און איסים.

אָפּגעזונדערט. ניט נאָר פון מענטשן נאָר אויך פונם וועלט-טומל, פלעגן זיי זיך אויפהאַלטן ווייט פון מענטשלעכן ישוב און געלעבט אַ קאָמוניש לעבן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז פון קיין מסחר האָבן זיי ניט געוואוסט און זיך נאָר אָפּגעגעבן מיט אַגריקולטור און פאַרשידענע מלאכות. אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי זיך באַשעפטיקט מיט דער אַרבעט. געאַרבעט צוזאַמען, געגעסן צוזאַמען און יעדן אָוונט פאַרבראַכט אין פאַרשידענע מאָראַלישע געשפּרעכן. דער טאָג שבת אָבער איז פון זיי באַשטימט געוואָרן צו אַ אויסערגעוויינלעכער גאָטעס-דינסט און צו פאַרטון זיך אין די הייליקע שריפטן. ווי דער שטייגער זייערער יעדן טאָג, אַזוי אויך שבת פלעגן זיי אויפשטיין פאַר זונען-אויפגאַנג און זיך טובלן אין קוואַל-וואַסער, אָנקליידן זיך אין ווייסע קליידער און קומענדיק אין דער שול וואָס זיי פלעגן פאַר זיך אויסבויען, זיך אָפּגעבן צו ערשט מיט תּפלה, נאָכדעם זיך צוזעצן שורות'ווייז און מיט דעם גרעסטן יראת הכּבוד זיך צוהערן צו דער תּורה, וועלכע זייערע לערער, די זקנים, פלעגן פאַר זיי לערנען. די שול זייערע, אָדער ווי זי ווערט גערופן פון זיי „אהל מועד”, איז געווען פון צוויי אָפּטיילונגען: איינע פאַר מענער, די צווייטע פאַר פרויען, ווייל אויך די איסים'שע פרויען קומען צו פאַרנעמען דאָס לעבעדיקע הייליקע וואָרט. די וואַנט, די מחיצה צווישן די מענער און פרויען, איז פון דריי ביז פיר מעטער די הויך געווען.

צו ווערן אַ מיטגליד אין דער סעקטע קומט אַזוי לייכט ניט אָן, און אויך דער, וועלכער האָט שוין די זכיה אויפגענומען צו ווערן, רעכנט זיך ניט פאַר קיין אַקטיווער ביז נאָכן יאָר פון זיין אויפגענומען ווערן. אין משך פון אַ יאָר האָלט ער עקזאַמען אויף צו קענען נאָכקומען אַלע אָנגעצייכנטע געזעצע פאַר אַזאַ מיטגליד, און ערשט נאָכן יאָר, ווען ער האָלט אוים דעם עקזאַמען ווערט ער פאַררעכנט אַלס אַ ערשט-יאָריקער איסי'שער „רעקרוט”... וועלכער איז באַרעכטיקט זיך צו טובל'ן יעדן פרימאָרגן גלייך מיט אַלע איסים, און ערשט נאָך דריי יאָר, ווען ער האָלט אוים פּראָבע, ווערט ער דעפיניטיוו אָנגענומען פאַר אַ חבר און דאַרף אָפּהאַלטן די שבועה, וועלכע באַשטייט פון די פונקטן:

1) מורא האָבן פאַר גאָט און מיטן גרעסטן יראת הכּבוד אים דינען. 2) צו שטרעבן נאָר גוטעס צו טון, ניט נאַרן קיין מענטשן, ניט מיט איינגענער אָבזיכט און ניט דורך אַ באַפעל פון אַ צווייטן. 3) ווען ער וועט

באַשטימט ווערן אויף אַ רעגירונגס־אמט זאָל ער דעם אמט ניט פאַר־שוועכן מיט שלעכטע מעשים, ער דאַרף ניט שטאָלצירן. ווען אים אויס־קומען זיין אַ שופט — אויספאָלגן אַלע פאַר אים צוגעשריבענע געזעצן אין דער תורה. 4) אַראָפּרייסן די מאַסקע פון יעדן פאַרמאַסקירטן מיט אַ מאַסקע פון צדק און יושר, דאָרט וואו אין דער ווירקלעכקייט פירט ער זיך אַזוי ניט אויף. 5) ניט צו איבערגעבן די סודות התורה, וועלכע ווערן פון די איסים געלערנט מיט זיין אייגענעם פירוש... און ערשט נאָך דער שבועה ווערט ער א חבר צוגלייך מיט אַלע חברים און עסן מיט זיי צוזאַמען אויף איין טיש.

שבת, ווען די איסים זעצן זיך צום טיש עסן, אַלע אין ווייסן גע־קליידעט, האַלטן זיי פריער אָפּ אַ באַשטימטע תפלה מיט געזאַנג און נאָכדעם פאַרנעמען זיי פּלאַץ, יונגערע נאָך עלטערע, און עלטערע מיינט ניט אינם זין פון יאָרן, נאָר דער, וועלכער איז אַ עלטערער מיטגליד אין דער חברה. די איסים באַנוצן זיך ניט מיט דינערשאַפטן. די נאַטור — זאָגן זיי — ווייסט ניט פון גרעסער ביז קלענער, ביי איר זיינען אַלע גלייך, און נאָר שלעכטע האַרטהערציקע גיין קעגן דער נאַטור צו מאַכן אַ אונטערשיד פון מענטש ביז מענטש...

דאָס איז נאָר אין קורצן באַשריבן דאָס לעבן פון די איסים. און ווען אפּאלאָס, פילאָן׳ס זון, האָט געוואָלט אין דער חברה אַריינקומען, האָט אים דאָך דער פאָטער אָפּגעהאַלטן, דערקלערנדיק אים, אַז ווען אויך זיי — די איסים — אַן און פאַר זיך זיינען גאַנץ פיינע, גאַנץ אָרנטלעכע, גאַנץ פרומע, און אפילו אויך הייליקע מענטשן, דאָך קען מען פון זיי ניט צופרידן זיין מיט זייער אָפּגעזונדערטקייט. דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן ניט פאַר זיך, ער אַליין זאָל זאָרגן נאָר פאַר זיך, נאָר אויך און אפשר הויפּטזעכלעך, פאַר אַ צווייטן. זיי, די איסים, געפעלן מיר אויך ניט פאַר זייערע אין הימל אויגן גלאָצונגען... (מיר דערמאָנען דאָ נאָך אַמאָל די קריסטנטום־באַוועגונג צו יענער צייט, מיט די אַפּאָסטאָלן וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון דער חברה און וועמענס הויפּט־לערע איז געווען אַ הימל אויגנגלאָצנדיקע... מ. ר.) וואָס פאַר אַ טובה טוען זיי דער מענטש־הייט מיט זייערע הייליקע נזירות?.. זיי פאַראַכטן דאָס רייכטום, און איך גלויב אַז ס׳איז פיל בעסער צו זיין רייך און מיט דעם רייכקייט קומען צוהילף אָרימע, איידער צו זיין אָרים און מיט דעם אָרימקייט קיינעם

קיין טובה ניט טון. זיי פאַראַכטן כבוד? און איך בין ניט ערב, אַז ווען מען זאָל זיי כּבוד אָפּגעבן וואָלטן זיי ניט שטאָלץ געווען... דו, מיין זון, זיי פּרום, זיי גוט, און אַזעלכער ביזטו דאָך, אָבער זאָרג זיך פאַר אַ צווייטן, ניט נאָר כּדי אים מאַכן גוט און פרום, נאָר אויך גליקלעך...

פיל, זייער פיל איז פילאָן אויסגעשטאַנען פון דעם נידערטרעכ־טיקן אַפּיאָן, וועלכער האָט אָנגענומען המנ׳ס מעטאָדע, ניט נאָר מיט אים אַליין זיך רעכענען, אין אים אַליין זיך נוקם זיין, נאָר אין אַלע אידן. און ווען אפּיאָן האָט געשריבן אַ בוך, פול מיט גיפט, קעגן די אידן, איז פילאָן אַרוים מיט זיין בוך „קעגן אפּיאָן", אין וועלכן ער האָט צו נישט געמאַכט, מבטל געווען, אַלע בלבולים זיינע. און ווען קאַיוס האָט אַ באַפעל געגעבן אַריינצושטעלן זיין בילד אין קדשי קדשים און עס רופן מיטן נאָמען פונם גאָט צעאוס, איז פילאָן אויסדערוויילט געוואָרן צו פאָרן נאָך רוים און בעטן אויף צוריקציען דעם באַפעל. און ווען ער האָט ניט געקענט פועלן ביי אים, האָט ער זיך געווענדעט צו אגריפּאַ, דער כלומרשטער קעניג פון אידן, אָבער דאָך אַ גרויסער חשוב ביי קאַיוס, און דורך אים איז דער באַפעל צוריקגעצויגן געוואָרן...

דער נאָמען פילאָן איז פאַראייביקט געוואָרן אין דער היסטאָריע, ווי אַלע אַנדערע גרויסע אידישע פּערזענלעכקייטן.

**ג. תת״ב** — 42 — אַגריפּוס איז נושא חן אין די אויגן פון קלודיוס און באַשטימט אים אלס הערשער איבערן גאַנצן לאַנד יהודה. די אידן ליבן און אכטן אים זייער.

**ג. תת״ד** — 44 — דער טויט פון אגריפּאַס. יהודה גייט ווידער אַמאָל אי־בער צו די רוימער. אַ הונגער אין לאַנד.

**ג. תת״ה** — 45 — הורדוס, אַגרי־פּאַס ברודער, ווערט באַשטימט פון די רוימער אַלס נשיא אין לאַנד.

**ג. תת״ח** — 48 — אַגריפּוס דער צווייטער, ווערט אַ נשיא נאָכן טויט פון הורדוס.

**ג. תתי״ב** — 52 — אידן און קריסטן ווערן אַרויסגעטריבן פון רוים פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע וועגן זייער גלויבן.

**ג. תתי״ד** — 54 — ניראָן (נעראָן), דער קיסר פון רוים דערלויבט אידן צוריק־צוקערן זיך קיין רוים. נעמט צו ביי אגרי־פּוס די שטאָט חלתית און גיט אים אַנשטאָט איר, אַנדערע שטעט.

**ג. תתי״ח** — 58 — דער טויט פון רבן גמליאל. אונקלוס, זיין תלמיד, טיילט אים צו גרויס כבוד. רבן שמעון, זיין זון, ווערט דער נשיא פון די סנהדרין.

**ג. תתכ״ב** — 62 — צאַנקערייען אין פאָלק וועגן די אינטערעסן פון דער

כהונה. דער רוימישער באפעל־האבער אין יהודה, נוצט עס אויס פאר א מאטיוו צו אונטערדריקן די אידן.

ג. תתכ"ד — 64 — ניראן (נעראן) וועלכער איז פריער געווען פריינטלעך צו די אידן, האט אנגעהויבן ארויסצואווייזן סמנים פון שנאה און האס. און דער פאל פון די צאנקערייען, וועלכע האבן געגעבן א געלעגנהייט דעם רוימישן שטעלפאר־טרעטער צו אונטערדריקן די אידן, האט אויך געהאט א ווירקונג אויף נעראן צום שלעכטן, און טראץ די אויפרעגונג פון די אידן און זייער בקשה צו אים אפצו־שטעלן די פארפאלגונגען, האט עס נעראן אין אכט ניט גענומען און ניט פארווערט דעם שטעלפארטרעטער פארצוזעצן די־זעלבע. פלארוס, דער שטעלפארטרעטער נאך דעם פריערדיקן, באפעלט צו דער־מארדן די פארנעמסטע פונם אידישן פאלק און קאנפיסקירן זייער האב און גוטס. בעראניקא, אגריפוס שוועסטער, וועלכע האט געהאט אן איינפלוס אין דער רוימישער רעגירונג, בעט אים ניט צו פארגיסן אומשולדיק בלוט. ער אנטזאגט איר בקשה. פיל אידן זיינען געצוואונגען צו פארלאזן דאס לאנד און פיל פלאנע־ווען צו מאכן אן אויפשטאנד.

ג. תתכ"ד — 64 — פלארוס שטרענגט זיך אן צו פארנעמען און דעראבערן דעם בית המקדש, ס'איז אים אבער ניט געלונגען, דאס פאלק ווייזט ארויס א מסירת נפש'דיקן ווידערשטאנד, און מורא האבנדיק פאר א קאמפלאט קעגן אים פארלאזט ער די שטאט.

ג. תתכ"ה — 65 — אויסגעבראכן א קלאסן־קאמף אין ירושלים. די הייזער פון די רייכע, אויך די רעגירונגס־געביי־דעס און דעם קעניג אגריפאס פאלאץ, ווערן פון די עקסטרעמע פאטריאטן אונ־טערגעצונדן און פארברענט.

ג. תתכ"ו — 66 — דער אויפ־שטאנד קעגן די רוימער פארשטארקט זיך. נעראן שיקט וועספאסיאנוס'ן קיין ירושלים מלחמה האלטן. די מלחמה איז געווען א פארביטערטע מצד די רוימער, איבער די שווערע פארלוסטן וואס זיי האבן געהאט, און א פארצווייפלטע מצד די אידן. זיי האבן די שטאט מיט מסירת נפש פארטיידיקט. די אידישע העלדן האבן ארויסגעוויזן א אויסערגעוויינלעכע גבורה, די צאל פון די רוימער איז אבער געווען אומגעהייער גרויס און זיי האבן געזיגט. אלע פעסטונגען זיינען דורך וועספאסיאנוס'ן איינגענומען געווארן. צוויי הונדערט דרייסיק טויזנט זיינען גע־פאלן פון די אידן אין דער מלחמה.

## א איבערבליק איבער דער כראנאלאגיע פון דער עפאכע פון די חשמונאים ביז דעם חורבן בית שני.

ניט איינער פון די יונגע האט אונטערגעצונדן דאס ערשטע פייער; ניט איינער פון די יונגע האט זיך צום ערשטן מוסר נפש געווען פארן קיום פונם פאלק; ניט איינער פון די יונגע האט געהאט אין זיך דעם מוט צוצושטעלן דעם אולטימאטום וועגן א מלחמה מיט א שונא. וועלכער

איז הונדערטער מאָל מער אין צאָל געווען ווי דאָס אידישע פאָלק; דער אַלטער מתתיהו איז עס געווען, דער אַלטער גלויביקער אין גאָט, האָט אויך געגלויבט אין נצחון פון די מעטים איבער די רבים. ער האָט גע־גלויבט, ווייל ער האָט געהאַט אויף וועמען זיך סומך צו זיין, אַז נאָך זיין טויט וועט די מלחמה געפירט ווערן ביז צום ענטגילטיקן נצחון, פון די אויף וועמען ער איז זיך סומך. פינף זין האָט דער אַלטער דערצויגן און געפירט זיי אויף דעם וועג, אויף וועלכן זיינע עלטערן האָבן אים געפירט. נאָך דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע האָט מתתיהו נישט געלעבט לאַנג. ער האָט אָבער רואיק דעם טויט אויפגענומען, וויסנדיק אַז זיינע קינדער, וועלכע זיינען נאָך יונג און קרעפטיק, וועלן דעם שונא פונם לאַנד אינגאַנצן פאַרטרייבן; זיינע קינדער, אין וועמענס הערצער די ליבע צו פאָלק און צום לאַנד איז טיף, טיף איינגעפלאַנצט, וועלן די שווערד פון די הענט ניט אוועקלייגן ביז זיי וועלן די גאַנצע פרייהייט פאַרן פאָלק ניט אויסקעמפן.

און ס׳איז ווירקלעך צום באַוואונדערן די אויסגעקעמפטע פרייהייט; זיינען דאָך די רעוואָלוציאָנערן געווען ניט פון די מיוחסים, פון די גדולים, פונם פאָלקס רעגירונגס־פירער; דער אַזוי גערופענער כהן גדול מתתיהו, דער אָנפירער פון דער רעוואָלוציע איז געווען ניט מער ווי אַ כהן אינם קליינעם שטעטל מודיעים. אַ גאַנץ קליינער מיוחס, ער איז דאָך ניט געווען פון ישוע יאזונ׳ס עט קאָמפּאַניע׳ס חברה; עפּעס אַ כהן מיט אָפּגעלעבטע באַגריפן, איז דער אַלטער געווען... אַ נאַציאָנאַליסט מיט אַ אייפעריקע ליבע צו אַלעם וואָס האָט אַ נאַציאָנאַליסטישן ריח און וויינט גאָר ווי אַ קליין קינד וואָס ער קאָן ניט צוזען ווי זיין בית המקדש ווערט פאַר־שוועכט, און אָט דער — ביי די יאזונ׳ס און מענעלעאוס אָפּגעלעבטער קליינשטעטלדיקער כהן, פרעגט זיך אין קיינעם ניט אָן און רעוואָלטירט קעגן די פאָרגעשריטענע גריכן, וועלכע האָבן אַזאַ שיינע קולטור אַריינ־געבראַכט אין לאַנד. אויך אין לאַגער פון די גריכן האָט מען זיך פון דעם אַלטן אויסגעלאַכט. ער מאַכט זיך נאַריש דער אַלטער. אַ פליג וויל אַ בים טון דעם עלעפאַנט... האָט מען זיך דאָרט געוויצלט. און ווען מתתיהו איז געשטאָרבן (167 פ. ק.) און זיין זון יהודה איז געוואָרן דער קריגס־פירער, האָט מען זיך אין קעניגלעכן הויף פון די גריכן צום האַרצן ניט גענומען, און ערשט נאָכדעם, ווען אפאלאניוס מיט זיינע פילע טויזנטער

און נאָך אים סיראָן, מיט זיינע צענער טויזנטער סאָלדאַטן, האָבן די גרעסטע מפּלה געהאַט, האָט דער משוגענער עפּיפאַנוס פאַרשטאַנען אַז די מלחמה איז פיל ערנסטער ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. ער האָט זיך דאַן פאַרנומען דעם שטאַרקסטן קלאַפּ צו געבן און געשיקט ליסיאַס׳ן מיט פינף און זעכציק טויזנט פוסגייער און פינף טויזנט רייטער פאַרצו־זעצן די מלחמה מיט יהודה. און אויך דער העלד איז פון יהודה מיט נאָר צען טויזנט מאַן מיליטער, באַזיגט געוואָרן און דאָס לאַנד איז אין פאַר־לויף פון געציילטע יאָרן באַפרייט געוואָרן, ניט נאָר פון די גריכן אַליין נאָר אויך פון די מתיונים, די אַזויגערופענע העלעניסטן, איז עס באַפרייט געוואָרן. ווי גליקלעך וואָלט דאָס פאָלק געווען אונטער דער מכּבּעאישער דינאַסטיע, ווען ניט די שנאת אחים וואָס האָט זיך ווי אַ בייזער וואָרעם, ווי אַ גיפטיקע שלאַנג אַריינגעכאַפּט אין דער דינאַסטיע.

מיר וועלן דורכלאָזן דעם בּרידער־קריג און ווי אַזוי ער האָט זיך גע־שאַפן, מיר וועלן נאָר פאַרצייכענען די קאָנסעקווענצן פון דעמזעלבן, דאָס אַריינשלויכן זיך אין דער דינאַסטיע פון דעם אדומ׳יטער, וועלכער — נאָכדעם ווי ער האָט אומגעבּראַכט די מכּבּעער דינאַסטיע, האָט אויך אַריינגעבּראַכט דעם רוימישן אָדלער, וועלכער האָט מיט זיינע פליגל צע־בּראָכן דאָס לאַנד און מיט זיין שנאָבל געלעכערט דאָס הארץ פונם אי־דישן פאָלק.

הורדוס, דאָס איז דער נאָמען פון דעם אַדומי. כאָטש ער איז געווען פון אַ פרעמד פעלקערישן אָפּשטאַמונג און נאָך גאָר יונג, דאָך איז זיין איינפלוס אין לאַנד פון יהודה גאַנץ גרויס געוואָרן. און ווען מיר זאָגן אַז ער האָט דעם רוימישן אָדלער אַריינגעבּראַכט אין לאַנד, וויל עס ניט זאָגן, אַז דער אָדלער האָט צום ערשטן מאָל געוואוסט פון דעמזעלבן. זיינע פליגל זיינען נאָך אין די צייטן פון די מכּבּעער געווען אויסגעשפּרייט אויפן לאַנד. אנטיפּאַטער איז שוין אין די צייטן פון אנטיגנוס, באַשטימט געוואָרן פון רוים אַלס אַ רעגירונגס־מאַן מיט אַ אומבּאַשרענקטער מאַכט איבּער יהודה. און ווען דערזעלבּער אנטיפּאַטער מיט זיין זון הורדוס, צוזאַמען מיט אנטיגנוס, דער לעצטער קעניג פון דער מכּבּעאישער דינאַסטיע, זיינען געקומען באַגריסן יוליוס צעזאר, נאָך די פעסט־פייערונגען איבּער דער קרוינונג פון קלעאָפּאַטראַ, די עגיפּטישע קעניגן, האָט דער נידערטרעכ־

טיקער אנטיפאטער אים פאַרמסרט פאַר יוליוס, אַז אין דער צייט ווען ער, יוליוס צעזאר, איז געווען אין גרעסטן געפאַר ביי דער מלחמה אין עגיפטן, ווען קלעאָפּאַטרע׳ס עלטערער ברודער האָט אים מיט זיינע פינף טויזנט סאָלדאַטן אַרומגערינגלט, און ווען ניט ער מיט זיין זון הורדוס, אויך מעטאַרדאַט פון סוריא מיט זייער מיליטער, דער ערשטער מיט דעם פון סוריא און ער מיט זיין זון מיט דעם פון ירושלים, וואָלטן ניט געווען קומען אים צו הילף, וואָלט ער געווים צוזאַמען מיטן מיליטער גע־פאַנגען געוואָרן. דאַקעגן, אנטיגנוס, דער קעניג, האָט ניט געפונען פאַר נויטיק צו קומען צוהילף. אנטיגנוס האָט געזוכט איבערצוצייגן ניט נאָר זיין געטריישאַפט, נאָר אויך דאָס געטריישאַפט פון זיין פאָטער, אַרים־טאבול און זיין ברודער אלכסנדר, דער ערשטער, וועלכער — נאָך זיין באַפרייט ווערן פון געפענקעניש, איז געשיקט געוואָרן קיין סוריא מלחמה פירן מיט פאמפעאוס׳ן און דאָרט איז ער פון פאָמפּעאוס׳ס פריינט פאַר־גיפטעט געוואָרן, און דער צווייטער איז געקעפּט געוואָרן אויף פאָמפּעאוס באַפעל און אויב ער איז אים ניט געקומען צו הילף איז עס ניט געווען זיין שולד. דאָס מיליטער איז ניט געווען אין זיין רשות, נאָר אינם רשות פון זיין פעטער הורקנוס. „ווירקלעך, האָט אנטיפאטער זיך אָנגערופן, דער פעטער זיינער האָט געפונען פאַר וויכטיקער דאָס מיליטער אונטער מיין פירערשאַפט איבערצוגעבן און ניט אונטער דער פירערשאַפט פון זיין פלימעניק”. אין דעמזעלבן מאָמענט איז אַרויסגעטרעטן דער נידערטרעכ־טיקער הורדוס מיט אַ מסירה קעגן אנטיגנוס, אַז ווען זיי ביידע, אַלס סטודענטן, זיינען אַמאָל דורכגעגאַנגען דורך דעם פּאַרקן אין וועלכן עס שטייט די סטאַטוע פון דער וואלפיכע וועלכע גיט זויגן די צוויי ברידער רומולוס און רימוס, האָט זיך אנטיגנוס אויסגעדריקט: „אָט איז רוים די טאָכטער פון דער וואָלפיכע. אין יעדן רוימער פליסט דאָס בלוט פון אַ וואָלף...”

כאָטש די לעצטע באַשולדיקונג איז געווען אַ דורכאויס פאַלשע, האָט עס אָבער יוליוס צעזאר געגלויבט און ווענדענדיק צו אנטיפאטער האָט ער אויסגערופן: „אינם נאָמען פונם רוימישן סענאַט באַפעל איך: הורקנוס זאָל פאַרבלייבן כהן גדול, און דיך אנטיפאטער באַשטים איך אַלס הערשער איבערן לאַנד יהודה”. און דער גורל פון דעם אידישן פאָלק און אידיש

לאַנד איז מיט דער דאָזיקער באַשטימונג געשטעמפּלט געוואָרן אויף אונטערצוגייין...

הורדוס איז נאָך אַנטיפּאַטערס טויט געוואָרן קעניג איבער יהודה און האָט אומגעבראַכט די גאַנצע מכּבּעער פאַמיליע. דאָס אידישע פאָלק האָט פיל געליטן פון דעם אדומיטער, און — ווי געזאָגט — האָט ער דעם רוימישן אדלער, מיט זיינע שוואַרצע שטאַרקע פליגל, שאַרפע נעגל און שאַרפן שנאָבל אַריינגעבראַכט אין אידישן לאַנד, און דער חורבן בית שני איז געוואָרן.

**ג. תתכ״ט** — 69 — וועספּאַסיאַנוס ווערט קיסר אין רוים. זיין זון טיטוס ווערט פון אים געשיקט אין אידישן לאַנד פאָרצוזעצן די מלחמה.

**ג. תת״ל** — 70 — ירושלים ווערט באַלאַגערט דורך טיטוס. די שטאָט ווערט איינגענומען. טיטוס איז זיך שרעקלעך נוקם אין די אידן. פון שבעה עשר בתמוז האָט מען אויפגעהערט מקריב זיין קרבנות אין בית המקדש. דער בית המקדש צוזאַמען מיט אַלע זיינע הייליקע כלים ווערן פאַרברענט. פיל אידן איילן זיך צו אַנטלויפן קיין יעמען.

**ג. תתל״א** — 71 — די צעשטערונג פון די פעסטונגען אין פאַרשידענע אידישע שטעט. אידן אין אַ גרויסער צאָל ווערן פאַרשפּרייט איבער אַלע וועלטטיילן, אַממייסטן אין אַזיע. אַ גרויסער טייל באַזעצט זיך אין שפּאַניע. דער טעמפּל פון חוניו אין אַלעקסאַנדריע ווערט געשלאָסן. די סנהדרין באַזעצן זיך אין יבנה (יאַמניע) אונטער דער השגחה פון רבן יוחנן בן זכאי. יבנה ווערט אַ צענטער אויף צוזוציען די, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן די ווערט פון זיין אַרבעט, מיט וועלכער ער האָט אַ גייסטיקן בנין עדי עד אויסגעבויעט.

**ג. תתל״ה** — 75 — דער טויט פון רבי יוחנן בן זכאי. פאַרן טויט האָט ער געבעטן זיינע תלמידים צו גיין אין דעם וועג וואָס ער האָט פאַר זיי אויסגעטראָטן און זיי האָבן אויסגעפאָלגט די צוואה פון זייער רבין און זיך גענומען צו באַפעסטיקן די ישיבה אין יבנה (יאַמניע). נאָר איין תלמיד, ר׳ אלעזר בן ערך, האָט זיך אָפּגעטיילט און אַריבער קיין עממוים. רבן גמליאל ווערט באַשטימט פאַר אַ נשיא. רבן גמליאל איז געווען אַ שטרענגער און ענערגישער און ער, צוזאַמען מיט די סנהדרין, האָבן געפירט אַ גייסטיקן קאַמף מיט די פאַרשידענע סעקטן, איבערהויפּט מיט די אידן־קריסטן, וועלכע פלעגן קומען אין די שולן דאַווענען כדי צו שפּיאָנירן און פאַרמסרן פאַר דער רעגירונג די יעניקע אין וועלכע זיי האָבן זיך געוואָלט נוקם זיין. דאָס שטרענגקייט פון ר׳ גמליאל האָט אָבער אים פאַרשאַפט פיל קעגנער, וועלכע האָבן ניט געקענט דולדן ווי ער מיט זיין שטרענגקייט דערנידעריקט דעם כבוד פון די גרעסטע געלערטע, און ווען ער האָט איינמאָל אויף ניט קיין שיינעם אופן, באַליידיקט דעם

כבוד פונם גרויסן תנא רבי יהושע, האָט מען אים אראָפּגעזעצט פון זיין נשיאות און געמאַכט רבי אלעזר בן עזריה פאַר אַ נשיא. און ערשט נאָכדעם, ווען דאָס פאָלק האָט געהאַט אנזעען מיטן אַלטן רבן גמליאל, ווען די דערנידערונג האָט פאַרשאַפט עגמת נפש, האָבן זיי שוין ביידע געפירט דאָס נשיאות. — די גרינדונג פון די ישיבות אין ביתר, אושא, לוד, פקיעין און בני ברק.

**ג. תתל״ט** — 79 — טיטוס ווערט קעניג אין רוים. אין דער לעצטער צייט פון זיין לעבן ווייזט ער אַרויס פריינטשאַפט צו די אידן.

**ג. תתמ״א** — 81 — דאָמעציאַן, דער ברודער פון טיטוס, פאַרפאָלגט די אידן, לייגט אַרויף אויף זיי גרויסע שטייערן.

**ג. תתמ״ו** — 86 — דער טעמפּל פון חוניו אין אלכסנדריא ווערט אינגאַנצן צעשטערט.

**ג. תתנ״ח** — 98 — טריאַנוס, דער קיסר פון רוים, באַנעמט זיך מיט דער גרעסטער גרויזאַמקייט קעגן די אידן. זיין אכזריות ברענגט זיי אַרויס פון געדולד און זיי פּלאַנעווען אַן אויפשטאַנד. אין דער זעלבער צייט פון ליידן און פּיין, ווערט געגרינדעט אַ ישיבה אין דער שטאָט נציבין דורך ר׳ יהודה בן בתירה.

**ג. תתס״ז** — 107 — דער כבוד פון ר׳ יהושע בן חנניה אין קעניגלעכן הויף, איז אויף אַזוי פיל גרוים, זיינע קלוגע רייד אויף אַזוי פיל געשעצט, אַז דער קעניג פאַרשפּרעכט אים צו דערלויבן אויפבויען דעם בית המקדש אויפ׳סניי.

**ג. תתע״ה**—115—אין אַלעקסאַנדריע מאַכט די באַפעלקערונג אַן אויפשטאַנד קעגן די אידן. טריאַנוס פירט אָן אַ מלחמה קעגן די אידן וואָס וואוינען אויף דעם אינזל קפריסין, צווינגט זיי צו פאַרלאָזן זייער גלויבן. אלישע בן אבויה ווערט זיינער אַ מיטהעלפער.

**ג. תתע״ו** — 116 — אידן באַזעצן זיך אין די שטעט ביים רהיין, אממערסטן אין די שטעט קעלן און טריער.

**ג. תתע״ח** — 118 — דער טויט פון טריאַנוס. האדריאַן ווערט קעניג. פאַרשטייענדיק אַז ער איז ניט פעאיק אויף אויסצונוצן זיין מאַכט קעגן די אידן, האָט ער זיך פאַרנומען צו פירן זיין פּאָליטיק מיט פריינטלעכקייט און באַשלאָסן צו גיין מיט די אידן מיט גוטן. קטיעא בר שלום ווערט א שר ביי האדריאַנ׳ן. ער ווערט נאָכדעם פון אים געטויט. עקיבא בן יוסף ירש׳ענט זיין פאַרמעגן.

**ג. תת״פ** — 120 — האדריאַן דערלויבט אויפבויען דעם בית המקדש, נאָכדעם ווי עס איז פון טריאַנוס׳ן אָפּגעשטעלט געוואָרן. באַשטימט עקולאָס׳ן, דער איבערזעצער פון דער תורה, פאַר אַ אויפזעער אויף דער ארבעט. יוליאַנוס און פאַפּוס זאָרגן זיך פאַר די געלטמיטלען. די שמרונים גיין אויך איצט אָן מיט זייערע מסירות און פאַר׳מסר׳ן די אידן אַז זיי האָבן ניט בדעה מיט דעם אויפבויען דאָס בית המקדש גאָט צו דינען, נאָר אינגאַנצן זיך באַפרייען פון דער רוימישער מאַכט. האדריאַן גלויבט. באַפעלט אָפּצושטעלן דאָס בויען אויף דעם אָרט און עס בויען אויף אַ צווייט אָרט און אין ירושלים באַזעצט ער פיל געצנדינער. די אידן ווערן אויפגערעגט; פאַרזאַמלען זיך אין בית רימון און עמק יזרעאל און באַשטימען דאָרט אַן אויפשטאַנד. רבי יהושע האַלט זיי אָפּ.

**ג. תתפ״ב** — 122 — דער אויפ־

שטאַנד איז סוף כל סוף געשען. בר כוכבא ווערט - דער אַנפירער. זיינע גרויסע נצחונות.

**ג. תתצ"ב** — 132 — די שטאָט ביתר ווערט פון די רוימער באַלאַגערט. אידן ווייזן אַרויס זייער העלדישקייט. בר כוכבא הרג'עט — דורך אַ רוימישן פּאַראַט — ר' אליעזר המודעי.

**ג. תתצ"ה** — 135 — די שטאָט ביתר ווערט איינגענומען פון די רוימער, תשעה באב. אידן ליידן אַ שרעקלעכע ני־דערלאַגע. בר כוכבא פאַלט אין דער מלחמה, דאָס גאַנצע מיליטער ווערט גע־פאַנגען. פינף הונדערט מיט דרייסיק טויזנט זיינען געפאַלן טויטע. די איבערי־קע ווערן פאַרקויפט פאַר שקלאַפן. האַד־ריאַן בויעט אויס אויפ'סניי ירושלים און ענדערט דעם נאָמען פון ירושלים אויף איליאַס קאַפּיטאָלאַני. חכמי ישראל ווערן אויף אַ גרויזאַמען אופן דערמאָרדעט, צווישן זיי ר' עקיבא. — אונקלוס הגר איבערזעצט די תורה אויף גריכיש.

צווישן די צום טויט פאַר'משפט'ע אידישע גרויסע חכמים ווערט אויך אַריינגערעכנט דער גרויסער ר' עקיבא, אָט דער וואונדערבאַרער תנא וועלכער האָט — נאָך דער לעגענדע — פון אַ פּאַסטוך דערגרייכט צו דער מדרגה פון אַ תנא און ביי דער מלחמה פון בר כוכבא געוואָרן זיין — בר כוכבא'ס — איבערגעגעבענסטער פריינט און פאַרערער.

ס'איז כדאי באַקאַנט צו ווערן מיט דער בר כוכבא עפּאָכע, און די ראָל וואָס דער גרויסער ר' עקיבא האָט אין איר געשפּילט.

אַ צעטראָטענע אין איר אייגן בלוט, וואַלגערט זיך די בת יהודה פאַר די פיס פון דער בת רומי. לערך צוויי הונדערט יאָר האָט דאָס אידישע פאָלק געקעמפט מיט דעם רוימישן ריז. פון טאָג צו טאָג איז עס שוואַכער געוואָרן, פון טאָג צו טאָג איז דער מענטשן-פאַרלוסט גרעסער געוואָרן און דאָך זיך ניט אונטערגעגעבן. דאָס פאַלן פון ירושלים, דער אין פייער פאַרניכטעטע געוואָרענער בית המקדש, האָבן פאַרטויבט איר קאָפּ, אָפּגעשוואַכט די באַוועגונג פון איר האַרץ... אויף אַ מאָמענט אַ פאַר־חלש'טע געבליבן, אָבער ניט אָפּגעשטאָרבן. אויפגעוואַכט האָט עס זיך, צוריק באַקומען דעם פאַרלוירענעם מוט, געפילט זיך פריש, מיט באַנייטע קרעפטן, מיט אַ ענערגיע-צופלוס, און זיך געשטעלט, אונטער דער פאָן פון איר העלד בר כוכבא, אויף צו צערייסן די קייטן וועלכע די רוימער האָבן אויף אירע הענט אַרויפגעלייגט. וואונדערבאַר זיינען געווען די העלדנטאַטן וועלכע דער גבור האָט אַרויסגעוויזן, גרויס זיינען געווען די נצחונות וועלכע דאָס פאָלק האָט אָפּגעהאַלטן איבער די רוימער, און ווען

ניט דער אנגעצייכנטער שלימער גורל, וועלכער פאַרפאָלגט אויף טריט און שריט, וואָלט דאָס פאָלק זיך געווען באַפרייט און ווייטער געוואָרן זעלבסטשטענדיק.

וועלכע ס'זאָל ניט זיין די סבה וואָס האָט אנטמוטיקט דעם גבור, איינס איז אָבער זיכער, אַז ווען ניט די סבה, וואָלט דער לעצטער פאָלקס בראַך ניט געקומען. צוויי יאָר האָט די לעצטע מסירת נפש'דיקע מלחמה געדויערט, און מיטן פאַלן פון דער ביתר־פעסטונג איז דער גבור בר כוכבא צוזאַמען מיטן פאָלק געפאַלן, אויף ניט צו קאָנען מער צו די קרעפטן קומען. דאָס פאַרגאָסענע בלוט וואָס האָט אַריינגעשטראָמט אין טייך צלמון האָט מיט זיך מיטגענומען די לעצטע אידישע האָפנונג.

אויף איינעם פון די ציונס שיינע בערג איז אויפגעריכטעט דער יופיטער טעמפל און אויף די רואינען פון ירושלים איז אויסגעבויט אַ געצנדינערישע שטאָט „עליא (איליאַ) קאַפּיטאָלינא" אויף וועלכער ערד אַ אידישע פוס טאָר ניט טרעטן, צו באַנעצן דאָרט מיט די טרערן די שטיי־נער און קלאָגן אויפן חורבן פון זיין פאָלק. דער באַרבאַרישער אדריאַנוס, וועלכער האָט זיך נאָך ניט אָנגעזעטיקט מיט זיין נקמה, ווייסט גאַנץ גוט אַז מיט דער פאַרניכטונג פונם אידישן לאַנד איז נאָך דאָס אידנטום ניט פאַרניכטעט געוואָרן, און ער פאַרנעמט זיך צו פאַרניכטן עס. ער שרעקט זיך פאַר דער אידישער תורה וואָס די אידן, די פון אים פאַרשקלאַפטע, וועלן מיט זיך מיטברענגען קיין רוים. ער האָט מורא אַז די תורה זאָל ניט אונטערגראָבן אונטער די פילע געטער און זיי נידערשטירצן; ער ווייסט שוין וואָס פאַר אַ מאַגנעט זי פאַרמאָגט אין זיך. האָט זי דען ניט מאַגנע־טיזירט און צוגעצויגן צו זיך זיין שוועסטערקינד עקילאַס, וועלכער האָט עפנטלעך אָנגענומען די תורה פון די שקלאַפן, און ארויפגעצויגן אַ שאַנדע אויף דער גאַנצער קייזערלעכער פאַמיליע? ניין! צוזאַמען מיט די אידן זאָל אויך אונטערגיין די תורה זייערע, פאַרברענט וועט ווערן יעדער מאַן, יעדע פרוי, וואָס וועט אויספאָלגן יעטוועדן געזעץ פון דער זעלבער; פאַר־ברענט וועלן ווערן דער לערער צוזאַמען מיטן שילער, וועלכע וועלן וואַגן זי צו לערנען, צוזאַמען מיט איר וועלן זיי פאַרברענט ווערן. צעבראָכן, נידערגעשלאָגן, אַנטמוטיקט און פאַרצווייפלט איז דאָס פאָלק. נישטאָ מער קיין נביא וועלכער זאָל עס טרייסטן, אויפמונטערן און היילן דאָס האַרץ, דאָס פאַרוואונדעטע האַרץ. צעריסן איז דער בונד, צעפאַלן זיינען די באַנדן,

וועלכע האָבן דאָס פאָלק פאַראייניקט, סיי פיזיש און סיי גייסטיק. די אַלטע שנאה, וועלכע איז מיט פיל יאָרן צוריק צווישן די „כתות" געווען, האָט זיך לעצטנס נאָכאַמאָל באַנייט. די עסעער וועלכע האָבן פאַרלאָזט די „מלכותא דארעא" און זיך געצויגן צו „מלכותא דרקיע", זיי זיינען זיינע פאַרביטערטע שונאים געוואָרן און פרעדיקן כסדר אָנצונעמען דעם „מלכות שמים"... די צדוקים, האָבן זיך אינגאַנצן פאַרקויפט צו די רוימער, און דאָס ביסל וואָס ס'איז ביי זיי פאַרבליבן פון דער בכורה, האָבן זיי עס מפקיר געווען צוליב דאָס ביסל לינדזן וואָס די רוימער האָבן זיי געגעבן און חנפה'נען זיי אויף אַ עקלהאַפטן אופן, דערמיט צו געווינען זייער ליבע, און דערוויייטערן זיך אינגאַנצן פונם אומגליקלעכן פאָלק.

די עפּאָכע פון אנטיוכוס, איז געווען פאַר דעם מכבעער העלד און די עפּאָכע פון אַדריאַנוס, נאָך דעם „בר כוכבא" העלד. אין דער עפּאָכע פון אנטיוכוס, האָט דאָס פאָלק דערוואַרטעט אַ העלד. און איצט, אין דער עפּאָכע פון אדריאנוס, איז דער העלד געקומען און פאַרשוואונדן. יהודה מכבי און שמעון בר כוכבא: דער ערשטער ווערט געבענטשט, און דער צווייטער — געשאָלטן. איז דען דער צווייטער ניט געווען דערזעלבער פאָלקס־פריינט ווי דער ערשטער? האָט ער דען ניט פאַרמאָגט די זעלבע מאַכט, די זעלבע מוטיקייט ווי דער ערשטער? געבענטשט ווערט אָבער דער זיגער, און געשאָלטן — דער באַזיגטער.

דער דופק פונם פאָלק קלאַפּט נאָך, נאָר ווי שוואַך איז דאָס קלאַפּן זיינס... אָבער ווען דאָס פאָלק האָט פאַרלוירן זיינע פיזישע העלדן, זיינען דאָך ביי אים פאַרבליבן זיינע גייסטיקע העלדן, וועלכע טראָגן זייערע ליידן האָבן זיי מיט מסירת נפש פאַרגעזעצט זייער גייסטיקע אַרבעט. איינער פון די גייסטיקע העלדן איז דער גרויסער רבי עקיבא, וועלכער האָט זיך — ווי געזאָגט — איינגעשלאָסן אין דער רעוואָלוציע פון בר כוכבא און נאָך דער שרעקלעכער נידערלאַגע באַצאָלט מיט זיין לעבן. ניט גלייכגילטיק האָט ער געקענט פאַרבלייבן, זעענדיק פאַר זיך דעם העלד, וועלכן דאָס פאָלק האָט אים צוגערעכנט אַזאַ אויסערגעוויינלעכע גבורה. איז ער דאָך דער, וועמען דאָס פאָלק האָט געהאַלטן פאַרן צווייטן שמשון, איז ער דאָך דער, וועלכער האָט אין זיין מיליטער אַריינגענומען נאָר די וואָס האָבן באַזיצט די מער ווי געוויינלעכע מענטשלעכע קראַפט. ער איז זיין פריינט, זיין פאַרערער און זיין בעל עצה געוואָרן. פאַרן אידישן

משיח האָט ער אים גערעכנט. אויפגעמונטערט האָט ער דאָס פאָלק, די יונגערע — איינצושליסן זיך אין קאַמף קעגן דעם שונא, די עלטערע — מיט די גרעסטע שטייערן מיטצושטייערן פאַר דער מלחמה, די אַלע קריגס קאָסטן אויף זיך נעמען.

„בר כוכבא" האָט ער דעם קליין־שטעטלדיקן „כוזיבא" גבור גערופן. אויף אים מרמז געווען דעם נביא'ס ווערטער: „דרך כוכב מיעקב". פאַר אַ ליכטיקן שטערן אויפן אידישן — ביז אַהער פינסטערן — הימל פאַר־רעכנט. און ווי פול מיט שמחה איז זיין האַרץ געוואָרן ביי יעדן נצחון וואָס דער אידישער העלד האָט אָפּגעהאַלטן, און געגלויבט האָט ר' עקיבא אַז דער אידישער הימל וועט זיך אינגאַנצן אויסלייטערן, די אידישע מלוכה וועט צוריק באַנייט ווערן. די מכּבעער תּקופה חזר'ט זיך איבער. און דאָס אומגליק איז געשען: דער גבור איז געפאַלן און מיט אים צוזאַמען איז די אידישע האָפנונג — ווען ניט אינגאַנצן פאַרשוואונדן — אָבער ביז גאָר שוואַך געבליבן... גערייצט האָבן זיך מיט אים בר כוכבא'ס קעגנער, וועלכע זיינען צום פאָלקס אומגליק געווען, באַליידיקט האָבן זיי אים מיט די ווערטער: „יעלו עשבים בלחייך, עדין משיח לא בא"; „גראָז וועט פריער וואַקסן אויף דיינע באַקן ביז בר כוכבא וועט משיח ווערן"... ער האָט די באַליידיקונג מיט אַ ווייטיק אין האַרצן אַראָפּגעשלונגען. און ער האָט זיך פאַרנומען זיינע לעצטע יאָרן מיט מסירת נפש צו דער גייסטיקער אַרבעט איבערגעבן. און ניט אַכט נעמענדיק דעם פאַרבאָט פון דעם באַרבאַר אדריאַנוס ניט צו לערנען די אידישע תּורה, האָט ער עפנטלעך מקהיל קהלות געווען און פאַרשפּרייט גאָטס וואָרט. און ווען מען האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט אַז ער וועט באַצאָלן מיט זיין לעבן, האָט ער דאָס משל מיט די פיש געגעבן, אַז אַרויסקומען פון וואַסער אין וועלכן זיי לעבן וועלן זיי געווים שטאַרבן... און געלערנט האָט ער אַזוי לאַנג ביז ער איז אַרעסטירט געוואָרן, און מיט אַ שרעקלעכן טויט אומגעקומען, שטאַרבנדיק מיט שמע ישראל אויף די ליפּן...

די לעגענדע מיט זיין צוזאַמענטרעפן זיך פאַר זיין טויט אין דער תּפיסה אין צעסאַריע מיט אלישע בן אבויה, וועט דער לייענער געפונען צום לעצט פון בוך.

**ג. תתצ"ח** — 138 — אנטאניאוס פיוס ווערט קעניג נאך האדריאן. ער צייכנט זיך אויס מיט זיין פריינטלעך באַנעמען זיך צו יעדן. אידן פארלאנגען ניט פון אים קיין באזונדערע טובות, ווי נאר אפצושאפן די האדריאנישע גזירות קעגן זייער אמונה. רופוס שרייבט קיין רוים גוטע ווערטער פאר די אידן. אנטאניוס שאפט אפ אלע שלעכטע האדריאנישע געזעצן.

**ג. תת"ק** — 140 — ר' מאיר פארלאזט אושא, באזעצט זיך אין בבל. נאך א קורצער צייט קערט ער זיך צוריק און באזעצט זיך אין טבריה. ר' עקיבא'ס תלמידים, ר' יוסי בן חלפתא, דער מחבר פון „סדר עולם", ר' יהודה בר אילעאי, דער מחבר פון דעם ספרא אויף ויקרא. איז געווען געאכטעט פון די רוימער. רבי שמעון בר יוחאי איז געצוואונגען — א דאנק זיינע באליידיקנדע אויסגעשפראכענע ווערטער קעגן די רוימער — צו אנטלויפן און באהאלטן זיך אין א הייל צוזאמען מיט זיין זון ר' אליעזר, אין דער נאענטקייט פון טבריה.

**ג. תתק"כ** — 160 — רבן שמעון בן גמליאל, דער נשיא, האט זיך איבערגעצויגן פון אושא קיין טבריה. ר' נתן ווערט דער אב בית דין און ר' מאיר דער חכם אין די סנהדרין אין טבריה, צוויי אמטן צו וועלכע נאר פעאיקע האבן געהאט די זכיה זיי צו פארטרעטן. ר' מאיר אסר'ט דעם וויין פון די כותים. ר' ישמעאל בר' יוסי דערקלערט זיי פאר געצנדינער. די שנאה פון די כותים צו די אידן פארשטארקט זיך.

**ג. תתקנ"ג** — 193 — רבן גמליאל דער דריטער, ווערט דער נשיא פון די סנהדרין אין טבריה.

**ג. תתקע"א** — 211 — אונטער דער מאכט פון קאראקאלא, דער קיסר פון רוים, באקומען די אידן צוריק זייערע צוגענומענע רעכטן.

**ג. תתקע"ח** — 218 — דער קעניג העליאגאבאלוס איז פריינטלעך צו די אידן.

**ג. תתקפ"ב** — 222 — דער קעניג אלעקסאנדער סעווערוס איז זייער גוט צו די אידן, שאפט וועגן זיי גוטע געזעצן. ר' אלעזר, דער זון פון ר' שמעון בר יוחאי, ווערט פון אים באשטימט אלס א רעגירונגס באאמטער.

**ג. תתקצ"ה** — 235 — דער טויט פון אלעקסאנדער סעווערוס. אומארדנונג אין רוים. עס ווערט געשאפן א געזעץ אידן זאלן צאלן אלע רעגירונגס שטייערן.

**ג. תתקצ"ז** — 237 — ר' יהודה הנשיא איז מסדר די משנה. ער איז דער ליבלינג פונם אידישן פאלק און אויך פון די רוימער, א דאנק זיין חכמה און רעכטפארטיקייט. ר' חייא און ר' הושעיא, גרויסע חכמים. רב הונא ווערט דער ראש גלותא ביי די אידן אין בבל. שמואל ירחינאה, דער באוואוסטער צו יענער צייט אסטראנאם. רב, וועלכער רופט זיך אבא אריכא, גרינדעט א ישיבה אין סוריא ביים טייך פרת. בר קפרא, ר' לוי, ר' ישמעאל און רבי אליעזר, זיינען מסדר די ברייתות.

**ד'.** — 240 — דער טויט פון ר' יהודה הנשיא. רבן גמליאל, זיין זון, ווערט „נשיא". ר' שמעון, זיין צווייטער זון, אלס „חכם" און ר' חנינא בר חמא אלס „אב בית דין".

**ד. י"ט** — 259 — ארענאטוס, וועלכער שטאמט פון אידן גרינדעט א מלוכה

אין פּאַלמערא, מיט אַ אייגענער אויטאָ־
נאָמיע.

**ד. ל׳** — 270 — ר׳ יהודה בן גמליאל ווערט נשיא נאָכן פּאָטערס טויט, נאָך אַלס גאָר אַ יונגערמאַן. ר׳ יוחנן און ריש לקיש ווערן זיינע מיטהעלפער און לערער. די אידישע מלכה צענאביע רעגירט נאָך ארענאטוס, איר מאַנס טויט, אין פּאַל־מערא. זי פאַרגרעסערט די גרעניצן פון איר לאַנד. דעראָבערט עגיפּטן און באַ־שטימט אירע זין אַלס רעגירער. אויריא־לאַנוס, דער רוימישער קעניג, דערקלערט א מלחמה קעגן איר און באַזיגט זי. ער פאַרוויסט אַלע שטעט פון פּאַלמערא. די קעניגן צענאביע ווערט געפאַנגען און גע־פירט קיין רוים, דאָרט באַקומט זי אַ קע־ניגלעכע אויפנאַמע, מען באַשטימט פאַר איר א פּראַכטיקן פּאַלאַץ אויף צו וואוי־נען אין אים.—ר׳ יהודה בן גמליאל, דער נשיא, לייגט ארויף גרויסע שטייערן אויפן פאָלק. די אידישע חכמים, אממייסטן ר׳ יוסי פון מעון, פּראָטעסטירן. ר׳ יוסי האַלט אָפּ פּאַרטראַגן אין טבריה אין וועל־כע ער קריטיקירט דעם נשיא און איז דערפאַר געצוואונגען צו אנטלויפן פון דער שטאָט. ר׳ יוחנן און ריש לקיש זיינען זיך משתדל ביים נשיא ער זאָל אים דער־לויבן זיך צוריקצוקערן. זיי אגיטירן אָפּ־צושוואַכן דאָס נשיאות און פאַרשטאַרקן דאָס רבנות. דער תלמוד ירושלמי ווערט פאַרפאַסט דורך רבי יוחנן. דער טויט פון רב, דער ראש ישיבה אין סוריא. רב הונא גרינדעט אויפ׳סניי די ישיבה אין סוריא. רב יהודה בר׳ יחזקאל גרינדעט אַ ישיבה אין פומבדיתא.

**ד. נ׳** — 290 — רב אמי און רב אסי ווערן ר׳ יוחנן׳ס שטעלפאַרטרעטער. ר׳ אבהו גרינדעט אַ שולע אין קיסרי (צע־זאַריע). ער איז געאַכטעט ביי די פאַר־נעמסטע רוימער פאַר זיין רייכקייט און חכמה און אין דער צייט ווען די נשיאים זיינען געווען מאַכטלאָז צו באַשיצן דאָס פאָלק אנטקעגן זיינע שונאים, איז ר׳ אבהו געווען דער איינציקער וועלכער פלעגט דורך זיין גרויסן איינפלוס אין קעניגלעכן הויף פאַרטיידיקן עס און פאַרמיידן שלעכ־טע דעקרעטן. די תלמודישע לעגענדע דריקט זיך אויס וועגן אים מיט די ווער־טער: „ר׳ חנינא בן דוסא׳ס קול ווערט פאַרנומען אויבן און ר׳ אבהו׳ס אונטן, אין קיסר׳ס הויז”. זיינע חברים זיינען געווען די גרעסטע תלמידים פון ר׳ יוחנן, ר׳ חייא בר אבא און ר׳ שמעון, זיין ברו־דער. ווי גרויס זיין כבוד איז געווען אין רוים, איז צו זען פון דעם פאַקט, אַז ווען ער פלעגט קומען אַלס גאַסט צו איינעם פון די גרעסטע רוימער, פלעגן די אדע־ליקע פרויען אים אויפנעמען מיט געזאַנג און אים באַגריסן מיט די ווערטער: „דער גרעסטער פון זיין פאָלק, דער פירער פון זיין נאַציאָן, דאָס שיינענדיקע ליכט, זיי אונז ווילקאָמען”.

**ד. ס״ג** — 303 — די ערשטע פאַר־זאַמלונג פון ניינצן בישאָפּס אין שפּאַ־ניען צו באַראַטן זיך וועלכע מיטלען אָנ־צונעמען כדי צו פאַרשטאַרקן די רעליגיע. עס ווערט באַשטימט צו פאַרפאָלגן אַלע אַנדערע רעליגיאָנס-געגנאָסן, איבערהויפּט די אידן.

**ד. ס״ה** — 305 — ר׳ הלל, ר׳ יהודה הנשיא׳ס זון, ווערט אַ נשיא.

**ד. ע׳** — 310 — די פאַרזאַמלונג פון די חכמי ישראל וואָס איז פאַררופן גע־וואָרן דורך ר׳ הלל׳ן צו באַהאַנדלען די

פראגע וועגן די קביעות פון די חדשים און יאָרן.

**ד. ע"ב** — 312 — קאָנסטאַנטין דער גרויסער, דער רוימישער קעניג, נעמט אָן דאָס קריסטנטום. פאַרשענערט ירושלים מיט פּראַכטפולע פּאַלאַצן און שיינע קלויסטערס. גיט אַרויס שלעכטע גזרות אויף אידן. אַסאַך אידן וואַנדערן אויס, צוליב די פאַרפאָלונגען, קיין פּוילן, אונגאַרן און בעהמען.

**ד. ע"ח** — 318 — דער טויט פון ר' יהודה בר יחזקאל, דער ראש ישיבה פון פומבדיתא. די חכמים ווילן אויפנעמען אויף זיין אָרט פאַר אַ נשיא רב יוסף סגי נהור, ער וויל אָבער די נשיאות ניט אָננעמען ביים לעבן פון רבה בר נחמני. אין תלמוד ווערט דערציילט: ווען ר"ב יהודה בר יחזקאל איז נפטר געוואָרן, האָבן די בני ישיבה פון פומבדיתא זיך געווענדעט צו די חכמים פון ארץ ישראל מיט אַ פראַגע: ווער צו באַשטימען פאַר ראש ישיבה: רבה בר נחמני'ן, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט זיין שאַרפן שכל אין פלפול, אָדער רב יוסף'ן, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט זיין שאַרפן זכרון דורך וועלכן ער איז געווען אימשטאַנד צוזאַמענצונעמען פילע הלכות און זיי לערנען מיט זיינע תלמידים, און האָט ניט ליב צו באַשעפטיקן זיך מיט אַזעלכע הלכות וואָס האָבן ניט קיין פּראַקטישן ווערט אין לעבן: ווען מען האָט פאַר אים אַמאָל גע'דרש'עט וועגן דער הלכה פון קרבנות, האָט ער שפּאָטיש אויסגערופן: „דאָס איז אַ הלכה פאַר משיח..." און ווען די חכמים פון ארץ ישראל האָבן געגעבן דעם פאָרצוג רב יוסף'ן און געראָטן אים אויפצונעמען, האָט רב יוסף זיך אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד און געראָטן אויפצונעמען רבה'ן, וועלכער שטייט העכער פון אים אין שכל. וועגן זיין עניוות ווערט ווייטער דערציילט, אַז ער פלעגט קיינמאָל ניט רופן אַ אומן אים שלאָגן צו דער אָדער (אַ אָנגענומענע רפואה צו יענער צייט) נאָר אַליין גיין צו אים.

**ד. צ"** — 330 — קאָנסטאַנטין פירט איבער זיין רעזידענץ פון רוים קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל (ביצאַנץ). רב יהודה דער דריטער ווערט נשיא נאָכן טויט פון זיין פאָטער הלל.

**ד. ק'** — 340 — דער ראש הגולה, אבא מרי, וואַרפט אַריין רבה בר נחמני אין געפענקעניש פאַר זיינע רעוואָלוציאָנערע דרשות קעגן דער רעגירונג. זיין אַנטלויפן פון געפענקעניש און זיין טויט, וועלכער ווערט מיסטעריעזיש געשילדערט, כדי די רעגירונג זאָל זיך ניט דערוויסן. אין תלמוד ווערט וועגן זיין אַרעסט, זיין אַנטלויפן און זיין טויט פאָלגנדעס דערציילט:

אין זיינע צייטן איז געווען קעניג אין פּרס (פערסיע) און בבל, שבור דער צווייטער. זיין מוטער האָט זיך גערופן איפרא הורמיז. און אַזוי ווי זי איז געווען גוט צו די אידן, אַזוי איז ער געווען שלעכט. איבערהויפּט האָט ער געהאַסט די אידישע רעליגיע. אין יענער צייט האָבן שלעכטע מענטשן פאַרמסר'ט רבה בר נחמני אַז ער שטערט דורך זיין ישיבה צוועלף טויזנט יונגע מענטשן פון צו אַרבעטן אייניקע חדשים אין יאָר און אַז ער עקספּלאָטירט די אידישע באַפעלקערונג מיט זיין שטענדיק זאַמלען נדבות אויף אויסצוהאַלטן די ישיבה. דער קעניג האָט באַפוילן דעם ראש הגולה צו אַרעסטירן רבה'ן. ווען דאָס פערסישע מיליטער־געריכט איז געקומען קיין פומבדיתא צו

משפט׳ן רבה׳ן איז ער אַנטלאָפן און ארומגעוואַנדערט פון איין שטאָט צו דער צווייטער. אין איין טאָג, ווען רבה האָט זיך אויפגעהאַלטן אין א נאַכטלעגער, איז אַהין אויך פאַרפאָרן אַ קעניגלעכער באַאַמטער, וועלכער איז געשיקט געוואָרן אים אויפצוזוכן. דער באַאַמטער איז פאַר־שלאַפט געוואָרן און די בעלי בתים פונם נאַכטלעגער האָבן זיך געווענדעט צו רבה׳ן און אים געפרעגט אפשר ווייסט ער אַ הייל־מיטל צו דער שלאַפקייט. רבה האָט דאָס מיטל געגעבן און דער באַאַמ־טער איז געזונט געוואָרן. ער האָט אָבער דערקענט אַז נאָר אַזאַ מאַן ווי רבה בר נחמני׳ן איז דאָס הייל-מיטל באַוואוסט, און זוכנדיק אים דאָרט האָט ער אים גע־פונען. אבער אַרויסווייזנדיק אים זיין דאַנקבאַרקייט פאַר דעם וואָס ער האָט אים אויסקורירט האָט ער צו אים גע־זאָגט: „איך גיי אַוועק פון דאַנען און וועל דיך ניט אויסגעבן אַזוי לאַנג מען וועט מיר ניט אנטון קיין יסורים. וועט מען מיך אָבער אַזעלכע פאַרשאַפן, וועל איך דיך אויסגעבן. דערווייל בלייבסטו דאָ אַרעסטירט". ביינאַכט איז רבה דורך אַ וואונדער אַנטלאָפן. געפינענדיק אויפן וועג אן אָפּגעהאַקטן פאַלמען־בוים האָט ער זיך דאָרט אַנידערגעזעצט לערנען. דערהערנדיק דאָס רוישן פון די בלעטער אויף די בוימער האָט ער געגלויבט אַז דאָס פערסישע מיליטער פאַרפאָלגט אים און האָט אויפגעהערט צו לערנען און אַ זאָג געטון: „זאָל איך בעסער אַריינפאַלן אין די הענט פונם מלאך המות און ניט אין די הענט פון די פערסיער". און פאַר־ענדיקנדיק זיין לערנען מיט די ווערטער: „טהור, טהור", האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה... און ווען אביי מיט אַנדערע חכמים זיינען אַרויס אים זוכן, נאָך דעם בת קול וואָס זיי האָבן פאַרנומען, אַז רבה איז פאַרבעטן געוואָרן אין דער ישיבה של מעלה, האָבן זיי דערזען ווי א גרויסע מחנה פייגל האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער לופטן, פאַרשטעלנדיק די זון מיט זייערע צעשפרייטע פליגלען. האָבן זיי דערפון פאַרשטאַנען אַז די פייגל באַשיצן זיין קערפער פון דער זון און זיי האָבן אים אויף דעם אָרט געפונען און אים מקבר געווען. פון דעם אַלעם איז צו זען ווי גרויס רבה בר נחמני איז געווען אין די אויגן פונם פאָלק, וועלכעס האָט וועגן אים די אגדה געשאַפן. — רב יוסף ווערט ראש ישיבה אין פומבדיתא.

**ד. ק״א** — 341 — דער קריסטלעכער סאבאר האָט באַשטימט צו פייערן דעם רו־טאָג זונטיק אנשטאָט שבת, כדי צו דערווייטערן וואָס מער די קריסטן פון די אידן.

**ד. ק״ג** — 343 — רב נחמן בר יצחק ווערט ראש ישיבה נאָך רב יוסף.

**ד. קי״ג** — 353 — די אידן ווערן פארפאָלגט אין די צייטן פון קאנסטאַנטין דעם צווייטן. מאַכן א אויפשטאַנד. קאָנסטאַנטין איבט אויס א שרעקלעכע נקמה איבער זיי. רב הלל, דער דריטער, ווערט נשיא נאָך זיין פאָטער, רב יהודה דער דריטער.

**ד. קט״ז** — 356 — אין לאנד יעמען, אונטער דער הערשאַפט פון אידישע קע-ניגן, ווערט פאַרשפרייט די קריסטלעכע רעליגיע אין א גרויסן מאסשטאַב.

**ד. קכ״א** — 361 — יוליאנוס אפאסטאטוס, וועלכער הערשט אין רוים נאָך קאָנסטאַנטין, גיט אַרויס גוטע גע־זעצן אויף אידן; ער גיט אַרויס א גרויסע סומע געלט אויפצובויען אויפ׳סניי דעם

בית המקדש אין ירושלים. פיל פון די פערסישע אידן לאָזן זיך אַוועק קיין ירושלים, מיטפירנדיק מיט זיך זילבער און גאָלד אויף הוצאות צום בנין הבית.

**ד. ק״ל** — 370 — מר ימר ווערט ראש גלותא.

**ד. קל״ד** — 374 — שבור, דער פערסישער קעניג, אונטערדריקט גרויזאַם די אידן. ער דערמאָרדעט פיל אידישע חכמים, און פיל צווינגט ער אנצונעמען דאָס פערסישע גלויבן.

**ד. קל״ו** — 376 — דאַנקענד די פעלקער־וואַנדערונג, וועלכע האָט זיך פאַרצויגן ביז אינם 406־טן יאָר נ. קריסט. צייטרעכנונג, וואַנדערן אויך אויס אידן און באַזעצן זיך אין פאַרשידענע לענדער.

**ד. קמ״ה** — 385 — רבן גמליאל, דער זון פון ר׳ יהודה דער דריטער, ווערט נשיא.

**ד. ק״נ** — 390 — רב אשי ווערט דער ראש ישיבה אין סוריא. רבן גמליאל, דער נשיא אין טבריה, באַקומט פון טעאַדאסיוס׳ן, דער קעניג פון רוים, דעם טי־טול גובערנאַדאָר און ווערט באַשטימט אלס הויפּט־אויפזעער איבער אלע אידי־שע אינטערעסן אין ארץ ישראל. ער באַ־פעלט די שטעל-פאַרטרעטער אין פאַרשי־דענע לענדער ניט צו מישן זיך אין די אידישע אינטערעסן, וועלכע זיינען נוגע נאָר אידן אַליין און צו באַפרייען אַלע רעליגיעזע פאָרשטייער פון יעטוועדער שטייער־אָפּצאָל.

**ד. קס״ד** — 404 — הינאריוס, דער זון פון טעאדאסיוס, וועלכער ווערט קעניג אין רוים נאָך זיין פאָטערס טויט, דער־לויבט די אידן וואָס וואוינען אין זיין לאַנד צו שיקן זייערע נדבות צום נשיא קיין טבריה.

**ד. קס״ט** — 409 — דער זעלבער קעניג באַפעלט ניט צו צווינגען אידן צו קומען אין געריכטס־הייזער וועגן א אויס־פאָרשונג אָדער עדות אין די שבתים און ימים טובים. די אידן אין רוים באַשעפ־טיקן זיך מיט שקלאַפן־האַנדל...

**ד. קע״ב** — 412 — די אידישע שול אין אנטיאכיא ווערט פאַרברענט פון די קריסטלעכע איינוואוינער. דער קעניג הינאריוס באַפעלט זי אויפצובויען אויפ-סניי און ווענדט אָן זיין מאַכט אויף ניט צו דערלאָזן פאַרשטאַרקן זיך דעם רעלי־גיעזן האַס אין זיין לאַנד.

**ד. קע״ה** — 415 — אַ רעליגיעזער קאַמף האָט אויסגעבראָכן צווישן אידן און קריסטן אין אלעקסאַנדריע, פון מצרים. די קריסטן פאַרברענען פיל שולן. הונדערטער טויזנטער אידן ווערן אַרויס-געטריבן פון דער שטאָט.

**ד. ק״פ** — 420 — דער אָנהויב פונם מסדר זיין דעם תלמוד בבלי דורך רב אשי. הינאריוס ווערט שלעכט צו די אידן; ער באַפעלט ניט צו דערלאָזן זיי אויפ־בויען שולן. דערווייטערט די אידן וואָס האָבן געדינט אין זיין מיליטער.

**ד. קפ״ה** — 425 — דער קעניג טעאדאסיוס דער צווייטער, גיט אַרויס שלעכטע גזרות אויף אידן. דער אנהויב פון אידן פאַרפאָלגונג אין מיטלאַלטער.

**ד. קפ״ז** — 427 — די אידן, אונטער דער הערשאַפט פון די וואַנדאַלן, ביי די האַפן - שטעט פון אַפריקא, אין אַלזשיר, טריפּאָלים און טונים, לעבן אַ רואיק לעבן און געניסן גלויבנס־פרייהייט.

**ד. קפ״ח** — 428 — די אידן אויפן אינזל מינארקא זיינען געצוואונגען דורך די שרעקלעכע מאַרטירעריי אָפּצוזאָגן זיך פון זייער גלויבן. פיל פון זיי לאָזן איבער

זייער האָב און גוטס אָון אנטלויפן פון דאָרט.

**ד. קפ"ט** — 429 — אויפן באַפעל פון טעאָדאָסיוס און נאָכן טויט פון רבן גמליאל (די דרייצנטע גענעראַציאָן נאָך הלל) ווערט בטל דער נשיאות־אמט.

**ד. קצ"ב** — 432 — אויפן אינזל קאנדיא האָט זיך באַוויזן אַ פאַלשער משיח מיטן נאָמען משה און פאַר־שפּראָכן די אידן איבערפירן זיי דעם ים און זיי אַריינברענגען קיין ארץ ישראל. עס געפינען זיך פיל גלויביקע, וועלכע שטיצן אים מיט גרויסע סומען געלט מיט וועלכע ער אנטלויפט.

**ד. ר"י** — 450 — דאָס שליסן פונם תלמוד דורך רבינא און רב אשי. אויפן באַפעל פון יעסיזגערד דער דריטער, קעניג פון פערסיע, ווערן געשלאָסן אַלע שולן און ישיבות. פיל פון די חכמי ישראל ווערן דורך אים געטויטעט. רבינא פאַר־טרעט דאָס אָרט פון רב אשי, און נאָך אים רב הונא בר נתן.

**ד. רכ"ה** — 465 — דער בורגאָנ־דישער קעניג אין דרום גאַלליען שאַפט אַ געזעץ שטרענג צו באַשטראָפן די אידן וואָס וועלן וואַגן צו שלאָגן אַ קריסט.

**ד. רל"א** — 471 — אידן־פאַרפאָל־גונגען דורך טירוס, קעניג פון פערסיען.

**ד. ר"ם** — 480 — פאַהאַרא, פון דער פאַמיליע פון רב הונא בר נתן, דער ראש הגולה, ווערט אויפן באַפעל פון דעם פער־סישן קעניג — ראש הגולה.

**ד. ר"נ** — 490 — דער אויפשטאַנד פון די שמרונים ווערט דערשטיקט דורך דעם שטעל־פאַרטרעטער אין לאַנד.

**ד. רנ"א** — 491 — דער צווייטער שמרונים־אויפשטאַנד און די גרויסע נידער־לאַגע זייערע. די אידן אין ארץ ישראל ליידן דורכדעם.

**ד. רנ"ג** — 493 — טעאָדאָריך, דער קעניג פון די גאָטהען, וועלכער האָט דער־אָבערט רוימישע לענדער. באַשיצט די אידן קעגן די פאַרפאָלגונגען פון די בי־שאָפס. אידן באַזעצן זיך אין נעאַפּאָל, גענוא און מיילאַנד און פאַרשפּרייטן די אינדוסטריע אין די לענדער.

**ד. רנ"ה** — 495 — מר זוטרא, אַ אייניקל פון ר' חנינא, ווערט ראש הגולה אויפן אָרט פון פאַהאַרא.

**ד. רנ"ט** — 499 — אידן־פאַרפאָל־גונגען אין פערסיען דורך קאַבאַד, קעניג פון פערסיען. דער טויט פון רבינא.

**ד. ר"ס** — 500 — אַ מאַן אונטערן נאָמען טור, אָדער מאיר, גיט זיך אויס פאַר די אידן אין פערסיען אַלס משיח. פאַרזיכערט זיי צו פירן קיין ארץ ישראל מיט אַ עמוד־אש. מיט דער הילף פון פיר הונדערט מאַן, זיינע אנהענגער, געלינגט אים צו צעשלאָגן דאָס פערסישע מילי־טער, דעראָבערן אייניקע שטעט און זיי באַפעסטיקן.

**ד. רס"ח** — 508 — אין דער שטאָט ארלעס, אין לאַנד גאַלליא, צייכענען זיך אויס די אידן אין דער מלחמה וואָס איז פאַרפירט געוואָרן קעגן חלאָדוויג (קלאָ־דאָוויק), וועלכער האָט אונטערדריקט דאָס לאַנד און פאַרנומען פיל שטעט.—די מפּלה פונם פאַלשן משיח מאיר דורך קאַבאַד, קעניג פון פערסיען, נאָך זיבן יאָר פון זיין הערשאַפט.

**ד. ר"פ** — 520 — דער טויט פון מר זוטרא, דער ראש הגולה, פון ר' חנניא, זיין זיידע און פון ר' יצחק, זיין פריינט. אַלע דריי זיינען געהאָנגען גע־וואָרן דורכן פערסישן קעניג, אַ גרויסער

אידישער שונא. דאָס אַנטלויפן פון מר זוטרא, דער זון פון מר זוטרא, קיין ארץ ישראל. עס געלינגט אים צו באַפעסטיקן דעם לימוד התורה אין דער ישיבה פון טבריה, נאָכדעם ווי זי איז פאַרלאָזט געווען אריבער הונדערט יאָר. ער שטרענגט זיך אָן צו פאַרשפּרייטן דעם תלמוד בבלי אין ארץ ישראל. — אין רוים האָבן די קריסטן פאַרברענט די אידישע שול. צו די אידן אין גענעווא, איז צוריקגעקערט געוואָרן אַלע רעכטן אויפן באַפעל פון דעם גאָטהישן קעניג טעאדאריך. צוליב די פאַרפאָלגונגען אויף די אידן אין פּערסיען, וואַנדערן פון דאָרט אויס פיל אידן מיטן הויפּטפירערע רבן יוסף, קיין מאַלאַבאַר, אין אסט־אינדיען. זיי ווערן דאָרט פריינדלעך אויפגענומען פונם קעניג, וועלכער גיט פאַר זיי אָפּ די שטאָט קאָכין אויף צו וואוינען.

**ד. רפ״ג** — 523 — יוסטינוס דער ערשטער, קעניג פון ביזאַנץ, גיט אַרויס אַ געזעץ ניט צו לאָזן אַ אידן צו אַ רעגירונגס־אַמט און אויך ניט אַריינטרעטן אין מיליטער־דינסט.

**ד. רפ״ד** — 524 — די ענדע צו דער הערשאַפט פון אידן אין יעמען, וועלכע האָט געדויערט זעקס הונדערט יאָר.

**ד. ר״צ** — 530 — יוסטיאַנוס דער ערשטער, וועלכער קעניגט נאָך יוסטינוס דעם ערשטן, פּסל׳ט יעדן אידן אָדער שמרוני צו זיין אַ עדות אין די געריכטס הייזער. נעמט פון זיי צו די געבעט־הייזער און פאַרוואַנדלט זיי אין קירכן.

**ד. רצ״ה** — 535 — דאָס פאַרשליסן פון אידישע געבעט־הייזער אין די אפריקאַנישע אינזלען און דער פאַרבאָט פון גאָטעס־דינסט עפנטלעך, דורך אַ באַפעל פון יוסטיאַנוס.

**ד. רצ״ז** — 537 — דאָס טריישאַפט פון די אידן צו זייער קעניג אין נעאַפּאָל. זיי ווייזן אַרויס גרויס העלדישקייט אין דער מלחמה וואָס ווערט געפירט קעגן יוסטיאַנוס דעם ערשטן.

**ד. ש׳** — 540 — דער קעניג כילדעבערט, דער זון פון כלאָדוויג, וועלכער האָט זיין רעזידענץ אין פאַריז, גיט אַרויס שלעכטע גזרות אויף אידן. עס ווערט שטרענג פאַרבאָטן אידן אַרויסצוגיין פון זייערע הייזער אינם טאָג פון אַ קריסטלעכן יום-טוב.

**ד. שי״ב** — 552 — די גזרה פון יוסטיאַנוס, אַז די אידן זאָלן ניט פייערן דעם יו״ט פסח נאָך זייער חשבון.

**ד. שי״ג** — 553 — די גלחים אין איטאַליע ווענדן אָן אַלע אומערלעכע מיטלען אויף אויסצושמד׳ן די אידן. דער קעניג יוסטיאַנוס שטיצט זיי.

**ד. שכ״ב** — 562 — דער קעניג הילפּעריך, כלאָדוויגס אייניקל, צווינגט די אידן אָנצונעמען דאָס קריסטלעכע גלויבן. פיל אידן ווערן קריסטן לפּנים, אָבער אידן אין געהיים.

**ד. של״ט** — 579 — דער בישאָף אביטוס פון קלערמאָנט צווינגט די אידן ענטוועדער אָנצונעמען דאָס קריסטלעכע גלויבן אָדער אויסצוואַנדערן.

**ד. שמ״א** — 581 — די פאַרפאָלגונגען אויף אידן אין בבל און פּערסיען דורכן קעניג הארמיסדאס.

**ד. שמ״ו** — 586 — רעקאַרעד, דער קעניג פון שפּאַניען, וועלכער האָט אָנגענומען דאָס קריסטלעכע גלויבן, צווינגט די אידן צו ווערן קריסטן.

**ד. שמ״ט** — 589 — מעבאַד, דער פעלד־מאַרשאַל פון קאָסראָיעס דער צווייטער, קעניג פון פּערסיען, הרג׳עט פיל

דער ישיבה אין פומבדיתא. די באַנייאונג אידן אין אנטיאכיע. דער פּראָגרעס פון פון דער ישיבה אין סוריא דורך מר ענן. די גרינדונג פון דער ישיבה אין פּערוס־שאבור דורך ר׳ מרי. דער תלמוד ווערט פאַרשפּרייט און אנגענומען צו לערנען אים אין אלע ישיבות און דורכפירן אלע פאַרשריפטן אין אים. הלכה למעשה. דער אָנהויב פון די גאונים עפּאָכע, זייער קעגנערישע שטעלונג צו די ראשי הגולה בנוגע דאָס אויספאָלגונג פון פיל מצוות.

**ד. ש״נ** — 590 — דער באַפעל פונם פויפּסט גרעגאָר דער ערשטער, ניט צו צווינגען אידן אָנצונעמען דאָס קריסט־לעכע גלויבן, נאָר באַמיען זיך צו לער־נען מיט זיי די קריסטלעכע דאגמעס און פּרינציפּן, כדי זיי זאָלן עס מיטן גוטן ווילן אָננעמען.

**ד. שנ״א** — 591 — רעקאַרעד, דער שטיף־זון פון הילפּעריך, דער קעניג פון וועסטגאטען, פאַרווערט אידן צו היטן שבת און יו״ט, ניט מל זיין די קינדער און ניט אָפּזאָגן זיך פון קריסטלעכע שפּייזן.

**ד. שע״ה** — 615 — כלאטהאַר, דער קעניג פון פראנקרייך, גיט אַרויס א געזעץ מיט דער הסכמה פון די קריסט־לעכע גייסטלעכע, ניט דערלויבן אידן צו דינען אין מיליטער און אין דער מלוכה־שער פאַרוואַלטונג.

**ד. שפ״א** — 621 — אָפּגעשאַפט דעם פאַרבאָט צו צווינגען אידן אָננעמען דאָס קריסטלעכע גלויבן אין פראַנקרייך דורך סווינטילא. פיל אידן וואָס האָבן פאַרלאָזט דאָס לאַנד, ניט ווענדיק זיך אונטערוואַרפן די גזרה אויף צו שמדן זיך, קערן זיך אום צוריק און דינען גאָט עפנטלעך.

**ד. שפ״ד** — 624 — דער אָנהויב פון אידישע צרות דורך מחמד (מאַכמעד).

**ד. שפ״ח** — 628 — די צרות פון אידן אין ארץ ישראל דורך הערקליוס. די גזרה אז אידן זאָלן זיך ניט באַזעצן נעענטער פון דריי ווערסט קיין ירושלים.

**ד. שפ״ט** — 629 — דאַגאָבערט, דער קעניג פון פראַנקרייך, באַפעלט אַז אידן מוזן אָננעמען דאָס קריסטלעכע גלויבן, אָדער אינגאַנצן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

**ד. שצ״ב** — 632 — דער גירוש פון די אידן אין אראביען דורך אבו־בעקער, מחמד׳ס (מאַכמעד׳ס) שווער, וועלכער הערשט נאָך אים.

**ד. שצ״ג** — 633 — דאָס אָפּשאַפן פונם געזעץ אויף צו צווינגען אידן אָנ־נעמען דאָס קריסטלעכע גלויבן, אויפן באַפעל פון זיזענאַר, דער קעניג פון שפּאַ־ניען, מיט דער הסכמה פון די גייסטלעכע. ניט דערלויבן אידן אָננעמען א מלוכה־אמט אין לאַנד.

**ד. שצ״ז** — 637 — יעזדעגערד, קעניג פון פערסיען, פאַרבאָט אידן צו היטן שבת. טויטעט דעם ראש הגולה און מערערע אידישע חכמים. פיל אידן וואַרפט ער אַריין אין תפיסה.

**ד. שצ״ח** — 638 — הינטיליאַן, דער קעניג פון שפּאַניען איז גוזר, מיט דער הסכמה פון די גייסטלעכע אין טאָלעדא, אַז אידן זאָלן אָננעמען דאָס קריסטלעכע גלויבן, אָדער פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

**ד. ת׳** — 640 — אויפגעבויעט א מעשטשעט אויפן הר הבית אין די צייטן פונם קאַליף אמאר. געגעבן רעליגיאָנס־פרייהייט אין דער מחמד׳אנישער הער־שאַפט. די סורישע אידן אין ארץ ישראל

גיבן זיך אָפּ מיט מסחר און האָבן שיין פּרנסה.

**ד. ת״ב** — 642 — אין פּערסיע פאַרבעסערט זיך די אידישע לאַגע דורך דער דעראָבערונג פון אַ גרויסע טייל פונם לאַנד דורך אמאר׳ן, דער מחמד׳אַנישער קאַליף און אויך צוליב דעם חלום וואָס דעם קעניג האָט זיך גע׳חלומ׳ט.

**ד. תי״א** — 651 — די אידישע לאַגע אין פּערסיע בעסערט זיך. די באַנייאונג פונם ראש הגולה אמט, וואָס קומט פאָר אין די לעצטע יאָרן פון יעסדעגערד און אין די צייטן פון אמאַר, דער קאַליף, ביי דער הערשונג פון די מחמד׳אַנער איבער פּערסיע.

ס׳איז כדאי זיך לענגער אָפּשטעלן איבער דעם ערשטן ראש הגולה, בוסתנאַי, אין דער באַנייאונגס-צייט בפרט, און איבער די ראָל פון די ראשי הגולה בכלל. בוסתנאי האָט ער זיך גערופן, ווי די לעגענדע וויל האָבן, צוליב דער פאָלגענדער געשיכטע:

אַ פּערסישער קעניג האָט זיך פאַרנומען אויסראָטן די גאַנצע דינאַסטיע פונם בית דוד. אין איין נאַכט, ווען ער איז איינגעשלאָפן, האָט זיך אים גע׳חלומ׳ט אַז ער שטייט אין זיין גאָרטן און האַקט אוים מיט אַ האַק אַלע יונגע פרישע בוימער, און ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים לעצטן יונגן בוימעלע, האָט זיך פאָר אים באַוויזן אַן אַלטער מאַן, וועמענס אויסזען איז געווען ווי דאָס געזיכט פון אַ מלאך. נאָכדעם ווי דער אַלטער האָט מיט אַ שטאַרקער קראַפט ארויסגעכאַפּט די האַק פון זיין האַנט האָט ער אים אַ שטאַרקן קלאַפּ געטון און אַ זאָג געטון: „ווילסטו לעבן בלייבן, זאָלסטו דאָס יונגע בוימעלע ניט אויסהאַקן, און באַלד זאָלסטו שווערן אַז די וועסט אויספאָלגן מיין פאַרזאָג״. דער קעניג האָט געשוואוירן אויסצופאָלגן. ווען דער קעניג האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער דערזען בלוט פליסט פון זיין שטערן, און גלייך געלאָזט רופן איינעם פון די אידישע חכמים צו דערקלערן אים דעם חלום. דער אידישער חכם האָט עס אים דערקלערט מיט די ווערטער: „דער גאָרטן אין וועלכן דו ביזט געשטאַנען איז די דינאַסטיע פון בית דוד, וועלכער דו האָסט זיך פאַרנומען צו אויסראָטן. דאָס יונגע בוימל ווייזט אויף דעם קינד מיט וועלכן די נשיאה שוואַנגערט, דאָס לעצטע קינד פון דער דינאַסטיע״. דער קעניג האָט גלייך באַפוילן אַז מען זאָל די נשיאה אָפּהיטן ווי דאָס אויג פון קאָפּ ביז זי וועט אנטבונדן ווערן, און געבוירן האָט די נשיאה אַ זון, וועלכן מען האָט

אַ נאָמען געגעבן בוסתנאי, צוליב דעם גאָרטן (באסטאַן איז אַ גאָרטן אויף פערסיש).

ווען בוסתנאי איז גרויס געוואָרן, האָט אים דער קאַליף אַמאָר דער־הויבן צו דעם ראַנג פון אַ ראש הגולה און אים געגעבן די טאָכטער פונם פערסישן קעניג דאַרא, פאַר אַ פרוי.

די לעגענדע דערציילט ווייטער וועגן בוסתנאי: שטייענדיק איינמאָל פאַרן קעניג, האָט זיך אים געשטעלט אַ פליג אויפן שטערן און אַ ביס געטון ביז בלוט. בוסתנאי האָט זיך אָבער קיין ריר ניט געטון. ווען דער קעניג האָט אים געפרעגט פאַר וואָס ער האָט די פליג ניט אַראָפּגעטריבן, האָט ער דערויף געענטפערט: „פון מיין קינדהייט אָן האָט מען מיך גע־לערנט, אַז ווען איך וועל שטיין פאַר אַ קעניג זאָל איך ניט באַוועגן מיט קיין האַנט אָדער פוס". דעם קעניג איז דער ענטפער זייער געפעלן און אים געגעבן אַ זיגל אויף וועלכן ס'איז געווען אויסגעקריצט אַ פליג, מיט וועלכן ער פלעגט התמנ'ען אַלע דאָקומענטן ווען ער איז געוואָרן ראש הגולה. פון דער צייט האָט זיך די אידישע קהלה, אונטער דער הערשאַפט פונם איסלאַם, פאַרפאַלקאָמט און באַפעסטיקט סיי מאַטעריעליש און סיי גייסטיק.

דער ראַנג פון אידישע הויפּט־פאָרשטייער איז געווען אַ צוויי־געשטאַלטיקער: די ראשי הגולה און די גאונים. דער ראש הגולה האָט געטראָגן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. ער איז געווען דער רעפּרעזענטאַנט פון די אידן פאַרן הערשנדן קאַליף, צו פאַרטיידיקן אַלע זייערע אינטע־רעסן. ער איז אויך געווען דער וועלכער האָט געדאַרפט אויפמאָנען ביי אידן אַלע מלוכה־שטייערן און צושטעלן זיי דער רעגירונג. דער ראש הגולה האָט זיך גערעכנט אַלס איינער פון די הויכע רעגירונגס־באַאַמטע. ביי זיין אמט פלעג ער גיין געקליידעט אין אַ באַשטימטן פאַר אים אוני־פאָרם. פופציק דינער פלעגן פאַר זיין וואָגן לויפן, און בכלל איז זיין אויפ־פירונג געווען ווי איינער פון די העכסטע רעגירונגס־באַאַמטע. וואָס אנבאַ־לאַנגט אָבער אין אידישער וויסנשאַפט און רעליגיעזע ענינים, פלעגט מען זיך ווענדן צו די גאונים אין סוריא און פומבדיתא, די ראשי ישיבות.

דער אויפנאַם פון אַ ראש הגולה איז וואָלמעסיק דורכגעגאַנגען. דער דעת הקהל, מיטן הסכם פון די גאונים אין די ישיבות, פון סוריא און פומבדיתא, פלעג פאָרקומען מיט פראַכט און גלאַנץ.

דער אידישער אדעל, די געאַכטעטע זקנים, צוזאַמען מיט די אידישע ריכטער, פלעגן זיך פאַרזאַמלען קיין סוריא, די רעזידענץ פונם ראש הגולה, אין א באַשטימטן — פאַר דעם צוועק — סאַלאָן. דער סאַלאָן פלעג זיין באַצירט מיט זיידענע טעפיכער, און דריי טייערע שטולן זיינען אויבן אָן אַנידערגעשטעלט געוואָרן: צוויי, פון רעכטס און לינקס, פאַר די ראשי ישיבות און דער מיטלסטער פאַר דעם ראש הגולה. ווען דער ראש הגולה האָט זיך אַנידערגעזעצט פלעגט אויפשטיין דער גאון פון סוריא און האַלטן זיין דרשה, וועלכע איז געווען באַצוועקט צו לערנען דעם ראש הגולה ווי ער דאַרף זיך אויפפירן. צווישן אַנדערעס האָט ער אים געוואָרנט פון צו שטאָלצירן איבער די אויף וועלכע ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס הערשער. „ניט קיין הערשער דאַרפסטו איבער זיי זיין — האָט דער גאון אים געזאָגט — נאָר אַ קנעכט: „אם היום תהיה עבד לעם הזה״, — האָט ער אים געזאָגט מיט די ווערטער פון די זקנים צו רחבעם — וועט דאָס פאָלק דיר זיין איבערגעבן און געטריי״. דעם פינפטן טאָג נאָך דער ערשטער התמנות, פלעגן אַלע קומען אין שול און די ראשי ישיבות פלעגן אַרויפלייגן זייערע הענט אויף זיין קאָפּ און אים בענטשן, און גלייך נאָך דער ברכה איז געגעבן געוואָרן אַ סיגנאַל דורך שופרות און טראָמפּייטן, און אַלע פאַרזאַמלטע פון אינווייניק און אין דרויסן האָבן אויסגעשריען: „עס זאָל לעבן דער ראש הגולה (אָנרופן אים ביים נאָמען), אונזער נשיא אויף אייביק!״ און גלייך אים באַגלייט אַהיים מיט גרוים ענטוזיאַזם. פאַר זיין אַריינגאַנג אין זיין הויז האָט מען ווייטער געבלאָזן אין טראָמפּייטן און אים געוואָרנט אויפצופירן זיך מיט חסד און רחמים און זיין געדולדיק און טאָלעראַנט, און ממליץ געווען אויף אים דעם פסוק: „אלו פנו מסובלים, ווען די הערשער אונזערע זיינען „סבלנים״, דעמאלט איז „אין פרץ ואין צוחה״ הערן זיך ניט קיין בראַך-געשרייען״. און אַלע רייכע האָבן אים נאָכדעם אַריינגעשיקט ווערטפולע מתנות: טייערע קליידער, טייערן שמוק און גאָלדענע און זילבערנע געשיר. שבת איז פונם ראש הגולה צוגעגרייט געוואָרן אַ סעודה צו וועלכע ס׳זיינען געווען געלאַדן די ראשי ישיבות, די זקנים און הויכע רעגירונגס-באַאַמטע. ערב שבת איז אין שול צוגעגרייט געוואָרן פאַר אים אַ באַזונדערע בימה, אַ באַצירטע און דעקאָרירטע. שבת אין דער פרי איז ער אין דער באַגלייטונג פון די ראשי ישיבות און אָנגעזעענע מענער געקומען אין שול. איינער פון די גרעסטע מנגנים מיט אַ

כאָר האָט אָפּגעהאַלטן די גאָטעס־דינסט און געזונגען, באַשטימטע ווענן דעם ראש הגולה׳ס כבוד, קאַפּיטלעך תהלים. ווען ס׳איז געקומען די צייט פאַרן אַרויסנעמען די תורה, האָט זיך דער ראש הגולה — וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסן אונטער א פאַרהאַנג — באַוויזן און אַרויפקומענדיק אויף דער בימה איז דאָס פאָלק אין שול געשטאַנען ביז ער מיט די צוויי ראשי ישיבות האָבן זיך געזעצט. דאַן האָט דער חזן דערלאַנגט דעם ראש הגולה די ספר תורה און ער האָט געלייענט די פּרשת השבוע, אַ כבוד וואָס דער נשיא פון מלכי בית דוד האָט זוכה געווען צו דעם. (ירושלמי יומא פ״ז). מען האָט אים אויך צוגעטיילט דעם כבוד, אים אויפצורופן במקום כהן. נאָכן לייענען האָט דער ראש הגולה אָפּגעהאַלטן אַ דרשה. ווען ער זעלבסט איז ניט אימשטאַנד געווען דאָס צו טון, האָט דער גאון פון סוריא גע׳דרש׳עט. אינם קדיש, נאָך דער תפלה, האָט מען געזאָגט: „בחייכון וביומיכון ובחיי נשיאנו ראש גולת ישראל״. נאָך דער תפלה איז מען געקומען צו אים אויף דעם גרויסן קדוש וואָס ער האָט צוגעגרייט.

דער סדר פון קבלת פּנים פלעגט איבערגע׳חזר׳ט ווערן יעדעם יאָר אין שבת פון פּרשה „לך לך״. גערופן האָט מען עס: כלה רבתי, אָדער רגלא דריש גלותא. אשרי עין ראתה כל אלה.

**ד. תי״ג — 653** — די אויסערארדענטלעכע פאַרזאַמלונג פון די גלחים אין טאָלעדאָ האָט פאַרפליכטעט דעם קעניג צו פּראָקלאַמירן דאָס קאַטויליציזם אַלס הערשנדע רעליגיע איבערן גאַנצן לאַנד און שטרענג באַשטראָפן די וועלכע וועלן זי ניט אנערקענען.

**ד. תט״ז — 656** — דער מחמדנישער קאַליף עלי, באַשטימט בוסתנאי׳ן אַלס פינאַנץ־מיניסטער אין פּערסיע. ר׳ יצחק גאון איז געאַכטעט אין די אויגן פון קאַליף.

**ד. תל״ה — 675** — אידן ווערן אויסגעוויזן פון נארבאני.

**ד. תמ״ב — 682** — די גלחים אין טאָלעדאָ האָבן פאַרפאַסט אַכט און צוואַנציק פונקטן באַשטימטע אויף צו צווינגען די אידן אָנצונעמען דאָס קריסטנטום. פיל נעמען אָן אויגנשיינלעך דאָס קריסטלעכע גלויבן און פיל פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

**ד. ת״נ — 690** — א אידישע עמיגראַציע פון פּערסיע קיין רוסלאַנד, דייטשלאַנד און שווייצאַריע.

**ד. תנ״ד — 694** — דער שפּאַנישער קעניג, מיט דער צושטימונג פון די גלחים, באַפעלט צו קאָנפיסקירן דאָס פאַרמעגן פון די אידן, וועלכע האָבן ניט אָנגענומען דאָס קריסטנטום, צו פאַרקויפן זיי פאַר שקלאַפן און מיט גוואַלד צונעמען ביי זיי די זיבן־יעריקע קינדער און זיי דערציען אינם גייסט פון קריסטנטום.

**ד. תנ״ח — 698** — די באַזעצונג

פון פיל אידן, וויסנשאפטס־לייט און קאָ־מערציאַנטן, אין אפריקא. די דאָזיקע פרי־ווילעגיע איז זיי געגעבן געוואָרן פון דעם קאַליף פאַר זייער הילף אין דער מלחמה מיט אפריקא און קארטאגא.

**ד. ת״ם — 700** — דער שפּאַנישער קעניג וויטיצא האָט געוואָרפן די אַרויסגע־טריבענע אידן זיך צוריקצוקערן קיין שפּאַ־ניע. ער האָט זיי צוגעזאָגט צו געבן רע־ליגיע־פרייהייט און בירגער־רעכט. — די אידן פון דעמבעע האָבן באַקומען אויטאָ־נאָמיע אין דער פּראָווינץ לאַזטאַ דורך יהודית, דעם קעניג גדעונ׳ס טאָכטער, דער הערשער פון זאַמען אין אפריקאַ, וועלכע האָט חתונה געהאַט פאַר דעם הערשער פון בוגנאַ.

**ד. תפ״ב — 722** — לעאָ דער דריט־טער, דער קעניג פון גריכנלאַנד, צווינגט די אידן אָנצונעמען דאָס קריסטנטום. פיל נעמען עס אָן אויגנשיינלעך. אויפן באַפעל פון די קאַליפן ווערט געגעבן פול־מאַכט דעם ראש הגולה נאָך בוסתנאי, צו פירן די אידישע אינטערעסן נאָך זיין ווילן און פאַרשטאַנד. ס׳ווערט אים פאַר־טרויעט אויפצומאַנען ביי די אידן די רע־גירונגס־שטייערן און זיי איבערגעבן אין קעניגלעכן שאַץ־קאַמער. דער אמט האָט געפירט צו אַ באַליידיקונג אין דעם כבוד פון די גאונים און רבנים אין פומבדיתא, וועלכע פאַרלאָזן די שטאָט און באַזעצן זיך אין אַנדערע ערטער.

**ד. ת״צ — 730** — אין סוריא האָט זיך פאַרגעשטעלט אַ איד אַלס דער צוויי־טער משה וועלכער איז געשיקט געוואָרן פון גאָט צו העלפן די אידן באַפרייען זיי פון אַלע צרות און גרינדן פאַר זיי אַ אי־דישע מלוכה ווי אין דער גליקלעכער, פאַר זיי, עפּאָכע. פילע האָבן אים זייער צו־טרויען געשענקט און אָפּגעגעבן — נאָך זיין פאַרלאַנג — דאָס גאַנצע פאַרמעגן זייערס, מיט וועלכן ער איז אַנטלאָפן; אָבער אויפן באַפעל פונם קאַליף הֶעשאַם, איז ער געכאַפּט געוואָרן און אים אַרעס־טירט.

**ד. ת״ק — 740** — די כאַזאַרן, וואָס וואוינען אין מערב זייט פונם קאַספּישן ים ביז דעם שוואַרצן ים, האָבן אָנגענומען דאָס אידישע גלויבן. — אידן באַזעצן זיך צום ערשטן מאָל אין ענגלאַנד.

**ד. תק״ח — 748** — דער ראש הגולה שלמה, האָט ניט באַשטעטיקט די בחירה פון רב אחאי אלס גאון אין דער פומבדיתא׳ער ישיבה, און באַשטימט זיין תלמיד, מר רב נוטראי בר מר רב אמונא פאַר אַ גאון. די באַליידיקונג האָט רב אחאי ניט געקאָנט פאַרליידן און איז אוועק פון בבל קיין ארץ ישראל. רב שמעון קאַירא פאַרפאַסט זיין חבור „הלכות גדולות". מר רב יהודא בר מר רב נחמן ווערט באַשטימט אַלס גאון אין סוריא.

**ד. תקי״ב — 752** — דער קעניג פּיפּין דער קליינער איז גוט צו אידן. ער לערנט פון זייערע חכמים אידישע וויסנ־שאַפט אין געהיים פון די גלחים.

**ד. תקי״ד — 754** — אבו גיאַפאַר אַל מאַנזאָר, דער צווייטער קאַליף פון דער האַבאַסידענשער דינאַסטיע, האָט שטודירט אַסטראָלאָגיע און אַנדערע ווי־סנשאַפטן. ער באַשטימט געלערנטע אידן אויף רעגירונגס אַמטן. רב ענן גרינדעט די קאַראַאימישע סעקטע.

**ד. תקי״ח — 758** — אין די קאַ־ליפישע לענדער אין אַזיע ווערן אידן באַ־שטימט אויף גרויסע רעגירונגס־אַמטן.

**ד. תק״ל — 770** — מר רב מלכא

ווערט גאון אין פומבדיתא. זכאי — ראש הגולה. רב נוטראי בר סאבינאי — אלס דער צווייטער ראש הגולה דורך דער באַשטימונג פון א קעגנערישן צד.

**ד. תקל"ב** — 772 — דער טויט פון רב מלכא גאון. רב נוטראי ווערט אראָפּגעזעצט פונם ראש הגולה'דיקן אמט דורך דעם גאון מר רבה בר מר דוראי, וועלכער אנערקענט זכאי'ן אלס ראש הגולה. נוטראי באַזעצט זיך אין ארץ ישראל.

**ד. תקל"ח** — 778 — אין דער צייט פון קארל דעם גרויסן, דער זון פון פיפין דעם קליינעם, ווען ער באהערשט די פראנקען, לעבן די אידן אין פראנקרייך רואיק און פארזיכערט.

**ד. תקמ"ד** — 784 — דער גאון מר רב חנינא, דער זון פון אברהם הכהן, ווערט אראפּגעזעצט פון זיין אמט דורך דעם ראש הגולה זכאי. זיין אמט פארנעמט מר רב הונא הלוי.

**ד. תקנ"ח** — 798 — דער קעניג קארל דער גרויסער, האט געשיקט דריי דעלעגאטן, זיינע ראטגעבער, צום קאליף הארום אל ראשיד צו שליסן מיט אים א פריינטשאפטלעכן בונד. צווישן די דריי איז געווען א איד מיטן נאָמען יצחק.

**ד. תקס"א** — 801 — די צוויי קריסטלעכע דעלעגאטן, די פירסטן לאנגפרעד און זיגוסמונד, זיינען געשטאָרבן אויפן וועג, און דער דריטער, דער אידישער דעלעגאט, יצחק, האט דורכגעפירט די מיסיע אויפן בעסטן אופן. דער קעניג בלייבט פון אים העכסט צופרידן און שיקט אים א צווייטן מאל צום קאליף.

**ד. תקס"ט** — 809 — רב אבומאי, דער זון פון רב שרירא, און רב יוסף, דער זון פון חייא, ווערן גאונים אין פומבדיתא. דוד און דניאל — ראשי גולה.

**ד. תקע"ד** — 814 — קארל דער גרויסער האט פאר זיין טויט פארבאָטן אידן צו האלטן קריסטלעכע דינערשאפט. מר רב כהן צדק ווערט ראש ישיבה אין סוריא, זיין פעטער רב אברהם הכהן — דער ראש ישיבה אין פומבדיתא.

**ד. תקע"ז** — 817 — דער קעניג לודוויג דער פרומער פארהאלט זיך זייער גוט צו אידן. א איד מיטן נאָמען צדקיהו, איז באשטימט געוואָרן אלס זיין לייבדאָקטאָר.

**ד. תק"צ** — 830 — אגאבערט, דער בישאף פון דער שטאָט ליאָן, זוכט צו צושטערן דעם פרידן וואס האט געהערשט צווישן אידן און קריסטן. די אידן שיקן אן אָנקלאגע אויף אים צום קעניג לודוויג, און דער קעניג שיקט צוויי פון זיינע ראטגעבער קיין ליאָן צו שטערן דעם בישאף אין זיינע פּלענער.

**ד. תר"ה** — 845 — רב עמרם, דער ראש ישיבה אין סוריא, שיקט צו דעם נוסח פון אידישע תפלות אין די מזרחלענדער, צו די אידן אין שפאניען. די גייסטלעכע אין פאריז באשטימען דורכצופירן אלע גזרות אויף אידן, ארויסגעגעבענע פונם גאטישן קעניג אין שפאניען.

**ד. תר"כ** — 860 — דער בישאף רעמיניאוס, פון דער שטאָט ליאָן, באמיט זיך מיט אלערליי ניט קיין ערלעכע מיטלען אָפּשמד'ן אידישע קליינע קינדער, כדי רייכער צו מאכן דאס קריסטנטום מיט אידן משומדים.

**ד. תרמ"ז** — 887 — ר' יצחק בר חסדאי, א גרויסער חשוב ביי די קאליפן אין קאָרדאָווא, האט הויך געשטעלט די אידישע פּאָעזיע אין שפאניע. ער מונטערט אויף די שפאנישע אידן זיך צו

בילדן אויף אַלע ווינסשאַפטלעכע געביטן. דורך זיין איינפלוס האָבן די פּאָעטן שמואל אבן תיבון, מנחם בן סרוק און דונאש בן לאבראט, פון דער שטאָט פעז, דערגרייכט די העכסטע מדרגה אין פּאָע־זיע און גראַמאַטיק.

**ד. תרס"ה — 905 —** מר עוקבא פון דעם ראש הגולה זכאי'ס משפחה, ווערט באַשטימט — א דאנק זיין חשיבות ביים קאַליף — אַלס ראש הגולה אין צוויי טערמינען. ער ווערט אָבערביידע מאָל אַראָפּגעזעצט דורך די גאונים.

**ד. תר"ע — 910 —** דוד בר זכאי ווערט ראש הגולה. דער גאון מר רב יעקב, דער זון פון מר רב נוטראי און די רבנים פון דער ישיבה אין סוריא גיבן זייער צו־שטימונג. די גאונים אין פומבדיתא זיי־נען זיינע קעגנער.

**ד. תרע"ו — 916 —** נאָכן טויט פונם גאון מר רב יעקב פון סוריא, ווערט אויסדערוויילט דורך דעם ראש הגולה, דוד בן זכאי, אַן איינפאַכער, ניט קיין געלערנטער וועבער, מיטן נאָמען יום־טוב, אַלס ראש ישיבה אין פומבדיתא. דאָס גאַנצע פאָלק פּראָטעסטירט, ער ווערט אַראָפּגעזעצט און רב מבשר ווערט דער ראש ישיבה אין פומבדיתא.

**ד. תרפ"א — 921 —** מיט דער הסכמה פונם ראש הגולה ווערט געגרינ־דעט דורך מר רב כהן צדק א צווייטע ישיבה אין פומבדיתא.

**ד. תרפ"ה — 925 —** דער טויט פון רב מבשר.

**ד. תרפ"ז — 927 —** נאָכן טויט פון יום־טוב, דער ראש ישיבה פון סוריא, פאַרנעמט ר' נתן דעם אמט, און נאָכן טויט פון רב נתן ווערט רב סעדיה פון דער שטאָט פיתום, אין עגיפּטן, דער ראש ישיבה.

**ד. תרפ"ח — 928 —** דער ראש הגולה ווערט רב סעדיה'ס א קעגנער און וואַרפט אויף אים ארויף א חרם און באַ־שטימט רב יוסף, דער זון פון רב יעקב, פאַר א ראש ישיבה אויף זיין אָרט. רב סעדיה וואַרפט ארויף א חרם אויף דעם ראש הגולה דוד און באַמיט זיך איבער־צוגעבן דעם אמט פון ראש הגולה צו זיין ברודער יוסי. דער לעצטער אָבער שרעקט זיך פאַר זיין ברודער און אנטלויפט קיין קאַראַסאַן.

**ד. תרצ"א — 931 —** דער טויט פון יוסי בן זכאי אין קאַראַסאַן און דער ראש גלותא דוד טריאומפירט.

**ד. תרצ"ה — 935 —** רב סעדיה שליסט פרידן מיט דעם ראש הגולה און פאַרבלייבט ראש ישיבה אין סוריא. ער גיט אָבער איבער מיטן גוטן ווילן דעם אמט צו רב יוסף, דער זון פון רב יעקב.

**ד. תש"ב — 942 —** דער טויט פון רב סעדיה גאון. ער האָט אין זיין לעבן מחבר געווען פיל ספרים. ער האָט אויך איבערזעצט די תורה אויף אראביש.

**ד. תש"ג — 943 —** דער טויט פון דעם פומבדיתא'ר גאון רב חנינא, דער זון פון רב יהודה. רב אהרן, דער זון פון רב יוסף, ווערט באַשטימט אַלס גאון. רב חסדאי, דער זון פון רבי יצחק, ווערט פינאַנץ מיניסטער, הויפט ראַטגעבער און לייב־דאָקטאָר ביי דעם קאַליף אבדערחמן דער דריטער, אין קאָרדאָווא. רב חסדאי ווענדעט זיך שריפטלעך צום קעניג פון די כאזארן, ער זאָל אים מיטטיילן וועגן דעם שטאַנד פונם לאַנד, סיי מאַטעריעליש און סיי גייסטיק, וועגן זיין פאָלקס היסטאָריע און זיין שפּראַך.

**ד. תשי"ט** — 959 — דער אונטערגאנג פון דער סורישער ישיבה.

**ד. תש"כ** — 960 — נאָכן טויט פון רב אהרן, דער ראש ישיבה פון פומבדיתא, ווערט א שפּאַלטונג צווישן די רבנים און די לומדים, און עס בילדן זיך צוויי צדדים. איין צד ווילט אויס פאַר א ראש ישיבה רב נחמיה'ן, דער זון פון רב כהן צדק, און דער צווייטער — רב שרירא'ן, דער זון פון רב חנניא גאון. אין איטאַליע זיינען אידן אונטערוואַרפן אונטער דער ממשלה פון צוויי הערשער, אונטער דעם דייטשן קעניג, וועלכער איז אויך געווען דער הערשער פון רוים, און אונטער דער הערשאַפט פונם פויפּסט. די ביידע הערשער באַלעסטיקן די אידן מיט אומגעהייערע שטייערן.

**ד. תשל"ט** — 979 — נאָכן טויט פון רב נחמיה גאון ווערט רב שרירא איינשטימיק אנערקענט פאַר גאון אין פומבדיתא. רב שרירא פאַרשפּרייט די תורה אויך אין דער ישיבה פון דער שטאָט שאבור, אין וועלכער עס געפינען זיך ניינציק טויזנט אידן. די ישיבה איז געגרינדעט געוואָרן דורך זיין פאָטער ר' יהודה גאון.

**ד. תש"מ** — 980 — פיר הויכגעלערנטע תלמודיסטן: רב הושיאל, רב משה, רב שמריהו און נאָך איינער, וועלכע האָבן זיך אוועקגעלאָזט איבערן ים צוליב א רעליגיעזן צוועק זיינען געפאַנגען געוואָרן פון פיראַטן (ים־רויבער) און זיינען פון זיי פאַרקויפט געוואָרן אַלס שקלאַפן. די אלעקסאנדריער אידן האָבן אויסגעלייזט פאַר א גרויסע סומע געלט רב שמריהו'ן. רב הושיאל איז געקויפט געוואָרן פון א אידן פונם אינזל טינעזיען, די אידן פון קארדאווא האָבן געקויפט ר' משה'ן און אויך זיין זון, וועלכע איז שפּעטער געבראַכט געוואָרן צו זיי. ר' משה איז — א דאַנק זיין גרויס וויסנשאַפט אין דער תורה — באַשטימט געוואָרן אַלס געמיינדע־פאַרשטייער. די באַשטימונג איז באַשטעטיקט געוואָרן פונם קאַליף. פון שפּאַרטא זיינען ארויסגעטריבן געוואָרן אַלע אידן. ביי די אידן אין שפּאַניע האָט אויפגעבליט די וויסנשאַפט און האָט זיך פאַרשפּרייט איבער די פּירענעישע בערג, ביז דעם רהיין, וואו עס האָבן זיך געפונען אידישע קהלות. רב שרירא גאון פון פומבדיתא איז דערהויבן געוואָרן פון די אידן, וועלכע וואוינען ביים טייך פרת און ווערט באַשטימט פון זיי אַלס ראש הגולה און ראש ישיבה פון צוויי ישיבות. אין שלעזיען און בוהעמיע (בעהמען), אונטער דער הערשאַפט פון באַלעסלעאוס, ווערט ארויסגעגעבן גוטע געזעצן פאַר אידן.

**ד. תשנ"ז** — 997 — רב שרירא גיט איבער — אויף זיין עלטער — זיין אמט, צו רב האי גאון. רב האי גאון נעמט פאַר א פרוי די טאָכטער פון רב שמואל בר חפני, וועלכער אויסער אידישע וויסנשאַפט, איז ער אויך געווען א געלערנטער אין דער אַלוועלטלעכער וויסנשאַפט.

**ד. תשנ"ח** — 998 — נאָכן טויט פונם אידישן פאַרשטייער אין קאַרדאָווא, רב משה, האָט רב חנוך, זיין זון, פאַרטרעטן דעם אמט. ר' יוסף בן יצחק, בן סטאנאס, רב משה'ס א תלמיד, האָט אויפן באַפעל פונם קאַליף איבערזעצט דעם תלמוד אויף אראַביש.

**ד. תשנ"ט** — 999 — נאָכן טויט פון רב חסדאי האָט א גרויסע טייל פון דער געמיינדע אין קארדאווא רעוואָלטירט קעגן רב חנוך און געוואָלט אים אַראָפּ־

זעצן, און איבערגעבן זיין אמט צו רב יוסף בן יצחק. שלעכטע מענטשן האָבן פּאַרמסר׳ט רב שרירא גאון און זיין זון רב האי, אַז זיי האָבן זייער פאַרמעגן ניט אויף אַן אָרנטלעכן אופן געמאַכט. דער קאַליף באַפעלט צו קאָנפיסקירן זייער פאַרמעגן און זיי איינשפּאַרן אין תפיסה. נאָכדעם באַפעלט ער אויפצוהענגען רב שרירא׳ן. דער קאַליף איבערצייגט זיך אַז די מסירה איז געווען אַ פאַלשע און באַפרייט רב האי׳ן. ער ווערט ווידער ראש ישיבה אין פומבדיתא. רב יקותיאל, וועלכער איז געווען רב משה׳ס פריינט, ווערט דער געמיינדע־פאַרשטייער אין דער שטאָט קאַיראַן, אין אפריקא און צוזאַמען מיט רב שמריהו, וועלכער איז געוואָרן — נאָך זיין צוריקקערן זיך פון אַלעקסאנדריע — דער אויבער רב אין אל־קאהירא, גרינדן זיי ישיבות אויף צו לערנען תלמוד בבלי, און עס קומט פאַר אַ בריוו־וועקסל צווישן זיי און רב האי גאון. אין רוים גרינדעט זיך אַ רבנים־סעמינאַריע. אין דער שטאָט קעלן בויעט אוים די אידישע קהלה אַ פּראַכטפולע שול.

**ד. תשע״ה — 1015 —** דער טויט פון רב חנוך אינם מאָמענט ווען ער האָט גע׳דרש׳עט אום שמחת תורה, שטייענדיק אויף דער בימה, וואָס האָט זיך איינגעבראָכן אונטער זיינע פיס.

**ד. תשע״ח — 1018 —** ר׳ שמואל הלוי איז געקומען צוערשט פון קאָרדאָוואַ קיין מאַלאגא, און פון דאָרט קיין גראַנאַדאַ, און ווערט ראַטגעבער ביים קאַליף האבוס דער צווייטער, און צוליב זיין גרויס חשיבות, באַשטימט ער אים אַלס פאָרשטייער איבער אַלע אידן וואָס געפינען זיך אונטער זיין הערשאַפט.

**ד. תשע״ח — 1018 —** רב יוסף בן מיגאַש אנטלויפט צוליב אַ מסירה קיין סעווילל. דער טויט פונם קאַליף האבוס דער צווייטער. זיין זון באדים באַשטייגט זיין טראָן. ער באַשטימט ר׳ שמואל הנגיד אויף אַ הויכן פּאָסטן אין זיין רעגירונג. דער טויט פון רב הושיאל. רב חננאל, זיין זון, מיט זיין חבר רבינו נסים, איינער פון די גרעסטע תלמידים פון רב האי און ר׳ הושיאל, זיינען אנערקענט אַלס די גרעסטע לערנער. זייער איינפלוס איז ניט נאָר אין דער שטאָט קאַיראַן, נאָר אויך איבער אַלע פּראָווינצן, און אויך איבער פיל שטעט אין אפריקא. אין פעץ סטאַביליזירט זיך אַ גרויסע אידישע קהלה. ר׳ שמואל הנגיד איז זיך משתדל צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די אידן ניט נאָר אין שפּאַניען, נאָר אויך אין די לענדער אויסער שפּאַניען, ווי אין איטאַליע, אפריקא און אין די מאָרגן־לענדער.

ר׳ שמואל הנגיד איז אויך געווען אַ גרויסער פּאָעט און אַ זעלטענער געלערנטער. אַ בריוו־וועקסל קומט פאָר צווישן אים און רבינו נסים פון קאַיראָ. דורך דעם לעצטן ווערט פאַרשפּרייט די תורה פון רב האי גאון פון פומבדיתא אין אַלע שטעט פון שפּאַניען.

**ד. תשצ״ו — 1036 —** דער טויט פון רב האי גאון אין אַ טיפער עלטער; ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך פיל ספרים אין חכמת התורה אין דער אראַבישער שפּראַך, אויך אייניקע קבלה ספרים, וועלכע ער האָט פאַרפאַסט אינם דרך פון דעם גרויסן בעל מקובל ר׳ אברהם קאַבסי. חזקיהו, אַ אייניקל פון דוד ראש הגולה, ווערט באַשטימט אַלס ראש הגולה אין פומבדיתא נאָך רב האי׳ס טויט. פיל אידן פון מזרח־לאַנד אנטלויפן — דאַנ־

קענד די פאַרפאַלגונגען — קיין צפון־אַפריקא.

**ד. תשצ״ח — 1038 — דער קאַליף** אבדוללא קאים בעאמרילאה פון באַגדאַד, באַפעלט צו טויטן ר׳ חזקיה פון פומבדיתא, זיינע קינדער, מורא האָבנדיק מען זאָל זיי אויך ניט טויטן, אַנטלויפן קיין גראַנאַדאַ און ווערן פריינטלעך אויפגענומען פון ר׳ שמואל הנגיד. מיטן טויט פון ר׳ חזקיה ווערט געשלאָסן די ישיבה אין פומבדיתא.—עדוארד, דער קעניג פון ענגלאַנד, פאַרפאָלגט שרעקלעך די אידן; רעכנט זיי מיט זייער פאַרמעגן אַלס זיין אייגנטום, וועלכעס ער קאָנפיסקירט פון צייט צו צייט.

## אַ איבערבליק איבער דער כראָנאָלאָגיע פון נאָכן חורבן בית שני, ווען עס האָט זיך געשאַפן דער תלמוד און די פינף קלאַסן גייסטיקע אויטאָריטעטן: תנאים, אמוראים, סבוראים, סופרים און גאונים

די ערשטע שפּראָצונגען פון דער אידישער ליטעראַטור אין באַשרענקטן זין פון וואָרט, האָבן זיך געלאָזט מערקן אין דער צייט פונם בנין בית שני. מיר געפונען שוין צו יענער צייט אַפּאָקריפישע שריפטן, אין וועלכע עס געפינען זיך שטעלן, פאַרגלייכבאַרע מיט אַזעלכע וואָס געפינען זיך אין דער — מיט אַ צייט שפּעטער — תלמוד׳ישער און מדרש׳ער ליטעראַטור. און מערקווירדיק, אויך אין די ספרי הקודש, די מיט אַ צייט פאַר די אַפּאָקריפן געשאַפענע, נאָך דער מסורה נאָך — געפונען זיך שטעלן פון לעגענדן און הלכות, אַזעלכע וועלכע זיינען פיל שפּעטער אַרויסגעזאָגט געוואָרן. אין בראשית (י. ד.) למשל, געפינען מיר די לעגענדע פון די נפילים; אין איוב, די לעגענדע פונם שטן. פון הלכות, געפינען מיר אין תהלים, די באַשטימטע הלכה, דריי מאָל אין טאָג גאָט בעטן: „ערב ובקר וצהרים אשיחה״ (תהלים נה. י״ח). אויך אין דניאל נו. י״ד: תלתה ביומא בעא בעותא... די הלכה פון טומאה און טהרה, ביי דער געשטעלטער פראַגע צו די כהנים (חגי ב. י״ב). אויך אין קהלת געפונען זיך מערערע תלמודישע שטעלן, און ניט נאָר דער געדאַנק, נאָר אויך די שפּראַך פון קהלת איז גאַנץ ענלעך צו דער שפּראַך פונם תלמוד.

די אידישע ליטעראַטור צו יענער צייט האָט אויך ניט ווייניק אין זיך אַריינגענומען פון פרעמד־שפּראַכיקע ליטעראַטורן. דאָס אַלעס איז אָבער

געלייטערט געוואָרן מיטן אָנקומען פון עזרא און זי האָט באַקומען אַ לוי־טערע זויבערע צורה, אַ אידנטימלעכע און נאַציאָנאַלע.

וואָס אָנבעלאַנגט דאָס לאַנד אין וועלכן די אפאקריפן און שריפטן זיינען פאַרפאַסט געוואָרן, אין דער צייט צווישן עזרא און פילאָן אלכסנדרוני, איז אויסער די מגילת אסתר, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן אין בבל, זיינען אַלע אַנדערע ספרים פאַרפאַסט געוואָרן אין מצרים און אין ארץ ישראל. די שפּראַך פון די פאַרפאַסטע ספרים, איז — אין די צייטן ווען אידן זיינען געווען אונטערן פּראָטעקטאַראַט פון די גריכן — אַ אראַ־מעאישע, פאַרמישט מיט גריכישע ווערטער, און אין די שפּעטערע צייטן, אויך מיט רוימישע. אונטער די איבערגעבליבענע רעשטן פון דער ליטע־ראַטור, צו יענער צייט, ווערן אויך אַריינגערעכנט די מטבעות אויף וועלכע דער אויפשריפט אויף זיי איז געווען אַ טייל אין גריכיש און אַ טייל אין רוימיש.

אין די זעלבע וועגן פון עזרא, וועמענס שטרעבן איז געווען צו לייטערן די העברעאישע שפּראַך און אַריינברענגען אין איר אַ נאַציאָנאַלן גייסט, זיינען אויך געגאַנגען די אנשי כנסת הגדולה, וועמענס איינפלוס אין דער ליטעראַטור האָט זיך אַרויסגעוויזן ביז אין דער עפּאָכע פון די מכבעער.

די נאָכקומענדע, וועלכע האָבן פאַרגעזעצט די אַרבעט פון די אנשי כנסת הגדולה, זענען געווען די „סופרים", אָט די וועלכע האָבן צונויפגע־זאַמלט און איינגעאָרדנט אַלע ספרים פונם תנ"ך און געלייגט דעם ווינקל־שטיין פאַר דער „מסורה". זייער איינציקעס שטרעבן איז געווען צו פאַר־שפּרייטן צווישן פאָלק די וויסנשאַפט, וואָס די ספרים אנטהאַלטן און צו מאַכן די ספרים פאַרן „מרכז" פון רעליגיע און וויסנשאַפט. די סופרים האָבן אָנגעצייכנט דעם וועג און דעם סיסטעם אויף וועלכן און דורך וועלכן די ליטעראַטור זאָל זיך אַנטוויקלען. און פון יענער צייט, און פון יענער סופרים־אַרבעט, איז געוואָרן דער למוד פון דער תורה דער עיקר. די חכמי התורה און די לערער, זיינען געשטאַנען פיל העכער פון אַנדערע גדולים און אדללייט פונם פאָלק. כתר תורה — האָבן די סופרים זיך אויסגע־דריקט, — שטייט העכער פון כתר כהונה און כתר מלכות.

אַנדערע וויסנשאַפטן זיינען מער ניט געווען ווי נאָר אַ מיטל צו בעסער פאַרשטיין די תורה, אָדער, ווי מיר זאָלן זיי רופן פירושים צו דער תורה, סיי די „תרגומים", סיי די „מדרשים" האָבן די סופרים געהאַלטן

פאַר אַ טפל, נאָר די תורה איז פאַר אַ עיקר גערעכנט געוואָרן בײַ זײַ.

נאָך דעם קולטורעלן שטאַנד צו יענער ערשטער צײַט, איז דאָס לערנען אויף אויסנווייניק געווען דאָס הויפּטמיטל צו פאַרשפּרייטן וויסנשאַפט צווישן פאָלק, און דורך די זעלבע לומדים אויף אויסנווייניק, איז מיט דער צײַט געוואָרן אַ קאָלעקטיווע ליטעראַטור פון פאַרשידנאַרטיקע אידעען צוזאַמענשטעלונג.

די אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב, איז צו זען ערשט אין דער צײַט ווען די פּערסיער האָבן זייער הערשאַפט גע־האַט אין ארץ ישראל. אין דער צײַט פון אלכסנדר מוקדון, איז די גריכישע וויסנשאַפט אַרײַנגעדרינגען אין ארץ ישראל, און זי האָט גורם געווען, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל אנערקענען, אַז די ווערט פון תורת און הכמת ישראל, שטייט העכער אין מאָראַל פון דער גריכישער וויסנשאַפט, וועלכע פאַרמאָגט נאָר שיינע בלומען, אָבער אין איר געפינען זיך אויך ניט ווייניק שטעכערס און אפילו אויך ווערים. צו יענער צײַט זײַנען אויפגעשטאַנען שרײַבער מיט אויסערגעוויינלעכע טאַלאַנטן, ווי בן סירא און אריסטו־בולום — 190—70 פאַר דער קריסטלעכער צײַט־רעכענונג. אין זייער מלחמה קעגן די סורים, האָבן זיך אידן איבערצייגט, אַז דאָס לעבן און עקזיסטענץ פונם פאָלק איז אָפּהענגיק פון דער תורה, און דעריבער איז זייער שטרעבונג געווען מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג צו פאַרטיידיקן און באַשיצן די תורה פאַר אַלע שונאים און איבערצייגן זיי דאָס גערעכ־טיקייט און אמת׳דיקייט פון דער תורה.

און נאָך מער, זו האָבן זיך געזאָרגט פאַרן קיום הדת ניט נאָר טעאָרעטישערוויַיזע, נאָר אויך פּאַקטיש. זיי האָבן ניט געוואָלט וויסן פון אַ קאָמפּראָמיס, ווי די גריכן מיט זייער סינקרעטיזם (פּשרה׳דיקס) פון וועלכע עס האָט זיך געשאַפן די אַלעקסאַנדריער פילאָזאָפיע...

די סנהדרין, וועלכע שמעון הצדיק האָט אָרגאַניזירט (143 פ. ק.) האָבן געשאַפן פאַרן פאָלק פאַרשידענע געזעצן, וועלכע האָבן דערהויבן דאָס גייסטלעכע און מאָראַלישע לעבן פונם זעלבן. לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָט מען אָנגעהויבן זאַמלען אפּאקריפישע שריפטן און אויך פאַרפאַסן נייע און אָנשרײַבן זיי; אָבער דאָס שרײַבן האָט אַרויסגערופן אַ גרויס קעגנערשאַפט, ווייל תורה שבעל פה איז ניט דערלויבט געווען צו שרײַבן

ביז אין דער צייט פון דער משנה. צו יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַ ברייטע קאָלעקטיווע ליטעראַטור.

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף די הויפּט-גייסטיקע פיגורן, וועלכע פי־גורירן אין דער עפּאָכע און ווערן איינגעטיילט אין פינף קאַטעגאָריעס: ערשטע — די סופרים; צווייטע — תנאים; דריטע — אמוראים; פירטע — סבוראים; פינפטע — די גאונים.

די סופרים און די אנשי כנסת הגדולה, וועמענס צאָל איז שטענדיק געווען אַ באַשטימטע, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון עזרא הסופר ביז שמעון הצדיק, ביז אין דער צייט פון דער אנטשטייאונג פון די צדוקים־מתיונים און די רדיפות פון די גריכישע סורים, זיינען אַלע געווען „שרייבער", געשריבן געזעצן און פאַרשריפטן; חכמים אין פולן זינען פון וואָרט. אַ דאַנק זייער גייסטיקע אַרבעט איז ביי אונז פאַרבליבן די תורה, געשריבן אין אשור׳ישע אותיות, און מיט דעם נוסח ווי זי איז פאַר אונז און אויף וועלכער עס באַזירט זיך די גאַנצע תורה שבעל פה. זיי, די סופרים, האָבן אויך געשאַפן באורים און פירושים, וועלכע זיינען באַ־קאַנט מיטן נאָמען: פירושי סופרים. זיי האָבן אויך באַשטימט די צאָל אותיות אין א. ב. און דעם שעור פון ווערטער: שעורי סופרים, וועלכע זיינען אייניקע מאָל קעגן דעם איינפאַכן פשט פון דער תורה און דאָך שטייען זיי אין דערזעלבער הויך און אין דערזעלבער מעלה ווי די תורה. פון זייערע פאַרשידענע גייסטיקע אַרבעט קען אויך אַריינגערעכנט ווערן די מסורה, דער „קרי וכתיב", אָט די „דקדוקי סופרים". אויך האָבן זיי געמאַכט סיגים און נדרים צו דער תורה.

צווייטע: תנאים. אין די צייטן פון די תנאים זיינען צוזאַמענגעזאַמעלט געוואָרן און סיסטעמאַטיש איינגעאָרדנט געוואָרן די נייע הלכות, וועלכע האָבן זיך לאַנגזאַם געשאַפן אין דער צייט פון די סופרים, פלעגן פאַרצייכנט ווערן אין מאַנוסקריפּטן, אָדער זיינען באַקאַנט געוואָרן דורכן דורכפירן זיי אין דער פּראַקטיק, זיי זיינען אָבער ניט געווען באַשטימט אין די „בתי המדרש" און „ישיבות". נאָר אַ דאַנק די איבערוועקסלנדיקע הער־שאַפטן איבער ארץ ישראל, צוערשט די פּערסיער, נאָכער די עגיפּטער, די מאַצעדאָנער, די סורים און צום לעצט די רוימער, וועלכע האָבן פאַראור־זאַכט די שפּאַלטונג אין פאָלק און די אנטשטייאונג פון פאַרשידענע מפלגות, האָט געפירט צו איינפירן אַ דעפיניטיווע אָרדנונג און אַ באַ־

שטימטע ריכטונג בנוגע דעם „קיום התורה" און גרינדן נאַציאָנאַלע ישיבות, אין וועלכע ס'זאָל געשאַפן ווערן באַשטימטע תקנות, פאַר אַלע פראַגן, וועלכע זיינען שוין און וועלכע קאָנען ערשט ווייטער פאָרקומען. אַזוי אַרום זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן ישיבות און געשאַפן געוואָרן כללים, אונטער וועלכע עס געפינען זיך די הויפּט כללים וואָס רופן זיך: „שלש עשרה מדות". די כללים אָבער, אָן און פאַר זיך, זיינען ניט געווען דעפי-ניטיווע. מערערע מאָל זיינען זיי איבערגעגעבן געוואָרן צו די דינים און שופטים פון יעדן דור און זיי האָבן זיי דערקלערט נאָכן „שקול הדעת". אַזוי אַרום פלעגן זיך די דינים און גזוזעצן ענדערן פון צייט צו צייט.

מיר וועלן דורכלאָזן די אַנטוויקלונג פון די חוקים, דינים און גזרות, די הלכות קבועות, די פאַרשידנאַרטיקע דינים, ווי די דיני גזרות, וועלכע זיינען בטל געוואָרן אין די צייטן פון רבי יוחנן, ווייל די גזרות זיינען געווען אין קעגנזאַץ פון די הלכות, און מיר וועלן פאַרצייכענען די דריטע קאַטעגאָריע, די „אמוראים".

מיט דעם נאָמען האָבן זיך גערופן די רעדנער, דערקלערער און אי-בערזעצער. זיי פלעגן איבערזעצן די דרשות פון די לערער, אָדער הכמים אויף אַ פאַרשטענדלעכער שפּראַך פאַר די צוהערער, וועלכע זיינען על פי רוב געווען פון דער מאַסע. די אמוראים זיינען געשטאַנען אויף אַ נידע-ריקערע מדרגה ווי די תנאים. לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, נאָכדעם ווי די משנה איז אָנגענומען געוואָרן ביים פאָלק ווי אַ הלכה אויף לדורות, פלעגט מען שוין די חכמים אויך רופן אמוראים, אָבער ניט די ווירקלעכע חכמים, וועלכע האָבן געהאַט דאָס רעכט צו דערקלערן אַ משנה נאָך זייער גייסט נאָך, אַזעלכע חכמים זיינען געשטאַנען אויף דער צווייטער מדרגה נאָך די תנאים, נאָר אַזעלכע חכמים וואָס זיי איז דערלויבט געווען צו לערנען פאַר די תלמידים משניות פון פריער געשריבענע. און אַזוי אַרום זיינען די ווירקלעכע חכמים געשטאַנען אויף דער צווייטער מדרגה פון די תנאים און די ערשטע מדרגה פון די אמוראים. צווישן די ווירקלעכע חכמים רע-כענען זיך די תלמידים פון ר' יהודה הנשיא, אממייסטן אבא אריכא, וועלכער האָט זיך גערופן — פון זיין כבוד וועגן — מיטן נאָמען „רב", וועלכער איז אויך פאַררעכנט געוואָרן פון אייניקע פון די לעצטע חכמים, אַלס איינער פון די תנאים.

ער — רב — האָט אָריבערגעבראַכט די משנה נאָך דעם לעצטן נוסח

אירן, און די שוין אויף דורות באַשטימטע, קיין בבל, וואָס איז אין זיין צייט געווען אונטער דער פּערסישער הערשאַפט. ער האָט זי מיט דער מיטהילף פון זיין חבר שמואל געשטעלט אויף אַ הויכער מדרגה און גע־שאַפן איר אַ אייביקן נאָמען. וואָס אנבאַלאַנגט די משנה וועלכע ר׳ יהודה הנשיא האָט פאַרפאַסט, איז זי ווירקלעך אָנגענומען געוואָרן ביים פאָלק און אפילו פון די חכמים, ווי אַ באַשטימטע תורה, וועלכע מען האָט קיין רעכט ניט צו ענדערן. און דאָך איז געווען אומפאַרמיידלעך די ערשטע צייט ס׳זאָלן ניט קומען חכמים און צונויפקלויבן איינציקע נייע הלכות פון דער לעצטער צייט, וועלכע זיינען ניט אַריין אין משניות, אָדער גאַנץ אַלטע הלכות, וועלכע האָבן זיך געפונען אין זכרון פון מערערע חכמים, און האָבן געשאַפן פון זיי באַזונדערע ספרים. די אַרבעט האָבן געטון דער דערמאָנטער אבא אריכא, אָדער רב, צוזאַמען מיט זיין פעטער און חבר רבי חייא, און אין צווייטן דור אויך רבי אושיעה, וועלכער האָט זיך גערופן „אב למשנה״. זיי האָבן צוזאַמענגעקליבן די הלכות היצוניות, אָדער אפּאָקריפן, און זיי האָבן זיך גערופן: משנה חצונה און אין אראמיש — בריתא מתניתא. זאָל עס ניט פאַרביטן ווערן אויף מתניתין אָדער מתניתן, מיט וועלכע עס רופן זיך אויך די משניות פון ר׳ יהודה הנשיא.

אויך דאָ וועלן מיר דורכלאָזן אַלעס וואָס ס׳איז אין דעם משך פון זיי געשאַפן געוואָרן און נאָר זאָגן אַז דאָס גייסטיקע מאַטעריאַל, וועלכעס איז פון די דריי קאַטעגאָריעס צוזאַמען געשאַפן געוואָרן, האָט דעם ליטעראַ־רישן בנין גאַנץ הויך אויפגעהויבן. מיר וועלן זיך אויך ניט אָפּשטעלן וועגן די הויות און שקלא וטריא׳ס, וועלכע פאַרדינען אַ באַזונדער אָפּ־שאַצונג, און מיר וועלן שרייבן וועגן דער פירטער קאַטעגאָריע: די סבוראים.

אין דער צווייטער העלפט פונם פינפטן יאָרהונדערט זיינען פאַר־מאַכט געוואָרן די ישיבות אין בבל, צוליב די רדיפות פון יעזדעגערד פירוז און קאבאד, און ס׳איז אויך פאַרשוועכט געוואָרן דער כבוד פונם ווירדיקן ריש גלותא אמט. ס׳איז געוואָרן אַ „מסחר־געשעפט״.. ווער עס האָט באַצאָלט דער רעגירונג מער געלט, דעם האָט מען די ריש גלותא סחורה פאַרקויפט. זיי, די גרויזאַמע און באַרבאַרישע הערשער, האָבן צעשטערט — די אַזוי וויכטיקע תורה אַנשטאַלטן — די ישיבות,

אָפּגעהאַקט די שלשלת הקבלה, פאַרווערט די סמיכה. אויף אַזאַ טרויעריקן אופן האָבן די חכמים פון יענער צייט ניט געוואַגט אויף זיך צו שטעלן און זיך רעכענען פאַר אויטאָריטעטן — ניט זייענדיק דיפלאָ-מירטע — און שאַפן אַזעלכעס וואָס ס'זאָל ניט שטימען מיט דער קבלה פון די ראשונים, ווען די צייט אַפילו האָט געפאָדערט. און האָבן זיך צו-פרידנגעשטעלט נאָר מיט דערקלערן די אומפאַרשטענדלעכע שטעלן פון די איבערגענומענע לערע פון זייערע רבי׳ם, נאָך זייערע סברות און השקפות, און צוליב דעם האָבן זיי זיך גערופן: סבוראים. פון זיי איז מיט דער צייט אַריינגעבראַכט געוואָרן אייניקע „הוספות" אין „תלמוד בבלי", איבערהויפט האָבן זיי אַריינגעבראַכט אין תלמוד „סמנים", אַ מיטל צום זכרון, ניט צו פאַרגעסן דעם סדר הלמוד. אין זייער צייט האָט דער טערמין „תלמוד" אָנגענומען אַ ברייטערע פאַרשטענדעניש, אָנשטאָט פריער איז געווען די „משנה" באַזונדער און „תלמוד" באַזונדער, האָבן זיי פאַראייניקט ביידע, משנה מיט תלמוד און גערופן מיטן נאָמען „גמרא". אויך דאָ וועלן מיר זיך ניט אָפּשטעלן צו באַשרייבן אויספירלעך ד'י אַרבעט פון די סבוראים און מיר וועלן אין קורצן דערקלערן די לעצטע קאַטעגאָריע און די זיינען די גאונים.

די דאָזיקע זיינען אנטשטאַנען נאָך דער מלחמה פון די רוימער מיט די פּערסיער, ווען די ישיבות זיינען באַנייט געוואָרן. ווען די ישיבה אין טבריה איז געשטאַנען אויף דער העכסטער מדרגה, האָבן אידן זיך געפּרואווט צו באַנייען זייער הערשאַפט אין לאַנד (אינם יאָר 610 נ. ק.), זיי האָבן אָבער געהאַט אַ דורכפאַל, און צוליב דעם שטאַטלעכן דורכפאַל, איז ארץ ישראל געפאַלן אויך אין גייסטיקן שטאַנד. ארץ ישראל, וועלכע האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט אירע געצייכנטע רבנים און חכמים, איז אַראָפּ פון דער הויכער מדרגה, און אויף איר אָרט האָט זיך געשטעלט „בבל", מיט איר גייסטיקער הערשאַפט, און מערערע הונדערטער יאָרן האָט די הערשאַפט אָנגעהאַלטן. די גרעסטע ישיבות זיינען דאָרט גע-גרינדעט געוואָרן, און די גרעסטע חכמים זיינען געוואָרן די לערער אין די ישיבות פון סורא און פומבדיתא, און ווי די היסטאָריע וויל האָבן, איז דער ראש ישיבה חנן געווען דער ערשטער, וועלכער האָט זיך גע-רופן מיטן נאָמען גאון. אויך די גאונים, צוגלייך מיט די סבוראים, האָבן קיין גייע ספרים אין הלכה ניט געשאַפן, זיי האָבן זיך אָבער געגעבן די

מי צו פאַרשפּרייטן די וויסנשאַפט פונם תּלמוד צווישן פאָלק. אָבער אויך די גאונים, ווי די סבוראים, האָבן זיך דערלויבט נאָך זייער אייגענער סברה צו שאַפן תּקנות ווען די צייט האָט געפאָדערט, און מיט זייערע תּקנות האָט זיך דאָס פאָלק מער גערעכנט, ווי מיט די — פון די גאונים — געשאַפענע. אין די צייטן פון די גאונים האָט די ליטעראַטור אָנגעהויבן אויפצובליען. דאָס איז געשעען אין דער העלפט פונם אַכטן יאָרהונדערט. דער ערשטער וועלכער האָט פיל געשאַפן אין דער תּלמודישער ליטעראַטור, איז געווען ר׳ שמעון פון קירואן. ער האָט פאַרפאַסט די „הלכות גדולות" צוזאַמענגעמענדיק אַלע הלכות, די גאַנץ נויטיקע פון ביידע תּלמודים: פון בבלי און ירושלמי, אין דער צאָל תּרי"ג. נאָך אים זיינען אויפגעשטאַנען אַנדערע, ווי דער גאון ר׳ יהודה סגי נהור, און די תּלמידים פון זיין בית המדרש, אממייסטן ר׳ חנינאי און געשאַפן די הלכות פּסוקות און שאלתות. און, ווי היסטאָריקער באַהויפּטן, איז דער שלום פון די הלכות גדולות געענדיקט געוואָרן ערשט אין דער ערשטער העלפט פונם ניינטן יאָרהונדערט.

**ד. תשצ"ח** — 1038 — ר׳ שלמה בן גבירול פון דער שטאָט מאלאגא, באַזעצט זיך אין דער שטאָט סאראגאסא און ווערט דאָרט באַרימט דורך זיינע וואונדערבאַרע שירים, אממייסטן דורך די סליחות וואָס ער האָט פאַרפאַסט. ער מיט אַנדערע אידישע פאָרנעמסטע, פאַרפאַסן פיל פּאָעטישע תּפילות, וועלכע זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין די תּפילות פון אַלע ימים טובים. מיטן טויט פון רבינו נסים אין דער שטאָט קאיראן זיינען די ישיבות אין אַפריקע געבליבן שטייען אויף אַ נידעריקע מדרגה, און נאָכן טויט פון זיין חבר רב חננאל זיינען זיי אינגאַנצן געשלאָסן געוואָרן. נאָר צוויי ישיבות זיינען פאַרבליבן, איינע אין אלמאדיא און די צווייטע אין קאשאא האמאד אין קעניגרייך פון פעז.

**ד. תתט"ז** — 1056 — דער טויט פון ר׳ שמואל הנגיד. זיין זון, ר׳ יוסף אבן נגדלה, ווערט פונם קעניג באַשטימט אַלס זיין ראַטגעבער און אויך אַלס רב. ער האָט חתונה מיט דער טאָכטער פון רבינו נסים.

**ד. תתכ"ד** — 1064 — נאָך אַכט יאָר אין רעגירונגס־אַמט, ווערט ר׳ יוסף געטויט צוזאַמען מיט פופצן הונדערט פאָרנעמסטע אידן אין גראנאדא. פיל אידן אַנטלויפן; צווישן זיי, אויך די צוויי זין פון ר׳ חזקיה ראש הגולה. פיל פון ר׳ יוסף'ס תּלמידים וואַנדערן אויס אין פאַרשידענע לענדער. איינער פון ר׳ יוסף'ס תּלמידים, דער משורר און שרייבער ר׳ יצחק בן ברוך אלקלעי, נעמט צוזאַמען אַלע שריפטן פון זיין אומגליקלעכן רבי און פאַרשפּרייט זיי צווישן די אידן.

**ד. תתכ"ט** — 1069 — ר׳ יצחק

בן ברוך אלקלעי, א דאנק זיין גרוים וויר־סנשאפט אין דער אסטראנאמיע, האָט זיך דערוואָרבן ליבע ביים קאַליף אלל־מאטהאמאד אין סעווילא און באַשטימט אים פאַר הויף־מייסטער און אויך אַלס רב איבער דער אידישער געמיינדע. — ר׳ יצחק בן יהודה בן גיאות, ווערט רב אין לוצענא. — אין נאָרד־פראַנקרייך גרינדן זיך פיל אידישע קהלות, וועלכע נעמען אויף גרויס געלערנטע רבנים, דער גע־צייכנטער אונטער זיי איז ר׳ גרשון מאור הגולה. זיין תלמיד ר׳ יעקב בן יקיר, וועלכער האָט פאַרשפּרייט זיין רבינ׳ס תורה, איז געווען דער לערער פון ר׳ שלמה יצחקי (רש״י) פון דער פאמיליע ירחי פון דער שטאָט טראיעס. — אין זיד־פראַנקרייך לערנען מערערע רבנים, די אויסגעוואַנדערטע פון שפּאַניע, פאַר־שידענע וועלטלעכע חכמות, איבערהויפּט פילאָזאָפיע. ר׳ משה הדרשן פון דער שטאָט נארבאנא, אין וועלכער עס גע־פינען זיך גרויסע לומדים, פאָרט אַרום פון שטאָט צו שטאָט צו דרשה׳ענען. אין נאָרד און זיד־פראַנקרייך האָט מען אים צוגעטיילט פיל כבוד. אויך רש״י האָט די גרעסטע הנאה געהאט פון זיינע דרשות און באַנוצט זיך מיט זיי אין זיין פירוש אויף דער תורה.

דאָס געבורטס־אָרט פון רבנו גרשון, וועלכער האָט זיך מיט רעכט פאַרדינט דעם נאָמען „מאור הגולה״ איז אונז ניט באַקאַנט. גרעץ וויל האָבן אַז ער איז געבוירן אין פראַנקרייך, און גידעמאַן — אַז ער איז געבוירן אין מעץ, אין לאָטרינגע, און דאָס איז באַוואוסט אַז דער אָנגע־רופענער נאָמען לאטרינגע פון די בעלי האסופות, איז ניט דער וואָס ווערט פון אונז אָנגערופן און וואָס רעכנט זיך צו פראַנקרייך. יעדנפאַלס איז עס פון ביידע, סיי פון גרעץ און סיי פון גידעמאַן נאָר השערות און מיר האָבן דאָס רעכט אָנצונעמען אַז ר׳ גרשון איז געבוירן אין די געגנטן ביים רהיין. מיר זען דאָך אַז דער רבי מובהק זיינער איז געווען ר׳ ליאון דער רב פון מאַגענציע, און ער אַליין איז אויך געווען רב אין דער זעלבער שטאָט. ר׳ גרשונ׳ס פאָטער האָט זיך גערופן ר׳ יהודה. ער אַליין איז ניט געווען קיין געלערנטער, ער האָט אָבער זוכה געווען צו האָבן צוויי גע־לערנטע זין: רבנו גרשון און זיין ברודער רבנו מכיר, וועלכער האָט מחבר געווען — ווי מען גלויבט — דאָס ספר „אבקת רוכל״.

רבנו גרשון׳ס פרוי האָט זיך גערופן בונא בת רבי דוד. זיין זון האָט זיך געטויפט ביים פאָטערס לעבן, אויף וועלכן דער פאָטער האָט נוהג געווען אבלות פערצן טעג, ווען אויך על פי דין איז מען ניט נוהג אבלות אויף אַ משומד. דער זון האָט ניט חוזר בתשובה געווען און געשטאָרבן אַ משומד.

רבנו גרשון איז געווען דער ראש פון דער ישיבה, וועלכע האָט זיך גערופן „ישיבה קדושה“, אין מאַגענציע. ווי גרויס זיין נאָמען איז געווען, קאָן מען אַרויסזען פון דעם אַז די חכמים פון אַנדערע ישיבות, אונטער וועלכע עס האָט זיך גערעכנט דער גרויסער פּאָעט רבנו שמעון הגדול, דער זון פון ר׳ יצחק בר׳ אבון, האָבן זיך אונטערוואַרפן זיינע תשובות און זיי אויסגעפאָלגט. דער העכסטער אידעאַל פון די ישיבות אין דייטש־לאַנד בכלל און די ישיבה פון מאגענציע בפרט, איז געווען דער תורה־גייסט. ווי מיר געפינען אין איינער פון די סליחות וואָס רבי גרשון האָט פאַרפאַסט: „אַלעם בעסטע, אַלעם שענסטע, אַלעם קאָסטבאַרע איז פון אונז געראויבט געוואָרן און געבליבן איז אונז ניט מער ווי נאָר די תורה“. ר׳ גרשון האָט געוויזן אַ באַזונדערן דרך אין דעם למוד פונם תלמוד און אים איבערגעגעבן צו זיינע תלמידים וועלכע זיינען אין אים געגאַנגען און אים ביז גאָר הויך געשטעלט. דער גרויסער גאון ר׳ שלמה יצחקי (רש״י) שרייבט: „רבנו גרשון זכר צדיק וקדוש לברכה, האָט באַלייכט די אויגן פון אונז אַלע אין גלות, פון זיין מויל לעבן מיר אַלע, און אַלע גע־לערנטע פון גלות אשכנז זיינען זיינע תלמידים און תלמידים פון זיינע תלמידים“.

אָבער ניט נאָר דער מדרש, דער אבסטראַקטער, וואָס האָט ניט קיין שיכות צום לעבן, איז ביי אים געווען דער עיקר, נאָר אויך דאָס פּאַקטישע, וואָס דאַרף דורכגעפירט ווערן אינם פּראַקטישן לעבן. דאָס איז צו זען אין די פיל תקנות וועלכע זיינען דורך אים געשאַפן געוואָרן, תקנות צוגעפּאַסטע צום לעבן פון די אידן אין די מערב־לענדער. פון די תקנות איז צו מערקן די אויטאָריטעט, וועלכע רבנו גרשון האָט זיך צוגערעכנט. ווייל ווי באַוואוסט זיינען אַלע תקנות וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן צו יענער צייט ווי „תקנות עזרא“, תקנות הלל הזקן“, „תקנות אושא“ און אין דער שפּעטערער צייט די תקנות הגאונים, זיינען על פי רוב מתקן געוואָרן דורך אַ פאַראייניקונג פון מערערע חכמים. רבנו גרשון האָט זיך אָבער גערעכנט פאַר אַ יחיד בדורו און ניט געזוכט אַ יפוי כח פון אַנ־דערע חכמים. און זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווען זיינע אַלע תקנות זיינען פאַרבונדן מיט נאָר זיין פּערזענלעכקייט, ווי גרויס די זעלבע איז געווען, קיינער פון די געלערנטע האָט דאָך ניט געוואַגט צו יענער צייט און אפילו נאָך מיט פיל יאָרן שפּעטער עובר זיין אויף איינע פון זיינע תקנות.

ווען שפּעטער מיט הונדערט יאָר, נאָכן טויט פון רבנו גרשון, איז פאָרגעקומען אַ פאַל אין אַ קהלה אין פראנקרייך, וואָס האָט עובר געווען אַ תקנה פון רבנו גרשון און ס׳איז געווען אַ ספק אויב די תקנה איז פון אים — ווען מען וועט זי איבערטרעטן — אַרויפגעלייגט אַ חרם אָדער אַ שמתא — די לעצטע האָט ניט קיין התר — איז רש״י געווען אין אַ גרויס פאַרלעגנהייט און ניט געפונען אַ וועג אויף מתיר צו מאַכן.

רבנו גרשון האָט מתקן געווען פיל תקנות, מיר ווילן זיך אָבער אָפּשטעלן נאָר אויף די וועלכע האָבן אַ שיכות צו דעם שטאַנד פון דער פרוי. ס׳איז ניט וויכטיק צו די תקנות באַזירן זיך אויף דער לעגענדע פון די צוויי פרויען, די אַלטע און די יונגע, פון וועלכע ער האָט געליטן, אָדער ניט, איינס איז אָבער זיכער אַז רבנו גרשון האָט ניט געקענט דולדן דעם נידעריקן שטאַנד פון די פרויען און האָט זיך פאַרנומען מתקן זיין תקנות לטובת די זעלבע.

ווען אויך דער תלמוד האָט זיך געזאָרגט אויף אויסצובעסערן די לאַגע פון דער פרוי, וועלכע איז ביז גאָר נידעריק געשטאַנען, איז דאָך פאַרבליבן געזעצן וואָס דערנידעריקן די פרוי. ווי צום ביישפּיל, די געזעצן: „אַלץ וואָס די פרוי דערווערבט געהערט צום מאַן״; „דער מאַן האָט דאָס רעכט צו גט׳ן די פרוי מיט געוואַלד, אַפילו ווען זי האָט אים ניט צופרידנגעשטעלט מיטן עסן״; דער מאַן האָט דאָס רעכט צו נעמען אַ צווייטע פרוי און אפילו מער״. רבנו גרשון האָט די דאָזיקע געזעצן אָפּגעשאַפט, אַרויפגעלייגט אַ חרם אויף דעם וואָס נעמט אַ צווייטע פרוי. ס׳איז כדאי צו באַמערקן אַז כאָטש ביגאמיע האָט שוין כמעט ווי ניט עקזיסטירט פון דער גאונישער עפּאָכע אָן, און אידן האָבן מער ווי איין פרוי ניט געהאַט, האָט אָבער רבנו גרשון זיך געזאָרגט, אַז אידן זאָלן זיך מיט דער צייט ניט מתיר מאַכן און עס פאַרשטאַרקט מיט אַ חרם. ער האָט אויך מתקן געווען, אַז דער מאַן האָט ניט דאָס רעכט צו גט׳ן די פרוי מיט געוואַלד און אויב ער האָט איר אַזאַ גט געגעבן, איז סיי דער מאַן סיי דער סופר און די עדות אין חרם. נאָר ביי אַ אויסנאַמס-פאַל קאָן די תקנה אָפּגעשאַפט ווערן, מיטן הסכם פון הונדערט רבנים פון דריי קהלות. אין אַ שפּעטערע צייט האָט מען דעם התר אויסגעבייטעט מיטן דערלויבעניש פון מאה רבנים פון דריי לענדער.

פון די אַלגעמיינע תקנות איז כדאי צו פאַרצייכענען די תקנה,

אַז מען האָט ניט דאָס רעכט מבייש זיין קיין בעל תשובה און אים זאָגן:
„דערמאַן זיך אין דיינע ערשטע מעשים". אויך דער חרם וואָס ער האָט
אַרויפגעלייגט אויף אַ מסור ביים מינדעסטן חשד פון מסירה. דער חרם
אויף ניט צו לייענען קיין פרעמדן בריוו אָן דער דערלויבעניש פונם אייגנ-
טימער. דער חרם אויף ניט צו מעגן שרייבן אויף די גליונות פון וועלכן
ס'איז ספר, אַפילו ווען מען שניידט זיי אָפּ. די תקנה פון עכוב התפלה,
אָפּשטעלן דאָס דאַוונען, כדי צו שליכטן פאַרשידענע תביעות.

מיר האָבן נאָר געבראַכט אַ גאַנץ קליינע צאָל פון רבנו גרשון'ס
תקנות, אָבער אויך פון זיי איז צו זען זיין גרויסקייט און די געוואונטשטע
רעפאָרמען זיינע פאַר וועלכע מיר דאַרפן אים זיין דאַנקבאַר.

**ד. תתמ"ז — 1087** — ווילהעלם
רופוס, דער קעניג פון ענגלאַנד, טוט פיל
טובות אידן און באַקומט פון זיי גרויסע
סומען געלט. די אידן אין אקספארד האָבן
אויסגעבויעט א שול אין וועלכער עס
האָט זיך אויך געפונען אַ שולע צו לער-
נען אידן און קריסטן די העברעאישע
שפּראַך און איר ליטעראַטור. ר' יצחק בן
ברוך אלקלעי ווערט דורך דעם נייעם
הערשער אַראָפּגעזעצט פון רבנות אין דער
שטאָט סעוויללע.

**ד. תתמ"ח — 1088** — מערערע
אידן פון אַראַביש-שפּאַניע האָבן אויס-
געוואַנדערט אין די שטעט פון אלפאָנס
דעם פינפטן, דער קעניג פון קאַסטיליע,
וועלכער באַשיצט זיי פון אַלע שונאים
מיט גרויס גערעכטיקייט. ר' יצחק אלפסי
פון פעז, ווערט רב אין לוצענא נאָכן טויט
פון ר' יצחק בן יהודה בן גיאת.

**ד. תתנ"ב — 1092** — לאדיסלאוס
דער הייליקער, דער קעניג פון אונגאַרן,
באַשיצט די אידן אין זיין לאנד.

**ד. תתנ"ו — 1096** — דער ערשטער
קרייץ-צוג פאַראורזאכט דורך דער אגי-
טאַציע פונם פויפּסט אורבאַן דער צוויי-
טער. אין דער שטאָט טריער ווערן דער-
הרג'עט פיל אידן דורך די קרייץ-ציגער,
אונטער דער פירערשאַפט פון פעטער
מאמיענס און גאטשאלק וואלטער. דער
בישאָף ענגילבערט לאָזט אַריין פיל אידן
אין זיין פּאַלאַץ פאַרשפּרעכנדיק זיי אַז
ער וועט זיי באַשיצן, אָבער נאָכדעם פאָ-
דערט ער פון זיי, זיי זאָלן זיך שמד'ען,
אין קעגנפאַלם וועט ער זיי איבערגעבן
צו די קרייץ-ציגער. פיל פון זיי נעמען
אָן דאָס קריסטנטום אויגנשיינלעך. די
קרייץ-ציגער מאַרשירן קיין ארץ ישראל
און אין יעדער שטאָט וועלכע זיי גייען
דורך פאַרגיסן זיי אידישע בלוט. אין די
שטעט ביים רהיין, ביים מאין און דאנוי
מאַכן זיי שרעקלעכע הריגות. אַ שרעק-
לעכע הריגה קומט אויך פאָר אויף אידן
אין דער שטאָט ווארמס. אין דער שטאָט
מאינץ האָט דער בישאָף אַריינגענומען
אין זיין פּאַלאַץ אריבער טויזנט דריי הונ-
דערט מאַן מיט זייער גאַנץ פאַרמעגן פאַר-
שפּרעכנדיק זיי אַז ער וועט זיי באַשיצן,
אָבער אין צוויי טעג אַרום האָט זיך
אַריינגעבראָכן אין זיין פּאַלאַץ דער

הויפט־רויבער פון די קרייץ־ציגער, דער פירסט עמיכא פון ליינינגען, א קרוב פונם בישאף רייטהאַרד און אויסגעהרג׳עט אלע אידן. ער האָט אויך ניט געשוינט די זעכציק אידן וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין דער קירכע. אין דער שטאָט קאָלן האָבן די בירגער באַשיצט די אידן. איבערהויפט האָט זיך אָנגענומען פאַר זיי דער פרומער און גוטער בישאף הערמאַן דער דריטער.

**ד. תתנ״ז** — 1097 — דער קעניג היינריך דער פערטער איז אויפגעטראָגן אויף די באַרבאַרישע רוצחים. ער גיט א דערלויבעניש די אידן, וועלכע האָבן זיך געטויפט דורך צוואַנג, צוריקצוקערן זיך צו זייער גלויבן און אומקערן זיי זייער אוועקגערויבט האָב און גוטס.

**ד. תתנ״ט** — 1099 — דער פירסט גאָטפריד פון בוליאָן, דער הויפט־פירער פון א מחנה קרייץ־ציגער באַזיגט די שטאָט ירושלים, פיל אידן ווערן געטויט און די וועלכע באַהאַלטן זיך אין די געבעט הייזער ווערן פאַרברענט דורך די קריסטלעכע איינוואוינער.

**ד. תת״ס** — 1100 — פיליפ דער ערשטער, קעניג פון פראַנקרייך, דערלויבט די אידן אין פאַריז און אין אַנדערע שטעט צו באַזעצן זיך נאָר אין באַשטימטע פאַר זיי גאַסן (געטאָס). ער לייגט אַרויף אויף זיי אומגעהייערע שטייערן.

**ד. תתס״ג** — 1103 — דער טויט פון רב יצחק אלפסי אין דער עלטער פון ניינציק יאָר. ר׳ יוסף בן מיגאש און ר׳ ברוך בן יצחק ווערן באַשטימט אויף זיין אָרט פאַר רבנים אין דער שטאָט לוצענא. דער טויט פון רש״י אין דער עלטער פון פיר און זעכציק יאָר. די דערשיינונג פון די צוויי גרויסע שטערן: ר׳ שמואל בן מאיר (רשב״ם) זיין איניקל און דער צווייטער ר׳ יעקב בן מאיר וועלכער רופט זיך רבינו תם, איינער פון די בעלי התוספות. — גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען קעגן אידן אין נאָרד־פראַנקרייך.

**ד. תתס״ז** — 1107 — פעטרוס אַלפאַנזי מאָסקאַ (א געשמד׳טער איד וועלכער האָט זיך גערופן ר׳ משה), דער לייב דאָקטאָר פון אלפאָנס דער פינפטער, קעניג פון קאַסטיליע, שרייבט א מסירה אויף אידן צום קעניג. דער קעניג נעמט זי ניט אין אַכט.

**ד. תתע״ז** — 1117 — אלבערט, דער בישאף פון ענגלאַנד, דערלאַנגט דעם קעניג א גיפטיקע מסירה אויף אידן. ער מאַכט אָבער קיין ווירקונג אויפן קעניג היינריך דעם ערשטן, וועלכער האָט גרויסע טובות געטון צו די אידן פון זיין לאַנד. די דערשיינונג פון דעם ליכטיקן שטערן ר׳ יהודה הלוי, דער פון גאָט געבענטשטער משורר אין קאָרדאָווא.

**ד. תתפ״ו** — 1126 — דער טויט פון ר׳ ברוך בן יצחק אין לוצענא. ר׳ יוסף בן מיגאש בלייבט דער איינציקער אויף דעם רבנישן אמט.

**ד. תתצ״ה** — 1135 — די דערשיינונג פון דעם גרויסן געלערנטן ר׳ אברהם בן מאיר אבן עזרא פון טאָלעדא, דער תלמיד פון ר׳ יהודה הלוי.

**ד. תתצ״ז** — 1137 — דער קעניג לודוויג דער זיבעטער באַפעלט צו טויטן א אידן וואָס האָט זיך אויסגעגעבן אלס דער אידישער משיח און מיט אים צוזאַ־

מען אַלע זיינע אָנהענגער. פיל שולן ווערן אויף זיין באַפעל פאַרברענט. ר׳ יהודה בן יוסף בן עזרא ווערט באַשטימט פונם קעניג אַלפאַנס דער זיבעטער צום מאַיאָר־אמט פון דער שטאָט קאַלאַטראַבא, וועל־כע ער האָט אָפּגעריסן פון די אראבער.

ר׳ יהודה הלוי איז געבוירן געוואָרן אין טאָלעדאָ, אין נאָרד־קאַסטיליע, אינם יאָר 1080. אין אראַביש רופט ער זיך: אבי־אלחסן אל־לאווי.

אויף צו לערנען די הייליקע שריפטן האָט אים זיין פאָטער ר׳ שמואל געשיקט קיין נאָרד־אַראַביש־שפּאַניע וואָס איז צו יענער צייט געווען דער קוואַל פון חכמה פון וועלכן די גאַנצע וועלט האָט געשעפּט. נאָך דער מיינונג פון אייניקע היסטאָריקער האָט ר׳ יהודה הלוי געלערנט די הייליקע שריפטן אין דער שטאָט לוסאַנא, אין דער ישיבה פון ר׳ יצחק אלפסי. עס איז אָבער קלאָר אַז ער האָט אין יענער צייט אויך געלערנט און טיכטיק פאַרשטאַנען די מעדיצין, וועלכע יעדער געלערנטער האָט זי געמוזט וויסן. ר׳ יהודה הלוי האָט פאַרשטאַנען און געלויפיק גערעדט די אראבישע און קאַסטיליאַנע שפּראַכן. ער האָט זיך אָבער מער אויסגעצייכנט אין דער העברעאישער שפּראַך. זיינע שירים וואָס ער האָט געשריבן אַלט זייענדיק דרייצן יאָר, זיינען באַוואונדערט געוואָרן פון די גרעסטע פּאָעטן פון יענער צייט. צווישן די באַוואונדערער איז אויך געווען ר׳ משה אבן עזרא, וועלכער האָט אים פאַרגעטערט. אַ דאַנק זיין מאַטעריעלע גוטע לאַגע, איז ער אימשטאַנד געווען אָפּצוגעבן פיל צייט פאַר דער ליטעראַטור און וויסנשאַפט. אויסער דער מעדיצין און פילאָלאָגיע האָט ער אויך שטודירט די גריכישע און אראבישע פילאָזאָפיע. ווען ער האָט זיך פאַרפאָלקאָמט אין דער אַלזייטיקער וויסנשאַפט האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין קאַסטיליע און דאָרט, נישט קוקנדיק וואָס ער איז אנערקענט געוואָרן אַלס באַרימטער ארצט און זיך שטענדיק געמוזט אָפּגעבן מיט היילן קראַנקע, האָט ער דאָך געפונען צייט אויף צו פאַרטיפן זיך אין פילע צווייגן פון דער וויסנשאַפט, איבערהויפּט אין נאַטור־פאָרשונג און פילאָזאָפיע.

צו ער האָט געהאַט קינדער אָדער ניט, איז אויף געוויס ניט באַוואוסט. ווי עס שיינט האָט ער קיין זין ניט געהאַט, נאָר איין איינציקע טאָכטער און פון איר איין איניקל. דער נאָמען פון בת הלוי געפינען מיר אין די חרוזים פון אַ קלאָג־ליד אויף תשעה באב וואָס איז פון אים פאַר־פאַסט געוואָרן. ווי עס שיינט איז ר׳ יהודה הלוי ניט צופרידן געווען אין

זיין וואוינאָרט, אין טאלעדא. ער האָט געגאַרט צו געפינען זיך אין א אָרט פון תורה צווישן זיינע פריינט די חכמים און משוררים, און אזוי אַרום געפינען מיר אים אין א צייט אַרום אין קאָרדאָווא, אין אראביש-שפאַניען.

ווען ר׳ יהודה הלוי איז אלט געוואָרן זעכציק יאָר האָט ער עפנטלעך דערקלערט זיין באַשטימונג (און מעגלעך איז אַז די באַשטימונג איז געווען נאָכן נדר וואָס ער האָט געגעבן ווען די פרוי זיינע איז געשטאָרבן) ער זאָל אויסוואַנדערן קיין ארץ ישראל און זיך באַזעצן אין ירושלים. ניט די ליבע צו זיין פאַמיליע, צו זיינע פריינט און פאַרערער זיינען אימשטאַנד געווען אים אָפּצוהאַלטן פון לאָזן זיך אויף דער עלטער צו מאַכן אַזאַ — צו יענער צייט — סכנהדיקע נסיעה. זיין אָפּשיד פון דער פאַמיליע און פריינט, זיין באַשטייגן די שיף, וועלכע איז אָפּגעגאַנגען קיין ארץ ישראל, זיין קומען קיין מצרים, וואו ער איז פון זיינע פילע פריינט און קעגן זיין ווילן אויף אַ לענגערער צייט אויפגעהאַלטן געוואָרן, זיין קומען קיין ארץ ישראל, האָבן איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק צווישן די זעלבע. פון דער צייט אָן אָבער זיינען די ידיעות וועגן ר׳ יהודה הלוי אינגאַנצן אָפּגעהאַקט געוואָרן. דאָס אידישע פאָלק אָבער האָט וועגן דעם משורר אַ לעגענדע געשאַפן, אַ לעגענדע אין וועלכער עס לייכט און שיינט אַרום דער דערהויבענער גייסט פון דעם גרויסן משורר. די לעגענדע שילדערט דאָס קומען פון ר׳ יהודה הלוי צו די טויערן פון ירושלים און דערזעענדיק די שטאָט, וועלכע ער האָט אַזוי געגאַרט צו זען, איז ער אויף אַזוי פיל באַגייסטערט געוואָרן, אַז ער איז מיט אַ הייליקן ציטער אַנידערגעפאַלן מיטן פנים צו דער הייליקער ערד און קושנדיק די שטיינער האָט ער זיין „ציון הלא תשאלי לשלום אסיריך" יאָמערלעך אַרויסגעזאָגט. אין דער זעלבער צייט ווען ער האָט זיין הארץ, זיין מיט טרויער איבערפולט הארץ אויסגעגאָסן און מיט זיינע טרערן די שטיינער באַנעצט, האָט אים אַ פאַנאַטישער אראבישער רייטער מיטן פערד צוטראָטן.

מערערע היסטאָריקער נעמען ניט אין אכט די לעגענדע, דערקלערנדיק, ערשטנס איז אינם שיר „ציון" דאָ אַזעלכע פערזן, וועלכע ווייזן אונז אַז זיי זיינען געשריבן געוואָרן אין אַ מערב-לאַנד, גאַנץ ווייט פון ארץ ישראל; צווייטנס, איז אומעגלעך צו גלויבן אַז אַן אראַבער זאָל זיך וואַגן אַזאַ רציחה באַגיין אין דער צייט ווען ארץ ישראל האָט זיך צו יענער

צייט געפונען אונטער דער מאַכט פון די קרייץ־ציגע. דאָך אָבער — ווי געזאָגט — האָט די לעגענדע אַ גרויסן ווערט, בנוגע דער פאַרערונג וואָס דאָס פאָלק האָט דעם משורר צוגעטיילט.

די ספרים וואָס ר׳ יהודה הלוי האָט פאַרפאַסט ווערן געטיילט אויף צוויי געביטן: פילאָזאָפישע און פּאָעטישע.

אין פילאָזאָפיע האָט ער פאַרפאַסט נאָר איין ספר און אויך אייניקע שירים, וועלכע טראָגן אַ פילאָזאָפיש־זינלעכן כאַראַקטער. דער איינציקער ספר וועגט אָבער איבער פיל מערערע אַנדערע פילאָזאָפישע ווערק. דער ספר וואָס רופט זיך „כוזרי" איז כולל אין זיך פיל רעליגיעזע אידעען, אויף א פילאָזאָפישן שטייגער, וועלכע שטעלן צופרידן כמעט אַלע קלאַסן פאַרשער פון וועלכער מדרגה זיי זאָלן ניט זיין. אין „הכוזרי" ווערן אַרויסגעזאָגט געדאַנקען אין וועלכע עס שפּיגלען זיך אָפּ טהרה און קדושה, אינדיווידועלע מענטשן־ליבע און נאַציאָנאַלע אויפלעבונגס־שטרעבונגען... אין דעם בוך שפּיגלט זיך אויך אָפּ די גרויסע נשמה פונם מחבר, זיין וואַרם פילענדעס האַרץ און זיין אמת׳ע ליבע צו זיין פאָלק, צו דעם באַשעפער און צו אַלעם עסטעטישעם און עטישעם. דער „הכוזרי" איז פון אים געשריבן געוואָרן אין אַראַביש, די שפּראַך מיט וועלכער אַלע געלערנטע צו יענער צייט האָבן זיך באַנוצט. דער נאָמען פונם בוך און זיין כאַראַקטער קען, לויט דעם אָריגינאַל אין אַראַביש, באַ־צייכנט ווערן מיט די ווערטער: „אַ בוך פון איבערצייגונג און דערקלערונג פון דער אמונה די באַליידיקטע"... אין הכוזרי דער־קלערט ר׳ יהודה הלוי די פּרינציפּן און גרונדזאַצן פון דער אידישער אמונה. תשובות אויף אַלע שאלות וואָס די גויים און מינים פרעגן. אידייען און פאָרשונגען אין דער הנהגה פון דער וועלט, געשריבן אין דער פאָרמע פון א ויכוח וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם הויף פונם כוזרישן קעניג צווישן דריי פאָרשטייער פון די דריי הויפּט רעליגיעס: אַ פילאָזאָף, אַ מין און א אטעאיסט.

ר׳ יהודה הלוי האָט דעם הכוזרי פאַרפאַסט אויסנוצנדיק דעם וויכ־טיקן צופאַל, די אויסערגעוויינלעכע פאָרגעקומענע עראייגנים וואָס ס׳איז געשען מיט אונזערע ברידער אין רוסלאַנד.

„אינם זיבעטן אָדער אַכטן יאָרהונדערט האָט זיך דער קעניג פון די כוזרין צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק וואָס האָט זיך געפונען ביים טייך

וואלגא, אין קאַווקאַז, אין קרים און קיעווער געגנט, מגיר געווען. נאָך די ידיעות פון באַגלויבטע קוועלן, פון כוזרישע, אַראַבישע, אידישע און אויך סלאַווישע, זיינען פאררופן געוואָרן געלערנטע פון די דריי הויפט־רעליגיעס: אידישע, קריסטלעכע און מאַכמעדאַנישע, זיך מתוכח זיין פאַרן קעניג איבער זייערע רעליגיעס און אנערקענענדיק אַז די אידישע אמונה איז די מוטער פון די צוויי טעכטער אמונות, קריסטלעכע און מאַכמעדאַנישע, האָט ער געגעבן דעם פאַרשום דער מוטער איבער די טעכטער.

ווי באוואוסט איז די כוזרישע מלוכה צעשטערט געוואָרן דורך דעם רוסישן קניאז סוויאטאסלאוו אינם זעכציקסטן יאָר פונם צענטן יאָרהונדערט, און פון די כוזרים פון דער צעפאַלענער מלוכה האָבן פיל אויסגעוואַנדערט קיין שפאַניע, אין דער געבורטס־שטאָט פון ר׳ יהודה הלוי, טאלעדא. צוויי הונדערט יאָר נאָכדעם, האָט דער אידישער היסטאָריקער ר׳ אברהם אבן־דאוד — ווי ער שרייבט — מיט זיינע אייגענע אויגן געזען די אָפּשטאַמיקע פון די כוזרים. אויך ר׳ חסדאי אבן־שפרוט, האָט באַקומען — אויף זיין ווענדונג צום מלך פון די כוזרים, ווען די מלוכה איז נאָך געווען פעסט, ער זאָל אים אַרויסשרייבן אַלע באַגעבנהייטן — אַ תשובה, אין וועלכער עס ווערט אויספירלעך באַשריבן ווי אַזוי זיי האָבן אָנגענומען דאָס אידישע גלויבן. מיט דעם אַלעם האָט זיך ר׳ יהודה הלוי באַנוצט און פאַרפאַסט זיין ספר הכוזרי. אינם בוך ווערט צום ערשטן באַהאַנדלט דער אונטערשיד פון דער גריכישער קולטור ביז דער אידישער. די ערשטע איז אויסערלעך אַ גאַנץ עסטעטישע, אנגענעם פאַרן אויג; די צווייטע — מיט איר אינערלעכן עטישן אינהאַלט. די זיטן וואָס ווערן צוגעשריבן פון די ערשטע פאַר דער געזעלשאַפט, זיינען ניט אויף שטענדיק עקזיסטירנדע, זיי זיינען אונטערוואַרפן איבערוועקסלונגען און זיינען דערום ניט אימשטאַנד צו איינוואָרצלען זיך אין דער געזעלשאַפט און איר פירן כסדר צו בעסערונג, ווייל זייערע מדות זיינען געשאַפן אויף עסטעטישע יסודות, וועלכע פירן צו פאַרפיינערקייט און ניט צו בעסערקייט. דאַקעגן אָבער די מדות פון די צווייטע, זיינען געשאַפן אויף יסודות פון עטיק, פון גוטס, פון גערעכטיקייט און נאָך גוטע מדות, און ווייל אַזעלכע זיינען די מדות פון גאָט, זיינען זיי ניט קיין איבערוועקסלדיקע, נאָר אייביקע.

די גריכישע פילאָזאָפיע האָט ניט קיין וואָרצלען, זי באַקומט איר

זאַפט פון די צווייגן און פון זיי שפּראָצן און וואַקסן די שיינע בלומען. די צווייגן־זאַפט ווערט אָבער שנעל אויסגעטריקנט און די בלומען מוזן פאַר־דאַרט ווערן און אַראָפּפאַלן. דאָס אידנטום אָבער, האָט פעסטע וואָרצלען אונטער זיך און די יניקה וועלכע קומט פון די זעלבע איז ניט אויסגע־זעצט — אויב ס׳איז נאָר ניטאָ קיין אויסערלעכע סבה — פּאַראַליזירט צו ווערן צוליב מאַנגל אין זאַפט... די גריכישע קולטור איז אַ ליבלעכע און די אידישע אַ נוצלעכע, וועלכע קאָן אויך דערגרייכן צו ליבלעכקייט. דער נידעריקער שטאַנד פון די אידן צווישן די פעלקער — זאָגט זיך ווייטער אין הכוזרי — איז ניט קיין ראיה אַז זיי זיינען ניט די אויסדערוויילטע פון פיל אַנדערע, ווייל דערמוטיקייט און דערנידערונג זיינען דאָך אַזעלכע מדות מיט וועלכע אויך אַנדערע פעלקער רימען זיך. אָט רימען זיך דאָך די קריסטן מיט דער הכנעה פון זייער דערלייזער און זאָגן, אַז דאָס דער־נידעריקן זיך אויף דער וועלט ברענגט צו דערהויבונג אויף יענער וועלט... און דעריבער לערנט דאָך די קריסטלעכע תורה, אַז ווען איינער ווערט געשלאָגן אויף דער רעכטער באַק, זאָל דער געשלאָגענער אויסשטעלן אויך זיין צווייטע באַק... אויך די מאַכמעדאַנער שטאָלצירן מיט די אנטשארן (מאַכמעד׳ס חברים) און פאַרהייליקן זייער מאַרטירערשאַפט. ווירקלעך, דאָס אידישע מאַרטירערשאַפט איז ניט מיטן גוטן ווילן פון די אידן אָנ־גענומען, אָבער מיט איין וואָרט וואָלטן זיי זיך דאָך געקענט ניט נאָר באַפרייען פון מאַרטירערשאַפט, נאָר אויך גליקלעך לעבן, באַקומען דאָס זעלבע רעכט ווי אַלע זייעריקע, און דאָך בויגן זיי אָן זייערע שולטערן צו ליידן אַלעם אומדערטרעגלעכעס. איז דען דאָס אַליין ניט קיין צייכן פון דעם גרויסמוט וואָס פאַרדינט דעם גרעסטן כבוד ?..

די אידישע רעליגיע — זאָגט זיך ווייטער אין הכוזרי — איז ניט קיין שאָוויניסטישע און ניט קיין אייפריקע. זי שענדעט ניט, זי דערנידע־ריקט ניט די אָפּשטאַמלינגע פון אַנדערע רעליגיעס. דאָס אידישע גלויבן לייגט אַרויף אַ חוב אויפן אידן צו רעספּעקטירן די אַלגעמיינע וועלט און געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג און דעריבער ווערט פון ר׳ יהודה הלוי אין זיין הכוזרי געגעבן די פּרעפערענץ דעם ישוב העולם, וועלכער איז דער עיקר און דער דת איז די צווייטע מדרגה. און פּונקט ווי ציצערא אין זיין צייט, באַשטימט אויך ר׳ יהודה הלוי אַז אָן דער אַלגעמיינער, גוטע וועלט־און־געזעלשאַפטלעכע־אָרדנונג, קאָן אַ איינציקער מענטש ניט עקזיסטירן.

דער הכוזרי לערנט אויך ניט אויפצופירן זיך אסקעטיש. דער איד דאַרף זיך ניט קונה עולם הבא זיין מיט תעניתים און פייניקונגען: דער עיקר איז נאָר אָרנטלעכקייט, גערעכטיקייט, מיטלייד און מילד־טעטיקייט. די זיינען די הויפּטשטריכן אין הכוזרי וועלכע קומען פאָר אין אַ דיאַלאָג צווישן דעם כוזרי און דעם חבר. דאָס ווערק, כאָטש עס איז געשריבן מיט אַריבער פינף הונדערט יאָר צוריק, האָט דאָך זיין ווערט ניט אָנגעוואוירן ביז היינטיקן טאָג.

וואָס אנבעלאנגט ר׳ יהודה הלוי׳ס פּאָעזיע, איז גאַניץ איבעריק צו דערקלערן ווי וואונדערבאַר זי איז. זיינע פּאָעטישע שאַפונגען האָבן אים געשטעלט העכער פון אַלע פּאָעטן, ניט נאָר פון זיין צייט, נאָר אויך פון די מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער. און מיר קענען מיט רעכט זאָגן אַז ווען ניט ר׳ יהודה הלוי׳ס פּאָעזיע, וואָלטן מיר ניט זוכה געווען צו די גרויסע משוררים וועלכע זיינען אויפגעשטאַנען ביים אידישן פאָלק ביז די לעצטע פון אונזער צייט און זיינע שירים, אין וועלכע עס פילט זיך דער נאַציאָנאַלער אידישער גייסט ביז צו באַגייסטערט ווערן פון זיי, וועלן פאַרבלייבן אייביק ווי דאָס אידישע פאָלק, ווייל עס שוועבט אין זיי דער גייסט פונם אידישן פאָלק און זיי זיינען מיטן פאָלק ווי אַ קערפּער מיט אַ נשמה...

**ד. תתק״ד — 1144 —** דער טויט פון ר׳ יוסף אבן מיגאש. זיין זון ר׳ מאיר, ווערט אויף זיין אָרט רב אין לוצענא. די קאראימישע סעקטע פאַרשטאַרקט זיך, באַקומט מערערע אָנהענגער אין קאסטיליע און פארשאפט פיל אומאנגענעמלעכקייט דעם רבניש׳ן אידנטום. מיט דער באַמיאונג פון רבי יהודה, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין קאַסטיליע, באַפעסטיקן זיך די רבנים קעגן דער קראַימישער סעקטע; ווערן געשטיצט פונם קעניג אלפאנס דעם זיבעטן. די סעקטע ווערט פאַרפאָלגט און ארויסגעטריבן פון קאַסטיליע.

**ד. תתק״ו — 1146 —** דער צווייטער קרייץ־צוג דורך דער אגיטאַציע פונם פּויפּסט אויזשעניוס און בערנאַרד דער הייליקער אין זיד־פראנקרייך. גרויזאַמע הריגות אין די שטעטביים רהיין. פילע אנטלויפן אינם לאַנד פון די פראנקן און שוואַבען. שרעקלעכע בלוט־פאַרגיסונגען אין די דייטשע שטעט דורך די קרייץ־ציגער. בערנאַרד דער הייליקער באַקומט רחמנות אויף די אידן און שטעלט אָפּ די הריגות איבער זיי. וואַרפט אַריין אין געפענקעניש דעם פראנצויזישן גלח רודאָלף, וועלכער האָט געהעצט און אָנגערייצט די מאַסע אויף די אידן. דער קעניג קאנראַד דער דריטער, דערלאָזט ניט די קרייץ־ציגער באַרירן די אידן אין זיין

לאַנד און באַשיצט זיי מיט זיין קעניג־
לעכער מאַכט. — אַ פאַלשער משיח באַ־
וויזט זיך אין פעץ, פיל פון זיינע אַנ־
העגנער ווערן פון דער רעגירונג שטרענג
באַשטראָפט. ר׳ משה בן מיימין (רמב״ם)
באַזעצט זיך אין קאָרדאָוואַ, נעמט אונ־
טערריכט אין פילאָזאָפיע פונם אַראַבישן
פילאָזאָף אווערראָיעס; פון די אַראַבישע
געלערנטע אבן תאפחיל און אבן סאיגו
לערנט ער מעדיצין, אַסטראָנאָמיע, אַל־
געברא און גרונטלעך די אַראַבישע
שפּראַך. אין דייטשלאַנד ווערט באַשטימט
אַ געטהאָ פאַר אידן.

**ד. תתקט״ז** — 1156 — לודוויג
דער זיבעטער, דער קעניג פון פראַנקרייך,
איז ניט מסכים מיט זיינע מיניסטאָרן
אַרויסצוטרייבן די אידן פון זיין לאַנד, ער
פאַרבאָט זיי נאָר צו מאַכן געלט־אָפּע־
ראַציעס. דוד אל ראי לאָזט זיך וויזן אין
דער שטאָט אַמאַדע, אין פּערסיען, אַלס
אַ אידישער העלפער פון די אונטערדריקטע
אידן. ער נעמט צוזאַמען פיל מענטשן פון
זיינע גלויבנס־גענאָסן און לאָזט זיך גייען
מיט זיי מלחמה פירן אויף ירושלים. דער
פּערסישער גובערנאַדאָר דערשלאָגט מע־
רערע, ער קאָן זיי אָבער אינגאַנצן ניט
פאַרניכטן. ער זוכט צו שליסן פרידן מיט
דוד אל ראי, נאָר מיט אַ תנאי, ער זאָל
אים גיבן אַ צייכן אז ער איז ווירקלעך גע־
שיקט פון גאָט צו העלפן די אידן. ניט
קאָנענדיק דערפילן זיין פאַרלאַנג ווערט
ער געבראַכט קיין דאַגעסטאַן און אַריינ־
געוואָרפן אין געפענקעניש. דוד אנטלויפט
פון דאָרט, קומט צוריק קיין אַמאַדע. דער
פּערסישער גובערנאַדאָר פאַרלאַנגט פון
די אידן זיי זאָלן אים איבערגעבן דוד׳ן.
דוד וויל ניט זיין קיין קרבן פאַר זיי. דער
גובערנאַדאָר איז זיך נוקם און הרג׳עט
פיל אידן. דוד שטאַרבט דורך דער האַנט
פון זיין איידעם. (דאָס זיינען נאָר איינ־
קע היסטאָרישע שטריכן וועגן דוד אל
ראי. די לעגענדע אָבער האָט וועגן אים
פיל נסים צוגעשריבן).

**ד. תתקי״ט** — 1159 — דער
פויפּסט אלעקסאַנדער דער דריטער איז
גוט צו די אידן. ער דערלויבט זיי אָפּ־
היטן זייערע שבתים און ימים טובים אָן
דער מינדעסטער שטערונג. רב יחיאל,
דער אייניקל פון רב נתן, דער בעל הערוך
אין רוים, ווערט פונם פויפּסט באַשטימט
פאַר אַ אויפזעער איבער זיין שאַץ־קאַמער.
ר׳ יהודה הלוי, דער גרויסער משורר און
דער מחבר פונם „כוזרי" ווערט (לויט אַ
פאָלקס־לעגענדע) דערהרג׳עט פון אַן אַראַ־
בער, ווען דער פּאָעט באַטרעט די הייליקע
ערד אין ירושלים. — ר׳ משה בן מיימון
(רמב״ם) לאָזט אַרויס זיין פּירוש אויף
דער משנה אין דער אַראַבישער שפּראַך.
צוליב זיין פריינטשאַפט מיטן אַראַבישן
פילאָזאָף אווערראָיעס ווערט ער באַשול־
דיקט פון די אידן אַלס אַ גרינגשעצער
אינם כבוד פון דער אידישער רעליגיע.
דאָס האָט אים באַוואויגן צו באַזעצן זיך
אין מאַראָקאָ, אין אפריקאַ. פיל אידן באַ־
זעצן זיך אין גריכנלאַנד אַממערסטן אין
דער הויפּטשטאָט. זיי באַשעפטיקן זיך
מיט פאַרב־ און גלאָז־מסחרים. אַ קליינע
צאָל אידן באַזעצן זיך אין הייליקן לאַנד
(חוץ ירושלים). זיי באַשעפטיקן זיך מיט
האַנט־אַרבעט. אַ גרויסע אידישע געמיינ־
דע בילדעט זיך אין אלעקסאַנדריע. דער
רמב״ם באַזעצט זיך אין דער שטאָט
פאָוסטאַדאַ, אין עגיפּטן, אין וועלכער עס
געפינען זיך פיל אידן; באַשעפטיקט זיך
מיטן בריליאַנטן־האַנדל און געלט־טויש.
די רייזע פון ר׳ בנימין בן ר׳ יונה פון

טאָלעדאָ אין איראָפּאַ, צו זיינע ברידער אין אזיע, צו באַקענען זיך מיט זייער פיזישן, מאַטעריעלן און גייסטיקן צו־שטאַנד. זיינע רייזע־באַשרייבונגען זיינען איבערזעצט געוואָרן אויף פראַנצויזיש און לאַטייניש. — דער רמב"ם ווערט דער אַרצט פונם טערקישן גענעראַל פאַשאַ וועלכער האָט צו יענער צייט געהערשט איבער עגיפּטן.

**ד. תתקכ"ח** — 1168 — ר' יוסף בן אפרים בן אבו באסט הלוי, האָט נושא חן געווען אין די אויגן פון אלפאנס דער אַכטער, קעניג פון קאַסטיליע, און ער גיט אים אַ הויכן רעגירונגס־אַמט. שמואל בן פאַקער ווערט לייב־אַרצט ביי דעם קעניג און איינער פון זיינע ראַטגעבער.

**ד. תתק"ל** — 1170 — גאַנצאַלעס מארטין, אַ רעגירונגס־באַאַמטער, וועלכער איז געשטאַנען אונטערן באַפעל פון ר' יוסף בן אבו באסט הלוי, האָט אין גע־היים אינטריגירט אויף אים און אויף מע־רערע פּראָמינענטע אידן צו דערקלערן זיי פאַר פאַררעטער. ווען ס'איז אים דאָס ניט געלונגען האָט ער ביים קעניג אָפּגע־קויפט צען אידן ניט אנצייגנדיק זייערע נעמען און אויסגעקליבן ר' יוסף און ר' שמואל בן פאַקער און נאָך אַכט פּראָמינענ־טע אידן, געשלאָסן זיי אין קייטן און אַריינגעוואָרפן אין געפענקעניש. ווען דער קעניג האָט זיך דערוואוסט ווער די פּער־זאָנען זיינען, איז ער זייער אויפגעבראַכט געוואָרן און גלייך מבטל געווען דעם קויף און באַפרייט די אַרעסטירטע און צוריק־געקערט זייער פאַרמעגן וואָס גאַנצאַלעס האָט פאַרנומען. ר' יוסף איז אָבער פאַר הארצווייטיק געשטאָרבן אין געפענקעניש און איז באַערדיקט געוואָרן, אויפן באַפעל פון אלפאנסאָ, מיט גרויס כבוד אין דער שטאָט טאָלעדאָ. ר' משה בן אבודאלל ווערט פונם קעניג באַשטימט אויף דעם זעלבן אַמט פון ר' יוסף. דאַן שמואל בן יאיש ווערט דערהויבן צום אַמט פונם ערשטן קעניגס סעקרעטאַר. גאַנצאַלעס ווערט אויפן באַפעל פון קעניג געטויט.

**ד. תתקל"א** — 1171 — סאַלאַדין יוסף בן איוב, דער הערשער פון עגיפּטן, באַשטימט דעם רמב"ם פאַר זיין לייב־אַרצט און ערשטער ראַטגעבער.

**ד. תתקל"ב** — 1172 — עס דער־קלערט זיך אַ פאַלשער משיח אין איינע פון די שטעט אין מאַראָקאָ. ער ווערט גע־קעפּט אויפן באַפעל פונם גובערנאַדאָר; די אָנהענגער ווערן באַשטראָפט מיט גרוי־סע סומען געלט.

**ד. תתק"ם** — 1180 — אַ פאַלשער משיח שטייט אויף אין קאָרדאָוואָ. די אידן ליידן שרעקלעך דורך אים. ר' אברהם בן דוד הלוי פון טאָלעדאָ, דער מחבר פון מערערע וויכטיקע ספרים, שטאַרבט אַ מאַרטירער טויט אויף קדוש השם.

**ד. תתקמ"א** — 1181 — פיליפּ אויגוסט, דער קעניג פון פראַנקרייך, באַ־פעלט אַז די קריסטן וואָס זיינען שולדיק אידן געלט זיינען פריי פון באַצאָלן זייערע חובות און די אידן דאַרפן זיי צוריקקערן די וועקסלען וואָס זיי האָבן ביי זיי גע־נומען.

**ד. תתקמ"ב** — 1182 — דער זעל־בער קעניג באַפעלט די אידן צו פאַרלאָזן פראַנקרייך. די באַמיאונג פון די אידן אָפּ־צושטעלן דעם גירוש, איז דערפאָלגלאָז. די רעגירונגס־באַאַמטע נעמען ביי זיי אוועק דאָס גאַנצע פאַרמעגן.

**ד. תתקמ"ה** — 1185 — דער רמב"ם, וועלכער האָט זיך אַ גרויסן נאָמען

דערוואָרבן ביי די גרעסטע אידישע לומדים דורך זיין ספר „יד החזקה”, לאָזט אַרויס זיין ספר „מורה נבוכים” אויף אַראַביש.

**ד. תתקמ״ח** — 1188 — היינריך דער צווייטער, קעניג פון ענגלאַנד, פאָדערט פון די אידן זעכציק טויזנט פונט שטערלינג צו דעקן די הוצאות פונם דריטן קרייץ־צוג. די וועלכע זיינען ניט אימשטאַנד געווען בייצושטייערן ווערן אַרויס־געטריבן פונם לאַנד; עס פאַרבלייבן נאָר די וועלכע האָבן אַריינגעטראָגן פינף טויזנט מאַרק אויסלייז־געלט.

**ד. תתקמ״ט** — 1189 — שרעקלעכע הריגות אויף אידן אין לאָנדאָן אינם טאָג ווען ריכאַרד לעווענהערץ (האַרץ פון אַ לייב) ווערט געקרוינט. צווישן די הרוגים איז אויך געווען רבינו יעקב פון אָרלעאַנס (רבינו תם).

מיר גיבן דאָ אַ לענגערע באַשרייבונג פון די שרעקלעכע געשעענישן, די הריגות, די מאַרטירערשאַפט, וועלכע האָבן מוסיף געווען אין דער היס־טאָריע ניט ווייניק בלוט־געפאַרבטע בלעטער מיט וועלכע די זעלבע איז ניט אָרים. שרעקלעך איז דער גורל פונם שטיף־ברודער אין דער צייט פון שלום, ווען דער פאָטער האַלט אַ אויג איבער אַלע זיינע קינדער און דערלאָזט ניט צו קיין מחלוקת. דער שטיף־זון איז אויך דעמאָלט ווי אַ דאָרן אין אויג, אָבער נאָך מער וויטיקלעך איז דער גורל זיינער אין דער צייט ווען צווישן די ברידער ברעכט אויס אַ קריג, ווען זיי קריגן זיך איינער מיטן צווייטן, דעמאָלט ווערט דער שטיף־ברודער דאָס ציל־ברעט פאַר אַלע פיילן וואָס ווערן פון איין ברודער צום צווייטן געוואָרפן... ער, דער שטיף־ברודער, ווערט דער זינד־באָק, דער שעיר לעזאזל...

ביי דער ענדע פון עלפטן יאָרהונדערט האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה צווישן קריסטן און מאַכמעדאַנער. אייראָפּע און אַזיע האָבן זיך געשטעלט אויפן שלאַכט־פעלד איינע אַקעגן דער צווייטער און די ביידע האָבן גע־זעטיקט זייער ערד מיטן בלוט פונם שטיף־ברודער, מיטן בלוט פונם אידישן פאָלק. אדום און ישמעאל זיינען אָנגעפאַלן איינער אויפן צווייטן מיט דער גרעסטער אכזריות און פון די אומגליקלעכע בני יעקב זיינען געפאַלן הונדערטער טויזנטער.

אין יענער צייט האָט איינער פון די אידישע מיסטיקער אַרויסגעלאָזט אַ קול צווישן די אידן, אַז ענדע פונם מחזור רנ״ו, פיר טויזנט אַכט הונדערט פיר און זעכציקסטן יאָר, וועט קומען דער גואל, צונויפזאַמלען אַלע אידן און צוריק ברענגען זיי אין זייער לאַנד און דערמיט וועט מקוים ווערן די

נבואה פון בן חלקיהו: „רנ״ו ליעקב שמחה״. אָבער אָנשטאָט צו הערן שופר של משיח, האָט זיך געלאָזט הערן דאָס שרעקלעכע קול פונם שרעקלעכן שונא: „די מערדער פון אונזער דערלייזער דאַרפן געטויט אָדער געטויפט ווערן!״

דער היסטערישער מאַנאַך פּעטער פון אמיענס, האָט מיט זיינע מיט־העלפער געפּריידיקט צו די קריסטן זיך לאָזן גיין אויף ארץ־ישראל, נוקם זיך זיין אין די מוסולמענער און אָפּנעמען דעם הייליקן קבר פון זיי.

זייערע ווערטער וועלכע זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט דעם העכסטן פאַנאַטישן עקסטאַז, האָבן געפונען אַ אָפּקלאַנג אין די הערצער פון דער פאַנאַטישער מאַסע. פאַרזאַמלטע אין די צענער טויזנטער, אָנרופנדיק זיך מיטן נאָמען „ברידער״, האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט צום אָריענט און דעם גאַנצן וועג האָבן זיי זיך געוואַשן אין אידיש בלוט. מיט דעם קרייץ־צייכן אויף זייערע קליידער און מיט דער ברכה פונם הייליקן פאָטער אין רוים, וועלכער האָט זיי אויך מוחל געווען אַלע זייערע זינד וואָס זיינען פון זיי באַגאַנגען און וועלן באַגיין, זיינען זיי פאַררעכנט געוואָרן פאַר קדושים און קיינער האָט ניט געוואַגט צו שטערן זיי אין דער הייליקער מיסיע וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען.

אין פראַנקרייך זיינען די הריגות ניט געווען אַזעלכע שוידערלעכע ווי אין ענגלאַנד און דייטשלאַנד. אין פראַנקרייך האָבן די הערשער מער אָדער ווייניקער מיטלייד געהאַט און מערערע מאָל באַשיצט די אידן און ניט דערלאָזט די רוצחים דורכצופירן קיין שוידערלעכע מערדערייען. שרעקלעך זיינען אָבער געווען די הריגות אין ענגלאַנד און דייטשלאַנד. די מערדער פלעגן פאַרטרייבן אידן אין זייערע געבעט־הייזער און אָנשטעלנדיק די שווערדן קעגן זייערע הערצער געשריגן: „דער טויף, אָדער דער טויט״. גאַר ווייניק האָבן אָנגענומען דעם ערשטן רוף און הונדערטער טויזנטער זיינען אומגעקומען אויף קדוש השם.

פאַר דער מחנה מערדער פלעגט גיין אַ גאַנז, גלויבנדיק אַז די גאַנז איז געשיקט געוואָרן פון גאָטס־זון צו פירן זיי און באַגליקן זיי אויפן וועג אויף וועלכן זיי גיין. נאָך דער גאַנז פלעגן גיין טויזנטער קינדער, וועלכע פלעגן וואַשן זייערע פיסלעך אין אידיש בלוט... ווי ווייט אידן האָבן זיך מוסר נפש געווען אויף קדוש השם קאָן דינען דער פאַקט פון דער שטאָט טריאר. ווען די אידן האָבן זיך דערוואוסט אַז די קרייץ־ציגער קומען אַהין,

האָבן זיי באַשטימט אַליין זיך צו טויטן און ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די מאַרטירער און ניט פאַרשוועכן דעם כּבוד פון זייערע פרויען און טעכטער. מיט אייגענע הענט האָבן זיי געקוילעט זייערע קינדער און זייערע פרויען. אויך אין די שטעט אספּירא, ווירמייזא האָבן זיך אידן געקוילעט איינער דעם אַנדערן, יעדער זיינע זין און טעכטער; בשעת׳ן קוילען האָבן אַלע אויסגעשריען אויף אַ קול: „שמע ישראל ד׳ אלהינו ד׳ אחד”. אויך אין ירושלים האָבן אידן געליטן פון די קרייץ-ציגער. נאָכדעם ווי די מערדער האָבן אויסגעשלאָכטעט די מאַכמעדאַנער, האָבן זיי פאַרטריבן די אידן אין דער שול, אונטערגעצונדן זי פון אַלע זייטן און אַלע זיינען פאַרבּרענט געוואָרן.

דער גורל פון די וועלכע האָבן אויגנשיינלעך אָנגענומען, געצוואונגענערהייד, דאָס קריסטנטום איז בּיז גאָר אַ טרויעריקער געווען. פון איין זייט פלעגן זיי די גלחים פאַרפאָלגן באַמערקענדיק אַז זיי זיינען פאַלש צום קריסטנטום, פון דער צווייטער זייט פלעגן זיך פון זיי דערווייטערן די אידישע פאַנאַטיקער פאַררעכענענדיק זיי פאַר משומדים. זיי האָבן זיך מיט זיי ניט מתחתן געווען, פון זייער שפּייז ניט געגעסן און פון זייער וויין ניט געטרונקען און אַזוי זיינען זיי פאַרפאָלגט געוואָרן פון בּיידע זייטן, פון אידן און פון קריסטן.

אין יענער צייט איז געווען דער ראש פון אַלע אידן ר׳ שלמה יצחקי (רש״י). ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון דער אנוסים פאַרפאָלגונג, איז ער זייער אויפגעבּראַכט געוואָרן און גלייך אַרויסגעלאָזט אַ אויפרוף: „מיר באַגיין דאָס גרעסטע פאַרבּרעכן מיט אונזער דערווייטערן זיך פון די אנוסים און נאָך מער מיט דעם וואָס מיר פאַרשאַפן זיי חרפּות און בּושות. מען דאַרף נעמען אין אַכט אַז ניט מיט זייער גוטן ווילן האָבן זיי אָנגענומען דאָס קריסטנטום, נאָר פאַר דער מורא פונם שונא׳ס שווערד און ווען די סכּנה איז פאַריבּער זיינען זיי דאָך געוואָרן די אמת׳ע בּעלי-תשובה”.

ס׳איז כּדאי אויך אייניקע ווערטער צו שרייבּן וועגן דעם הייליקן און פון אַלעמען באַליבּטן מאַן ר׳ שלמה יצחקי און די לעגענדע וואָס דאָס פאָלק האָט וועגן אים געשאַפן. בּיי רש״י׳ס פאָטער, ר׳ יצחק, איז געווען אַ טייערער בּריליאַנט, די קאַטוילישע גייסטלעכע האָבן זיך פון אים דערוואוסט און געוואָלט בּיי אים אָפּקויפן דעם בּריליאַנט כּדי איינצופאַסן

אים אין דעם בילד פון גאָטס מאַמע... ר׳ יצחק האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו פאַרקויפן דעם טייערן שטיין טראָץ די גאָר הויכע פרייז וואָס זיי האָבן אים געוואָלט געבן. אין אַ טאָג, ווען די גייסטלעכע האָבן זיך דער־וואוסט אַז ער האָט דעם בריליאַנט מיט זיך, האָבן זיי אים פאַרנאַרט אויף אַ שיף. דאָרט האָבן זיי אים געדראָעט אַז אויב ער וועט זיי ניט פאַרקויפן דעם בריליאַנט וועלן זיי אים אַריינוואַרפן אין ים אַריין. דער־הערנדיק די ווערטער האָט ער גלייך דעם טייערן שטיין אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין. אין דעם מאָמענט האָט זיך געלאָזט הערן אַ בת קול: „דו, יצחק, האָסט מקדש השם געווען מיט אַ בריליאַנט און דיין שכר וועט זיין אַ זון וואָס וועט לייכטן ווי אַ בריליאַנט״. און דער בריליאַנט איז געווען רש״י.

אַ צווייטע לעגענדע דערציילט וועגן רש״י: ווען דער העלד גאָדפריד, איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון די קרייץ־ציגער, האָט זיך דערוואוסט פון רש״י׳ס גרויסקייט, האָט ער זיך געווענדעט צו אים, איידער ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין און געפרעגט וועגן דעם אויסגאַנג פון דער מלחמה. רש״י האָט אים געענטפערט: „דו וועסט איינעמען ירושלים, דו וועסט הערשן דאָרט דריי טעג; אויפן פערטן, וועלן דיך דאָרט די טערקן מיט שאַנדע אַרויסטרייבן און וועסט קומען צוריק מיט דריי פערד״. די נבואה פון רש״י איז מקוים געוואָרן, אָבער אַזוי ווי גאָדפריד איז צוריק־געקומען מיט פיר פערד, האָט ער שוין געמיינט אַז די גאַנצע נבואה איז ניט מקוים געוואָרן, אָבער ווען ער איז דורכגעפאָרן דעם טויער פון דער שטאָט איז אַראָפּגעפאַלן אַ שטיין און דערהרג׳עט אַ פערד.

**ד. תתק״נ** — 1190 — דאָן סאַלאָמאָן, דער זון פון דאָן יוסף, איז באַשטימט געוואָרן פונם פּאָרטוגאַלישן קעניג זאַנקסיוס דער ערשטער, אַלס קריגס־מיניסטער. די קרייץ־ציגער האָבן זיך פאַרנומען אויסצוהרג׳ענען אַלע אידן אין ליסאַבאָן. דורך דעם איינפלוס פון דאָן סאַלאָמאָן אויפן קעניג, איז אים געלונגען צו באַוועגן אים אָפּצוהאַלטן די הריגות.

די קרייץ־ציגער האָבן דורכגעפירט אַ שרעקלעכע הריגה איבער די אידן פון יאָרק אין ענגלאַנד, זייער האָב און גוטס צערויבט. מיט דער גרעסטער אכזריות זיינען זיי איבערגעפאַלן דעם פּאַלאַץ פונם אידישן פינאַנץ־מיניסטער ברוך, דערהרג׳עט אים צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע און

נאָכדעם אונטערגעצונדן דעם פּאַלאַץ. מערערע אידן האָבּן געזוכט אַ רעטונג אינם פּאַלאַץ פון אונטער דער שטאָט, זיי האָבן זיך געפּרואווט אנטקעגנשטעלן די מערדער, אָבער זעענדיק אַז די מערדער וועלן זיי סוף כּל סוף בּאַזיגן, האָבּן זיי דעם פּאַלאַץ אונטערגעצונדן און אַלע זיינען פאַרבּרענט געוואָרן. פיל פייגלינגע האָבּן זיך איבּערגעגעבּן צו די מערדער, גלויבּנדיק אַז זיי וועלן זיך דערמיט רעטן, די מערדער האָבּן זיי אָבּער געטויט. בּיז פינף הונדערט אידן זיינען אין יענעם טאָג אומגעבּראַכט געוואָרן. די איבּערגעבּליבּענע זיינען פאַרבּליבּן הוילע און בּלויזע, ניט האָבּנדיק מיט וואָס אַ טאָג איבּערצוקומען. דער קעניג ריכאַרד, וועלכער איז צו יענער צייט געווען אין ירושלים, דערוויסנדיק זיך פון די אכזריותדיקע מעשים וואָס די מערדער האָבּן אויסגעאיבּט אויף די אידן אין זיין לאַנד, איז בּיז גאָר אנטריסטעט געוואָרן און בּאַפוילן מען זאָל די מערדער ניט פאַרשווייגן. די מערדער זיינען שטרענג בּאַשטראָפט געוואָרן.

**ד. תתקנ"ד — 1194** — ר׳ אברהם **אבן** עזרא נעמט ר׳ יהודה הלוי׳ס טאָכטער פאר א פרוי (אייניקע היסטאָריקער **זאָגן** אַז ס׳איז נאָר אַ לעגענדע. מ. ר.) **זיינע** נסיעות איבער מערערע שטעט אין **אייראָפּאַ**. זיין נסיעה קיין ארץ ישראל און **דאָס** באַקענען זיך דאָרט מיט די גרעסטע **אידישע** געלערנטע אין טבריה. דורכרייזנדיק די גריכישע אינזלען און קומענדיק אין דער שטאָט ראָדוס א״ז ער דאָרט געשטאָרבן אין דער עלטער פון פינף און זיבעציק יאָר. ר׳ אברהם אבן עזרא איז געווען איינער פון די גרעסטע געלערנטע געהאַט אַ גרויסע ידיעה אין מעדיצין, נאַטור־געשיכטע, אסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטיק.

וועגן דעם אידישן גייסטיקן העלד אבן עזרא בּרענגען מיר דאָ אַ לענגערע בּאַשרייבּונג:

לערך הונדערט יאָר נאָכן געבּורט פון ר׳ שמואל הנגיד, איז געבּוירן געוואָרן דער אָרימער ר׳ אברהם, דער באַהעמע וואָס האָט זיך גערופן אבן עזרא. דער אָרעמער חכם איז אין זיין געלערנזאַמקייט געשטאַנען העכער פון אַלע חכמי ספרד וועלכע זיינען געווען פאַר אים. אברהם בּן מאיר אבן עזרא איזווירקלעך געווען אַ וואונדער. מיט זיין שאַרפן שכל האָט ער בּאַנעמען די וויסנשאַפט אין אַלע געבּיטן. ער האָט אויך גרינטלעך שטודירט די קאַראימישע ליטעראַטור.

אבן עזרא איז אָבּער אויך געווען ניט ריין פון חסרונות. ער איז גע־

ווען — ווי ס'איז צו זען פון זיינע שריפטן — פאַראַדאָקסאַל. אַן אָרטאָ־דאָקסישער גלויביקער און אַ פריידענקער. אַ גאָטס־פורכטיקער און אַ פּי־לאָזאָף. אַן אויסטראָנאָם, אַ גלויביקער אין דער השפעה פון די שטערן און מזלות, און א בעל בטחון אין גאָט...

נאָך אַלס גאַר יונגערמאַן איז ער באַפריינדעט געוואָרן מיט ר' יהודה הלוי, כאָטש אידייאיש האָבן זיי ניט געשטימט איינער מיטן אַנדערן. ווען זייער באַקאַנטשאַפט האָט זיך געשאַפן אַ לעגענדע, אַז ר' יהודה הלוי האָט אים דערקענט דורך אַ שיר חאָס ער האָט אָנגעשריבן, זייענדיק אין זיין ישיבה.

ווי געזאָגט, איז ר' אברהם אבן עזרא געווען אַ גרויסער אָרעמאַן; ער איז אָבער אויך געווען אַ פריילעכער קבצן. ער לאַכט זיך אויס פון זיין אָרעמקייט און זינגט:

„מיר ווילט זיך זייער זיין רייך,
עס לאָזט זיך אָבער פון אַלעם אויס אַ טייך.
דאָרט אין הימל מיינע שטערן
מיען זיך דאָס רייכקייט צו צעשטערן.
וועל איך וועלן פון תכריכים מאַכן געלט,
וועלן מענטשן אייביק לעבן אויף דער וועלט.
וועל איך וועלן פון ליכט מאַכן אַ גראַשן
וועט די זון אויך ביינאַכט ניט זיין אויסגעלאָשן."

ר' אברהם אבן עזרא איז געווען דער אייביקער וואַנדערנדער איד. אַרומגעוואַנדערט איבער אַ גרויסע טייל פון דער וועלט, און אין קיין אָרט ניט געפונען קיין רו. און דאָך האָט עס אים ניט געשטערט צו שרייבן זיינע חבורים. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון די מארגנלענדער קיין אייראָפּא און פאַרבליבן אַ צייט אין רוים, האָט ער דאָרט געענדיקט זיין פּרוש אויף תנ"ך וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיין חריפות און סטיל. אין זיין פּרוש אויף קהלת שפּעט ער אָפּ מיט שאַרפע הלצות פון אַלע פּיטנים, איבערהויפּט פון ר' אלעזר הקליר. פון איטאַליע איז ער געפאָרן קיין לאָנדאָן און דורכרייזנדיק נאָרד־פראַנקרייך האָט ער זיך באַקענט מיטן רבינו ת"ם, רש"י'ס אייניקל, וועלכער האָט פאַרפאַסט אַ שיר פאַר זיין כבוד ווענן. די בעלי התוספות דערמאָנען זיין נאָמען דריי מאָל: אין תענית כ., ר"ה י"ג און אין קדושין ל"ו.

ר׳ אברהם אבן עזרא איז אַלט געווען פינף און זיבעציק יאָר ווען ער איז געשטאָרבן. אַ טייל היסטאָריקער ווילן אָבער האָבן אַז ער איז געשטאָרבן ניט אין ראדאס, נאָר אין רוים, אינם יאָר תתקנ״ז. איידער ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה האָט ער זיך אויסגעדריקט: „ואברהם בן חמש ושבעים שנה בצאתו מחרון אף העולם״.

## היסטאָרישער איבערבליק איבער די עפּאָכן פון אונזערע משוררים פון דער צייט וואָס די אראבער האָבן באַזיגט שפּאַניע

די מלחמה וואָס איז פאָרגעקומען ביי קאַסערעס דע לאַ פראָנטעראַ, צווישן די אַראַבער און די גאָטהען, האָט געשאַפן אַ נייע ליכטיקע עפּאָכע אינם לעבן פון די שפּאַנישע אידן. די זיגן פון טאַריק און מוזא האָבן אַריינגעבראַכט אַ גייסטיקע יוגנט-קראַפט אינם שפּאַנישן אידנטום, אין דער ליטעראַטור און קולטור.

אין וועלכער צייט אידן האָבן זיך באַזעצט אין שפּאַניע קען מען אויף ריכטיק ניט וויסן. צי זיינען זיי געקומען אַהין נאָך אין די צייטן פון שלמה און אַהין זאָל אויך שלמה האָבן געשיקט זיינע שיפן איינמאָל אין דריי יאָר אויפצומאָנען שטייערן, ווי עס זאָגן עדות די אויפשריפטן אויף אַלטע מצבות? אָדער אין די צייטן פון די חשמונאים, ווי ס׳זיינען זיך משער אַ טייל פאָרשער, שטיצנדיק זיך אויף אַלטע מטבעות וואָס מען האָט געפונען אין דער אַלטער שטאָט טראַסאנא; און אפשר גאָר אין די צייטן פון הורדוס, ווען עס איז שוין געווען אַ אידישע קהלה אין טאלעדא און פון דאָרט זיינען געשיקט געוואָרן בריוו — ווי אַ טייל געשיכטע-שרייבער ווילן האָבן — צו דעם כהן גדול אלעזר און צו די סנהדרין זיי זאָלן זען אָפּהאַלטן דעם טויט-אורטייל איבער דעם גרינדער פון קריסטנטום. איינס איז אָבער זיכער אַז אין פינפטן יאָרהונדערט נ. ק. האָבן זיך שוין געפונען אידישע קהלות אין שפּאַניע.

אין די צייטן פון די גאָטהען, ווען רעקאַרעד האָט צוזאַמען מיט זיין פאָלק אָנגענומען דאָס קריסטנטום און געזוכט אַלע איינוואוינער פון זיין לאַנד אַריינברענגען בצל כנפי יוסף ומרים... איז דער גורל פון די שפּאַ-

נישע אידן געווען ביז גאָר אַ שרעקלעכער. דאָס צווינגען צו שמד'ן זיך און די גזרות אויף די וואָס האָבן זיך ניט גע'שמד, האָבן געבראַכט אידן צו פאַרצווייפלונג. און ערשט אין די צייטן פון די דעראָבערער, די אַראַבער, האָט זיך די לאַגע פון די אידן ביז גאָר געבעסערט. די אראבער, וועלכע זיינען געוואָרן די הערשער פון שפּאַניע און אין דערזעלבער צייט די באַ־פרייער פון די אידן, זיינען ניט קיין פאַרגלייכבאַרע מיט די פון צופאָר מיט אייניקע הונדערט יאָר, וועלכע האָבן קיין אַנדער חכמה אויסער די חכמה פונם קאראַן ניט געוואוסט און ניט געוואָלט וויסן, און טאָקע דער־פאַר פאַרברענט די גרויסע ביבליאָטעק אין אַלעקסאַנדריע. די אראבער אָבער, האָבן שוין געהאַט אַ הויכע קולטור און אַ רייכע ליטעראַטור, און די אידן וואָס האָבן געוואוינט אין שפּאַניע האָבן מיט פאַרגעניגן און מיטן גרעסטן חשק זיך פאַרנומען צו שטודירן די אַראַבישע ליטעראַטור, אָט די ליטעראַטור וואָס איז ביי זיי באַליבט געווען נאָך פון גאַנץ לאַנגע צייטן. זיי האָבן זי אַריינגעבראַכט אינם „אוצר היהדות" און איר פאַראידישט. דאָס איז די מיינונג פון ד"ר קייזערלינג, דער באַ־קאַנטער אָריענטאַלישער געשיכטע־שרייבער. מהר"ש מונק, וויל ניט אנערקענען אַז די אידישע חכמים האָבן גענומען זייער חכמה פון די שפּאַ־נישע אַראַבער. ער צייגט אונז איבער, אַז דאָס קאָן מען נאָר אָננעמען בנוגע דעם רמב"ם און נאָך אייניקע געציילטע. פונם פילאָזאָף אביציברון, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַר דעם ערשטן משורר סיי אין חכמה און סיי אין צייט, און וועלכער איז, ווי מען האָט זיך נאָכדעם דערוואוסט, ניט קיין אַנדערער ווי נאָר אונזער גרויסער משורר ר' שלמה בן גבירול, קענען מיר זיך איבערצייגן, אַז אויב אַפילו די אידישע פילאָזאָפן זיינען ניט פאַררעכנט אין אַ פריערדיקער צייט, פאַר די אַראַבישע, איז אָבער די באַשעפטיקונג אין די פאַרשידענע חכמות, ניט געווען אין אַ פרעמד פעלד געאַרבעטע, נאָר אין אַ אייגענעם געאַקערט, געזייט און געשניטן... און נאָך מער קענען מיר זיך איבערצייגן פון ר' שמואל אבן נאגדילא (הנגיד), געבוירן אין ענדע פון צענטן יאָרהונדערט, וועלכער איז אין דער וויסנ־שאַפט אויף אַלע געביטן געשטאַנען העכער פון זיינע צייט־גענאָסן. צו יענער צייט האָט אויך די תורה און דער תלמוד אַ גרויסן פאַרשריט גע־מאַכט. און נאָך איידער ר' משה מיט זיין זון חנוך זיינען געבראַכט גע־וואָרן אַלס שקלאַפן קיין קאָרדאָוואַ, שפּאַניע, אין יאָר 988 און די קאָרדאַ־

ווער אידן האָבן זיי אויסגעלייזט און געוואָרן די גייסטיקע פאָרשטייער, איז שוין דאָרט געווען אַ גרויסע ישיבה, מיר געפינען שוין צווישן די גרוי־סע געלערנטע די באַרימטע משוררים, ר׳ שלמה בן גבירול, ר׳ משה, ר׳ אברהם אבן עזרא, ר׳ יהודה הלוי, ר׳ יצחק אבן גיאת און נאָך אַנדערע, וועלכע האָבן אונז געגעבן די שירי קדש, וואָס ניט נאָר די ספּרדישע אידן, נאָר אויך מיר, אשכנזים, האָבן זיי אַריינגעבראַכט אין אונזערע תפילות. ניט נאָר מיט פּאָעזיע האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן נאָר אויך מיט פאַרשידענע וויסנשאַפטן, איבערהויפּט מיט דער פילאָזאָפיע.

דער אַראַבישער פילאָזאָף אבו־ראזי, ארויפציענדיק אויף זיך דעם צאָרן פונם קעניג אַלמאַנסאר, איז אנטלאָפן קיין ליצינא און דאָרט גע־פונען שוץ ביי די אידישע איינוואוינער וועלכע האָבן אנערקענט זיין גרויסקייט. פון זיין חכמה־קוואַל האָבן אין אַ משך פון פיר הונדערט יאָר, אַלע וועלט־באַרימטע געלערנטע געשעפּט, און אויך אידישע חכמים האָבן פון אים אַ סך גענומען.

ניט אויף לאַנג האָט זיך אָבער געצויגן די גאָלדענע עפּאָכע פאַר אידן. צוזאַמען מיט דעם וואוקס פון דער חכמה, איז אויך געוואַקסן דער שטאָלץ פון די אַראַבער, און ווי דער שטייגער איז, האָט יעדער איינער געזוכט איבערשטאָלצירן דעם צווייטן, און עס האָבן זיך געשאַפן רייבונגען און קריגערייען. זיי האָבן ניט גענומען אין אַכט די סכנה וואָס דראָעט זיי פון דער אויסערלעכער, קריסטלעכער וועלט, און אַז צו פאַרטיידיקן זיך קענען זיי מוז הערשן אחדות. און אַזוי האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה פון די קריסטלעכע מלוכות קעגן די אַראַביש־שפּאַנישע קאַליפן און פיל שטעט זיינען אָפּגעריסן געוואָרן און איבערגעגאַנגען צו די קריסטן. אַלפאָנסאָ דער פירטער, האָט איינגענומען די שטאָט טאָלעדאָ, די שטאָט וועלכע איז געווען פריער די וואוינונג פון די גלחים. די אַראַבער צוזאַמען מיט די אידן זיינען אַרונטער אונטער זייער הערשאַפט. די לאַגע פון די אידן אונטער די ערשטע קריסטלעכע קעניגן איז נישט געווען קיין גוטע. די אידן זיינען פון זיי פאַרעכנט געוואָרן אַלס די מערדער פון זייער דער־לייזער און אויך אַלס די איינגעשפּאַרטע, וואָס ווילן ניט אָננעמען דאָס קריסטלעכע גלויבן כּדי דורכדעם קענען געניסן פון עולם הבא. זיי האָבן אָבער זיך געמוזט האַלטן מיט דעם „אומגליק״, צוליב זייער בילדונג

וואָס זיי האָבן באַזיצט און דעם נוצן וואָס זיי האָבן דורך דעם געבראַכט דעם לאַנד.

מיר זיינען איצט ניט אויסן אויספירלעך צו באַשרייבן די גרויזאַמע באַהאַנדלונגען פון די נאָכקומענדע אַלפאָנסאָס און פערדינאַנדן. פיל בלע־טער אין דער אידישער היסטאָריע זיינען באַשריבן פון די אַלע צרות, פייניקונגען און מאָרדן וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אויף די איינגע'עקשנ'טע אידן, וועלכע האָבן ניט געוואָלט נעמען אויף זיך דעם עול מלכות יוסף און מרים. מיר ווילן דאָ נאָר אָנדייטן אַז טראָץ די אַלע פייניקונגען, פאַר־פאָלגונגען און פייערדיקע באַשטראָפונגען, זיינען פון דאָרט די מערסטע אידישע משוררים אַרויסגעקומען, וועלכע האָבן פאַרשאַפט און פאַרשאַפן ביז היינט כבוד דעם אידישן פאָלק. צום גרויסן פאָלקס-אומגליק זיינען אָבער דאָרט אויך געווען אַזעלכע נידערטרעכטיקע משוררים, וועלכע האָבן פאַרראַטן דאָס אידישע פאָלק, און איבערגייענדיק אין שונא'ס לאַגער, האָבן זיי אים פאַרשאַפט פיל צרות. די נעמען פון די פאַר־רעטער זיינען שוין אָנגעדייטעט געוואָרן אין דער כראָנאָלאָגיע, אַזעלכע ווי דאָן שלמה הלוי, געבוירן אין 1350. אין יאָר 1391 האָט ער זיך געטויפט אין בורגאָש און זיך אָנגעהויבן צו רופן פוילוס (פאַול) דע סאַנטאַ מאַריאַ. אויף אים האָבן די גלחים דערציילט אַז די יונג-פרוי, בכבודה ובעצמה, האָט זיך צו אים באַוויזן אין חלום און אים פאַרשפּראָכן, אַז ווען ער וועט זיך שמד'ן וועט ער ווערן איינער פון די גרעסטע גייסטלעכע. דער חלום איז טאַקע מקוים געוואָרן, ער איז געוואָרן בישאָף אין קאַרטאַגענאַ. ער ווערט פאַררעכנט פאַר אַ גרויסן משורר און פילאָזאָף; ווי אויך זיין ברודער דאָן אַלוואַר גראַציא דע סאַנטאַ מאַריאַ; אַלאַנזא, פוילוס זון; יאַהאַן אַלפאָנזאָ דע באַענאַ, דעם קעניגס סעקרעטאַר וועלכער האָט אַרויסגעגעבן אין דער העלפט פונס פופצנטן יאָרהונדערט אַ בוך מיט 576 שירים פון די בעסטע שפּאַנישע פּאָעטן און עס דערלאַנגט אַ מתנה צו זיין קעניג. אָט די משומדים און נאָך פיל אַנדערע, זיינען געווען באַרימטע פּאָעטן און פילאָזאָפן פון וועמענס שאַפונגען אידן האָבן ניט וויניק געליטן.

צווישן די דערנער האָבן אָבער אויך אַרויסגעשיינט די בלומען אינם געשטאַלט פון ביז אין טויט פאַרבליבענע אידישע חכמים, משוררים און פי־לאָזאָפן.

מיר ווילן זיך צוריק אומקערן צו דער אַראַביש-שפּאַנישער עפּאָכע

פונם צענטן יאָרהונדערט. אין אָנפאַנג פון דעם יאָרהונדערט, ווען עבד אל־רחמן, דער איינציקער איבערגעבליבענער פון דער האמאיאַדישער דינאַס־טיע, וועלכע איז פאַרטיליקט געוואָרן דורך די העבאסידישע קאַליפן, האָט פאַראייניקט אַלע צעוואָרפענע מאַכמעדאַנישע זעלבסטשטענדיקע קליינע פּראָווינצן און געוואָרן דער איינציקער קאַליף־הערשער איבער אַלע, איז דאָס אַראַביש־שפּאַניע געווען דאָס געבענטשטע לאַנד, סיי בגשמיות און סיי ברוחניות. געבענטשט איז עס געווען מיט איר רייכער אַגריקולטור, געווערקשאַפט און אינדוסטריע. אַ גרויסן חלק אין דעם עקאָנאָמישן און וויסנשאַפטלעכן פּראָגרעס, דאַרף צוגערעכנט ווערן צו דעם משורר ר׳ חסדאי אבן שפּרוט, דער פינאַנץ־מיניסטער, וועלכער האָט געבראַכט דאָס לאַנד ביז צו דער העכסטער מדרגה פון פּראָגרעס. ר׳ חסדאי אבן שפּרוט, וועלכער — ווי געזאָגט, איז אויך געווען אַ משורר — האָט אויך די פּאָעזיע און סתם אידישע וויסנשאַפט אין לאַנד, געשטעלט אויף אַ הויכער מדרגה. ער האָט געגרינדעט די גרויסע ישיבה אין קאָרדאָווא און אויפגענומען די אויבנדערמאַנטע צוויי חכמים: ר׳ משה מיט זיין זון חנוך. ער האָט אויך געשטיצט די צוויי גרויסע משוררים און מדקדקים, מנחם בן סרוק און דונש בן לברט, און אויך ר׳ שמואל אבן תיבון. זייער פּאָעזיע צייכנט זיך אָבער ניט אויס מיט דערווירקלעכער שיינקייט, גלאַנץ און געדאַנקען־גאַנג ווי עס פאָדערט פּאָעזיע. ערשט אין אָנפאַנג פונם עלפטן יאָרהונדערט, אין די צייטן פון ר׳ שמואל הנגיד און אַנדערע, האָט די פּאָעזיע באַקומען איר ריכטיקן געשטאַלט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די אַנטוויקלונג צו מער שיינקייט, גלאַנץ און געדאַנק, איז פאַרגעזעצט געוואָרן און ווערט פאַרגעזעצט אויך היינט צו טאָג.

ר׳ שלמה הנגיד, אָט דער אָרימער משורר, וואָס האָט זוכה געווען צו אַזאַ גדולה, צו ווערן דער משנה למלך, האָט אין זיין גרויסקייט ניט פאַר־נאַכלעסיקט די פּאָעזיע און זיך גענומען צייט צו שרייבן מערערע ביכער אין פּאָעזיע. ער האָט געשריבן דאָס בוך „בן תהלים״, שירים איבער די מלחמות, נידערלאַגעס און נצחונות פון זיין לאַנד, און איבער אַלעם וואָס ס׳איז פאָרגעקומען מיט זיין פאָלק, סיי צום גוטן און סיי צום שלעכטן. די ביכער „בן משלי״, „בן קהלת״ און דעם „דיוואן״ (זאַמלבוך), וועלכע אַנט־האַלטן שירים, פּראָזע איבער מאָראַל, ליבע, פריינטשאַפט און אַנדערע שירי־חול, ווי איבער ווייַן, פאַלשקייט און פאַרראַט.

נאָך ר׳ שלמה הנגיד, קומט זיין צייט-גענאָסע ר׳ שלמה בן גבירול. ער איז, ווירקלעך, ניט געווען אַזאַ אַלזייטיקער וויסנשאַפטס-מאַן ווי ר׳ שלמה הנגיד, אָבער אין פּאָעזיע און פילאָזאָפיע איז ער געשטאַנען העכער פון אים. זיין פילאָזאָפיע איז געווען דער פונדאַמענט אויף וועלכן שפּינאָזאָ האָט געבויט זיין שטה, נאָר מיט דעם אונטערשיד, וואָס נאָך בן גבירול׳ן נאָך איז די בריאה ניט קיין צופעליקע קראַפט, נאָר אַלעם איז דורכן רצון פון דעם בורא עולם. מען געפינט אויך אַ ענלעכקייט אין זיין שטה וועגן דעם מענטשנס בחירה מיט דער לערע וועגן דערזעלבער, פון שאָפּענהויער. זי שטייט נאָך אַפילו העכער בנוגע דעם מוסר השכל וואָס אין איר איז דאָ.

דער דריטער פון די משוררים אין יענער צייט איז געווען ר׳ משה אבן עזרא (אבו הרון מוסי). ער שטייט ווירקלעך אויף אַ קלענערער מדרגה פון בן גבירול בנוגע דעם טיפן געדאַנקען-גאַנג פון דער פּאָעזיע. ער שטייט אָבער פיל העכער מיט דער רייכקייט פון דער שפּראַך, און דורך דעם איז ער אימשטאַנד געווען צו שאַפן אין זיינע שירים, דאָס זעלבע בילדלעכקייט און דעם זעלבן כאַראַקטער ווי אין די אַראַבישע. אָבער מיט זייער גאַנצער גרויסקייט, מיט זייער גאַנצער פּאָעזיע-קענטעניש, קענען זיי זיך בשום אופן ניט פאַרגלייכן מיט דעם גרעסטן משורר, ר׳ יהודה הלוי, פון וועמען מיר האָבן שוין פריער געשריבן.

די אַלע משוררים ביז אים, האָבן געדיכטעט וועגן אַלעם, נאָר ניט וועגן אייגנאַרטיקן נאַציאָנאַליזם. ר׳ יהודה הלוי האָט די מערסטע טייל פון זיינע שירים געווידמעט דעם נאַציאָנאַליזם.

איינער פון די אנערקענטע גרויסע משוררים ווערט אויך גערעכנט רבי עמנואל בן שלמה הרומי, געבוירן אין פערצנטן יאָרהונדערט, אין דער צייט פון ר׳ ידעיה הפניני, אין דער שטאָט רוים. מיר וועלן זיך דאָ לענגער אָפּ-שטעלן וועגן דעם משורר, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע הומאָריסטישע שירים, און מאַנכע מאָל זיך ניט אָפּגעהאַלטן פון צינישע אויסדריקע.

עמנואל האָט געשטאַמט פון אַ פּאָרנעמסטע פאַמיליע אין רוים. זיינע ערשטע לערער זיינען געווען יואב און בנימין, צוויי אומבאַקאַנטע גע-לערנטע. ווען ער איז עלטער געוואָרן האָט ער געלערנט ביי ר׳ זרחיה אבן חן.

ר׳ עמנואל איז געווען, ווי אַלע זיינע צייט-גענאָסן, אַ גרויסער

תלמודיסט און אַ רעליגיעז געשטימטער. מיט איינס האָט ער זיך אָבער אונ־
טערשיידן פון אַנדערע אידישע געלערנטע: מיט זיין שאַרפער סאַטירע און
שטעכיקן הומאָר. ער פלעג מיטן גרעסטן שפּאַס אַרויסשטעלן די אויפפירונ־
גען פון די פאַנאַטיקער. עמנואל איז געגאַנגען אין דעם זעלבן וועג פון
אלחריזי. ער האָט זיך אויך געשטעלט אַלס מוסטער דעם גרויסן איטאַליע־
נישן דיכטער דאַנטע אַליגיערי פון פלאָרענסיא, וועלכער האָט אָנגעשריבן
די „געטלעכע קאָמעדיע", אין וועלכער ער דערציילט ווי ער איז געקומען
אין גן עדן און אין גיהנום, און שטעלט פאַר סאַטירישערווייזע די אַלע זינ־
דיקע וואָס ער האָט דאָרט געזען. ר' עמנואל האָט די נאָכגעאַמטע דאַנטע'ס
„געטלעכע קאָמעדיע", אַ נאָמען געגעבן „תפת ועדן", דער גיהנום און גן
עדן. אויב בנוגע פּאָעזיע שטייט ער נידעריקער פון דאַנטען, איז ער אָבער
מיט דעם אינהאַלט פון זיין קאָמעדיע פיל העכער פון דאַנטע'ס. ער האָט
צו דעם סוזשעט באַנוצט ניט נאָר, ווי דאַנטע, רעליגיעזע מאָטיוון, נאָר
אויך אַלוועלטלעכע.

ס'איז כּדאַי צו באַקענען די לייענער מיט דעם אינהאַלט פון דער קאָ־
מעדיע, כּדי דערמיט אַרויסזען די סאַטירע וועלכע שפּיגלט זיך אָפּ אין איר.

גלייך אין אָנהויב פון דער קאָמעדיע דערציילט אונז דער מחבר, אַז
נאָכדעם ווי דאָס זעכציקסטע יאָר פון זיין לעבן איז פאַריבער, איז גע־
שטאָרבן איינער פון זיינע באַקאַנטע, אַ יונגער בּכבודיקער מאַן. דער טויט
פון זיין יונגן פריינט האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן אַ שרעק. מורא האָבנ־
דיק אַז דער טויט זאָל אים אויך ניט אָפּשטאַטן אַ וויזיט, האָט זיך אים
זייער פאַרוואָלט צו זען זיך מיט דעם נביא דניאל און בּיי אים זיך דער־
וויסן ווען זיין צייט צו שטאַרבן וועט קומען. ווען ער איז געווען פאַרטיפט
אין אַזעלכע געדאַנקען, האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער שטורם, און נאָכן
שטורם — אַ פייער, און גלייך נאָכדעם, האָט זיך אַלעס באַרואיקט. און עס
איז דערשינען אַ ליכטיקייט, זיבן מאָל ליכטיקער ווי די זון, און פאַר אים
האָט זיך באַוויזן אַ אַלטער מאַן, אָנגעצויגן אין אַ ווייסן מאַנטל; זיין גע־
זיכט איז געווען ווי דאָס געזיכט פון אַ מלאך פון גאָט. „ווען איך האָב אים
דערזען בּין איך אויף מיין פּנים געפאַלן און דער אַלטער מאַן האָט צו מיר
געזאָגט: „שטיי אויף! איך בּין דניאל, וואָס פאַרלאַנגסטו פון מיר?" און איך
האָב געענטפערט: איך פאַרלאַנג פון דיר, טייערער דניאל, דו זאָלסט מיך
פירן אין גן עדן און אין גיהנום. און דניאל פרעגט מיך: „וואוהין פאַר־

לאנגסטו איך זאָל דיך פירן צום ערשטן?״ און איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיך פירן אין גיהנום.״

און עמנואל שילדערט מייסטערהאַפט דעם וועג וואָס פירט צום גיהנום: אַ פינסטערער, א שטייניקער, אַ ניט קיין אויסגעטראָטענער, וואָס רופט זיך „דער טאָל פון די פּגרים״. מען זעט דאָרט ניט מער ווי בלוי פּייערדיקע בליצן און מען הערט דאָרט ניט מער ווי טויב־מאַכנדיקע דונערן און האַרץ־רייסנדיקע קרעכצן. זיי זיינען מיט דעם וועג געגאַנגען אַ לאַנגע צייט, ביז זיי זיינען אָנגעקומען צו אַ שאָקלענדיקע בריק, אונטער וועלכע עס פליסט אַ טייך. אין דער שפּיץ פונם בריק שטייט אַ טויער וואָס רופט זיך: די „פלאַטערנדיקע שאַרפע שווערד״, און ער האָט צו זיין שרעק דערזען ווי מלאכים פירן דורכן טויער, נשמות אין די צען טויזנטער, אַריינצוטרעטנגען זיי אין גיהנום, זיי זאָלן דאָרט באַשטראָפט ווערן פאַר אַלע זייערע פאַר־ברעכן וואָס זיי זיינען באַגאַנגען. און עמנואל זעט דאָרט מענער, פרויען פון אַלע שטאַנדן און פון אַלע פעלקער, צווישן זיי באַקאַנטע עשירים, וועלכע האָבן געלעבט נאָר פאַר זיך, קיין רחמנות ניט געהאַט אויף אָרימע און נויטבאַדערפטיקע; אויסגעלאַסענע פרויען און צבועקישע מענטשן, וועלכע האָבן זיך פאַר לייטן פאַרגעשטעלט אַלס פרומע און געווען ביז אין ביין פאַרדאָרבענע. ער האָט אויך געזען שיינע אידן וועלכע קומען אין די שולן מיטן איינציקן אויסקוק ווי נאָר צו באַקומען אַ פעטע עליה און פאַרנעמען שטעט אין מזרח־וואַנט. ער האָט אויך דאָרט דערזען קהלס־לייט וועלכע באַשטימען כלי קדש, אַזעלכע וואָס חנפ׳ענען זיי, נעמען אויף חזנים שכורים און נואפים, וועלכע פאַרמאָגן נאָר שיינע שטימען... ער זעט דאָרט אויך רבנים וואָס האָבן געמאַכט דאָס רבנות פאַר אַ מסחר. ער האָט אויך געזען אידישע וויסנשאַפטס־מענער וועלכע צירן זיך מיט פרעמדע פעדערן... ער מערקט דאָרט אומוויסנדע דאָקטוירים, עם האַרצ׳דיקע דרשנים.

פון די אַלע געשילדערטע בילדער, איז לייכט צו פאַרשטיין מיט וועלכע אויגן ער האָט געקוקט אויף דער וועלט וואָס צייכנט זיך אוים מיט באַ־טרוג און פאַלשקייט.

נאָכדעם ווי ער שילדערט אָפּ דעם גיהנום, באַשרייבט ער דעם גן עדן. צום ערשטן זעט ער דאָרט די אבות, די נביאים, די אידישע אָרנטלעכע און רעכטפאַרטיקע מלכים און אַלע אַנדערע ריינע נשמות. אַלע זיינען זיי מיט אַ מאַיעסטעטיש אויסזען און מיט אַזעלכע ליכטיקע פנים׳ער, אַז די זון איז

טונקל אַקעגן זיי. ער דערקענט זיי ניט און ער פרעגט דניאל'ן ווער זיי זיינען, אויף וועלכן ער באַקומט אַ ענטפער, אַז זיי זיינען די חסידי אמות העולם.

מיט אַ ביטער האַרץ און מיט אויגן פול מיט טרערן, דערציילט ער וועגן דעם כבוד וואָס ווערט דאָרט צוגעטיילט די עשרה הרוגי מלכות, וועלכע זיינען געטויט געוואָרן אויף קדוש השם. ער זעט זיי דאָרט זיצן אונטער גינגאָלדענע חופות, און די צדיקים קניען דאָרט פאַרן אלהי ישראל און בעטן פאַר דעם איבערדערשטן אידן ער זאָל צושיקן פאַר זיי דעם גואל צדק. ביי דער ענדע פון דעם חזיון דערציילט ער אונז, אַז דניאל האָט אים באַפוילן אויפצושרייבן אַלעם וואָס ער האָט געזען, כדי מענטשן זאָלן וויסן וואָס גוט איז און וואָס שלעכט איז, און ס'זאָל זיך זיי ניט דוכטן אַז זיי קענען אָפּנאַרן גאָט, אַזוי ווי זיי נאַרן אָפּ מענטשן...

און דאָ זען מיר אויך דעם אונטערשיד פון עמנואל ביז דאַנטען. דער ערשטער האָט אַריינגעבראַכט אויך די חסידי אומות העולם אין גן עדן. דער צווייטער אָבער, האָט אין זיין גן עדן נאָר פרומע קריסטן אַריינגע־בראַכט, גלייך ווי אוימער פרומע קריסטן זיינען פון אַנדערע פעלקער גאָר קיין פרומע מענטשן ניט פאַראַן...

די פּאָעזיע פון ר' עמנואל איז, ווי געזאָגט, סאַטיריש און הומאָריסטיש. די סאַטירע זיינע איז שאַרף, שניידט ביז אין ביין, און מיט זיין הומאָר שטעלט ער יעדן איינעם וואָס פאַלט אונטער אים, אין דער גרעסטער חוזק'דיקער פּאָזע.

אין איינעם פון זיינע שריפטן, דערציילט ער, ווי ער האָט זיך איינמאָל אָנגעטראָפן מיט אַ חברה געמיינטע חכמים, וועלכע האָבן געשטעלט פראַגן און פאַרלאַנגט פון אים אַן ענטפער. און ער האָט מקיים געווען דעם פּסוק: ענה כסיל כאולתו. זיי האָבן אים געפרעגט: פאַר וואָס האָט גאָט געזאָגט צו רבקה: „שני גויים בבטנך", דאָרט ווי זי האָט געהאַט אין בויך נאָר איין גוי, עשו'ן? און ער האָט געענטפערט, אויך יעקב איז אין דער מאַמעס בויך אַ גוי געווען, ווייל ער איז נאָך דאַן ניט געווען קיין גע'מל'עטער..."

„פאַרוואָס — האָבן זיי געפרעגט — שטייט חנוך לנער על פי דרכו, פאַרוואָס ניט מתושלח לנער על פי דרכו? „ווייל — האָט ער געענטפערט — מתושלח האָט אַ סך יאָרן געלעבט, און אויף אַ אַלטן מאַן זאָגט מען ניט נער". — פאַרוואָס שטייט וידבר חמור אכם לאמר, קאָן אַ חמור אויך רעדן?

יאָ, האָט ער געענטפערט, דער חמור איז געווען דער זון פון בלעם'ס עזעלינע...

חוץ סאַטירישע און הומאָריסטישע שירים, האָט ער אָבער אויך געשריבן ערנסטע לידער. וואונדערבאַר זיינען די שירים אין וועלכע ער גיסט אויס זיין הארץ פאַר גאָט. אין זיי דערקענט מען זיין אמונה און זיינע באַגריפן אין יהדות, ניט ווי מצות אנשים מלומדה... אויסער ר' עמנואל, ר' ידעיה הפניני און אויך ר' קלונומוס, וועלכער איז אויך געגאַנגען מיט זיין פּאָעזיע אויפן דרך פון רבי עמנואל, זיינען אויך געווען פיל אַנדערע חכמים, משוררים און פילאָזאָפן סיי אין די צייטן פון אַראַביש־שפּאַניע און סיי נאָכדעם; סיי אין די ליכטיקע און סיי אין די פינסטערע צייטן, וועלכע האָבן געשטעלט די אידישע קולטור אויף אַ הויכער מדרגה און זי רייך געמאַכט מיט זייערע אָריגינעלע שאַפונגען ווי אויך מיט זייערע איבערזעצונגען, און אַזוי אַרום פאַראייביקט זייער נאָמען אויף דור דורות.

**ד. תתקנ"ה** — 1195 — ריכאַרד, דער ענגלישער קעניג, לייגט אַרויף שווערע שטייערן אויף די אידן. ער באַשטימט צוויי אידן, ר' ברוך און ר' יוסף אהרן, אויפצומאָנען די שטייערן.

**ד. תתקנ"ח** — 1198 — פיליפּ אויגוסט, דער קעניג פון פראַנקרייך, דערלויבט אידן זיך צוריקצוקערן אין זיין לאַנד. ער באַקומט פאַר דער דערלויבעניש אַ גרויסע סומע געלט פון די אידן. ר' פתחיה פון רעגענסבורג, רייזט אָפּ אין די מזרח־לענדער צו באַקענען זיך מיט דער לאַגע פון די דאָרטיקע אידן. אין דער שטאָט טור גרינדעט ר' אפרים אַ גרויסע ישיבה. גרויסע ישיבות גרינדן זיך אין מערערע שטעט אין אזיע.

**ד. תתקנ"ט** — 1199 — יאהאַן ווערט קעניג אין ענגלאַנד נאָכן טויט פון זיין ברודער ריכאַרד. ער גיט פאַרשידענע רעכט צו די אידן און פולע רעליגיע־פרייהייט. ער זעצט איבער זיי אַלס פירער פון אַלע אידישע אינטערעסן ר' יעקבֿ'ן, וועלכער איז אין דערזעלבער צייט אויך באַשטימט געוואָרן אַלס ראַט־מאַן אין שטאָטישן ראַט־הויז.

**ד. תתק"ם** — 1200 — דערזעלבער קעניג זעצט פאַר דאָס פאַרבעסערן די אידישע לאַגע, אָבער... ניט אומזיסט. די אידן גיבן אים איבער אַ סומע פון פיר טויזנט זילבער־מאַרקן. — ר' יהודה בן שלמה, דער אַזוי גערופענער אַלחריזי, פאַרפאַסט זיין באַרימטע ספר „תחכמוני". ער צייכנט זיך אויך אויס אין פּאָעזיע. אַליין איז ער געווען אַ געבוירענער אין אַראַביש־שפּאַניע. פאַרט קיין אזיע מיטן צוועק צו פאַרפאַלקאָמען זיך אין פאַרשידענע וויסנשאַפטן. קערט זיך צוריק פון דאָרט און באַזעצט זיך אין מאַרסעל. איבערזעצט דעם מורה נבוכים פון אַראַביש אויף העברעאיש. אין נאָרד פראַנקרייך און אין שפּאַניע ווערט פאַרשפּרייט די לערע פון תלמוד דורך די בעלי התוספות.

ר׳ שמשון בן אברהם נעמט צוזאַמען זייערע קאָמענטאַרן און איז זיי מסדר. נאָך אַלחריזי זעצט איבער דעם מורה נבוכים ר׳ שמואל אבן תיבון. אין פילע קהלות פון דייטשלאַנד פאַרמערן זיך לומדים. אויך אין איטאַליע באַווייזן זיך רבנים מופלגים, וועלכע גיבן אָפּ זייער צייט אויף קאָמענטאַרן איבערן תלמוד. צווישן זיי צייכענען זיך אויס מערערע חדושים. אין שלעזיען און פוילן פאַרגרעסערן זיך אידישע קבוצים.

**ד. תתקס״ב** — 1202 — דער טויט פונם רמב״ם אין דער שטאָט אַל־קאַהירא. אידן באַוויינען זיין טויט אין אַלע לענדער. ער איז נקבר געוואָרן אין טבריה, אין ארץ ישראל. זיין זון אברהם ווערט ראש ישיבה אין אלקאהירא און לייב אַרצט ביים סולטאַן, אויפן אָרט פון זיין פאָטער. — ר׳ שלמה, דער געמיינדע־פאָרשטייער און רב אין מאָנט פּיליער, צוזאַמען מיט זיינע צוויי תלמידים ר׳ דוד און ר׳ יונה, פאַרברענען דעם ספר מורה נבוכים אין דער עפנטלעכקייט. ער רופט אויס א חרם אויפן מחבר און אויף אַלע לייענער פונם מורה נבוכים, און אַנדערע פילאָזאָפישע ביכער געשריבן אויף גריכיש און אַראַביש. די רבנים פון פראנקרייך און שפאניע פּראָטעסטירן דערויף. אין די צוויי אויבנדערמאַנטע לענדער צוטיילן זיך די גרעסטע רבניה אין צוויי צדדים, אויף אָנהענגער און קעגנער פון דעם רמב״ם׳ס שיטה.

דער רמב״ם, טראָץ זיינע — אין זיינער צייט — מתנגדים איז דאָך פאַרבליבן די איינציקע אויטאָריטעט אין דער רבנישער ליטעראַטור וואָס ווערט דערמאָנט מיטן גרעסטן יראת הכבוד.

ווען אַלע חכמי ספרד האָבן געלייכט ווי ליכטיקע שטערן אויפן אידישן הימל, האָט דער רמב״ם געשיינט ווי די זון אין מיטן העלן טאָג, און פאַרשפרייט זיין ליכט איבער אַלע אידן און ליכטיק געמאַכט אין אַלע ווינקעלעך. אין יענער צייט, ווען דאָס אידנטום האָט אָנגעהויבן צו וואַקלען, ניט האָבנדיק קיין פעסטן גייסטיקן באָדן אונטער זיך, ווען די בתי מדרשים און ישיבות אין אַראַביש־שפאַניע, פון וועלכע עס פלעגט אַרויסגיין תורה און חכמה אין די צייטן פון ר׳ שמואל הנגיד און רבי יצחק אלפסי, זיינען געשטאַנען עלנדע און פאַרוויסטע אַ דאַנק דער פאַנאַטישער אייפערזוכט פון די מאַכמעדאַנער — האָט זיך געלאָזט דערקענען דער גרויסער געלערנטער רבי משה בן מיימון.

דער רמב״ם — זיין נאָמען אויף אַראַביש איז געווען: אבן עמראן מוסה בן מאימון, — איז געבוירן געוואָרן דעם פערצנטן ניסן אין יאָר **ד. תתצ״ח**, 1138, אין קאָרדאָווא. זיין פאָטער ר׳ מיימון בן יוסף, איז געווען דיין אין קאָרדאָווא, געלערנט מאַטעמאַטיק און אַסטראָלאָגיע, און אויך געשריבן וויסנשאַפטלעכע ספרים. אויף דעם זעלבן דרך האָט ער דערצויגן

זיין זון משה און איינגעוואָרצלט אין אים ליבע צו תורה און חכמה.

ווען משה איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר איז דער אידישער הימל אין קאָרדאָווא שרעקלעך פאַרוואָלקנט געוואָרן. די מאַכמעדאַנישע רעגירונג האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל אויף קריסטן און אידן, אַז אויב זיי ווילן פאַר־בלייבן אין לאַנד מוזן זיי ווערן מאַכמעדאַנער. אין קעגנפאַל, וועלן זיי אַרויסגעטריבן ווערן. כמעט אַלע אידן האָבן פאַרלאָזט די שטאָט קאָרדאָווא אונטער וועלכע ס'איז אויך געווען די פאַמיליע מימון. טראָץ דעם וואָס די פאַמיליע מימון האָט כסדר געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, האָט עס דאָך ניט געשטערט דעם יונגן משה צו שטודירן אידישע וויסנשאַפט און אויך — פון די אַראַבישע געלערנטע — זיך פאַרפאָלקאָמען אין דער מעדיצין, פילאָזאָפיע און אַנדערע אַלוועלטלעכע וויסנשאַפט. מיט זיין שאַרפן שכל און קריטישן בליק, געלייטערט פון יעדן נארישן אַבערגלויבן, האָט ער אָנ־גענומען יעדע וויסנשאַפט, סיי אידישע און סיי אַלוועלטלעכע. ער האָט עס געטון מיט אָרדנונג און לאָגישערווייזע. מיט רעכט האָט מען אים גערופן דער אידישער אריסטא, ווייל אויך אריסטא האָט די וויסנשאַפט אויף דער אַרט געלערנט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די געזונטע לאָגיק זיינע האָט אָפּגעשוואַכט זיין פאַנטאַזיע, און דעריבער האָט ער קיין גרויסן חשק ניט געהאַט צו פּאָעזיע, וועלכע איז מער פאַנטאַסטיש ווי לאָגיש. און זיך ווענן דערזעלבער אויסגעדריקט: „מיטב השיר — כזבו": די בעסטע פּאָעזיע איז באַזירט אויף ליגן". אויף פאָלגנדן אופן דריקט ער זיך אויס אין זיין פירוש אויף דער משנה, אין סנהדרין (פ. י. מ. א.): דער וואָס גיט זיך אָפּ מיט שירים און פיוטים, איז עס ניט מער ווי אַ צייט־פאַרלוסט, ווייל ס'איז ניטאָ אין זיי, ניט קיין חכמה און ניט קיין נוצן".

זייענדיק אַלט דריי און צוואַנציק יאָר האָט ער אָנגעשריבן זיין חבור „חשבון העבור" אין וועלכן ער האָט אַרויסגעוויזן זיין ליבע צו אָרדנונג און לאָגיק.

נאָכדעם איז ער צוגעטרעטן צו דער ריזיקער אַרבעט, זיין פירוש אויף די ששה סדרי משנה. זיבן יאָר האָט ער געאַרבעט אויף דעם ווערק. ווי ער זעלבסט דריקט זיך אויס: „אין מיין וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט, האָב איך דעם פירוש געשריבן. פיל ענינים האָב איך געשריבן אויף די שיפן. דעם פירוש האָב איך אָנגעהויבן ווען איך בין אַלט געווען דריי און צוואַנציק יאָר, און אים געענדיקט צו דרייסיק יאָר".

ווי ווייט זיין זכרון האָט דערגרייכט קאָן מען אַרויסזען פון דעם פאַקט וואָס פאַר זיין אַרבעט האָט ער זיך ניט באַנוצט מיט קיין שום ספר, ווייל צוליב דעם וואָס ער האָט די גאַנצע צייט אַרומגעוואַנדערט, האָט ער מיט זיך ניט געהאַט די נויטיקע ספרים. אַלעס האָט ער געשריבן פונם זכרון. ביי אים אין מח האָט זיך געפונען די ביבליאָטעק פון די ששה סדרי משנה, פון תלמוד בבלי און ירושלמי און אַנדערע ווערק פון גאונים. אין יאָר תתקי"ט איז ער מיט זיין פאַמיליע געקומען קיין מאַראָקאָ וואו ס'האָט געהערשט אַ פאַנאַטישער גרויזאַמער קעניג וועלכער האָט געצוואונגען קריסטן און אידן אָנצונעמען דאָס מאַכמעדאַנישע גלויבן און קומען אין די מעטשעטן צו בעטן און אנערקענען מאַכמעד'ן אַלס נביא. אין יענער צייט איז אויפגעשטאַנען אַ פאַנאַטישער חסיד און ארויסגעלאָזט אַ שריפט, אַז יעדער איד וואָס פאַרמאַסקירט זיך אַפילו אַלס מאַכמעדאַנער האָט ניט קיין חלק באלהי ישראל, ווען אויך אין געהיים דינט ער גאָט און היט אָפּ אַלע מצוות. אַקעגן דעם דאַזיקן פאַנאַטיקער איז אַרויס דער רמב"ם מיט זיין „אגרת השמד", אין וועלכן ער האָט צונישט געמאַכט דעם אויפרוף פון דעם פאַנאַטיקער, דערקלערנדיק, אַז ניט נאָר דאַרפן מיר זיך ניט דערווייטערן פון זיי, נאָר, פאַרקערט, דערנענטערן זיך צו זיי, טרייסטן זיי, ווייל זיי זיינען אנוסים, געצוואונגענע, און, אונס רחמנא פטריה, ווייל דער אנוס דערמיט וואָס ער איז מודה אין דער נבואה פונם משוגענעם אַראַבער, זינדיקט ניט אַפילו געצוואונגענערהייד במעשה, נאָר בדבור. דער „אגרת השמד" וואָס דער רמב"ם האָט אַרויסגעלאָזט האָט אים שיעור ניט געקאָסט דאָס לעבן. די אַראַבישע רעגירונג דערוויסנדיק זיך פון דעם שריפט, האָט געזוכט דעם רמב"ם צו טויטן אים, און מיט שווערע מי איז אים געלונגען צו אנטלויפן מיט דער גאַנצער פאַמיליע דורך דעם מיטלענדישן ים קיין ארץ ישראל. ער איז דעמאָלט אַלט געווען דרייסיק יאָר. ווען די פאַמיליע איז אָנגעקומען קיין עכו, האָבן די אידישע פאָרשטייער אים געמאַכט אַ ערלעכן קבלת פנים. ביי אַ האַלב יאָר זיינען זיי דאָרט פאַרבליבן און באַזוכט אַלע הייליקע ערטער. נאָכדעם האָט די פאַמיליע מימון אויסגעוואַנדערט קיין מצרים און זיך באַזעצט אין קאירא.

דער רמב"ם האָט געהאַט אַ ברודער מיטן נאָמען דוד, און ביידע האָבן געלעבט ווי זבלון מיט יששכר. דער ברודער האָט געהאַנדלט און

מפרנס געווען ביידע פאַמיליעס. צום רמב״ם'ס גרויס אומגליק איז זיין ברודער אומגעקומען פאַרנדיק אויפן אינדישן ים. ער איז דערטרונקען גע־וואָרן צוזאַמען מיט זיין גאַנץ פאַרמעגן דורך אַ שיף־ברוך. גלייך נאָכדעם האָט דעם רמב״ם געטראָפן אַ צווייט גרויס אומגליק: מען האָט אים גע־מסר'ט אַז ער האָט געלעסטערט דעם איסלאַם. מיט שוועריע מי האָט ער זיך באַפרייט פון דעם בלבול. דער רמב״ם — כדי צו זיין אימשטאַנד צו דערנערן זיין פאַמיליע און אויך זיין ברודערס — איז געוואָרן דאָקטאָר און דערוואָרבן זיך אַ גרויסן נאָמען. ער איז שוין דורך דעם געווען בכח אויסצוהאַלטן ביידע פאַמיליעס. ער איז אויף אַזוי פיל באַקאַנט געוואָרן, אַז דער אַלקאיראַ'שער קאַליף האָט אים באַשטימט פאַר זיין לייב־אַרצט. ניט קוקנדיק דערויף וואָס ער איז געווען פאַרנומען די גרעסטע טייל פונם טאָג היילנדיק קראַנקע, האָט ער אין דער זעלבער צייט געשאַפן דאָס רי־זיקע ווערק „יד החזקה" אָדער „משנה תורה". און אָט וואָס דער היסטאָ־ריקער גרעץ זאָגט וועגן דעם ווערק:

„ווען דער תלמוד איז געגליכן צו אַ פּאַלאַץ אָדער אַ לאַבּערינט, אין וועלכן מען קאָן פאַרבלאָנדזשעט ווערן אין זיינע פילע צימערן און ניט זיין אימשטאַנד צו געפינען דעם אַריינגאַנג און ארויסגאַנג, איז דער רמב״ם מיט זיין ווערק „יד החזקה" געגליכן צו אַ לייכט־טורם, וואָס ניט נאָר ער לייכט, נאָר איז אויך אַ וועג־ווייזער אויף דורכצוגיין בשלום דעם וועג פונם תלמוד. פונם חתימת התלמוד, ביז דעם לעצטן דור איז נאָך ניט אויפ־געשטאַנען אַזאַ דענקער, מיט אַזאַ לויטערן שכל און לאָגישן פאַרשטאַנד ווי ער, וועלכער איז אימשטאַנד געווען אַרויסצוגעבן אַזאַ אוצר'דיק ווערק ווי דער „יד החזקה".

גרויס איז געווען דער רמב״ם, און אַ דאַנק זיין גרויסקייט האָט ער געהאַט מתנגדים וועלכע האָבן זיך אין אים מתקנא געווען. איינער פון זיינע גרעסטע קעגנער איז געווען דער גאון ר' אברהם בר' דוד פון פראַנקרייך (ראב״ד) וועלכער האָט זיינע פיילן געצילט ניט נאָר קעגן דעם מורה נבוכים, נאָר אויך קעגן דעם „יד החזקה". דאָס דאָזיקע ווערק איז אָבער אויף אַזוי פיל שטאַרק געווען אַז די פיילן האָבן זיך נישט מער ווי אָנגעקלאַפּט אין אים און צעשמעטערט געוואָרן.

דער רמב״ם האָט זייער פיל געאַרבעט, און דאָס איז צו זען פונם בריוו וואָס ער האָט געשריבן צו ר' שמואל אבן תיבון. נאָכדעם ווי ער

דאַנקט אים פאַר זיין גוטן ווילן איבערצוזעצן דעם מורה נבוכים פון אַראַביש אויף העברעאיש, זאָגט ער זיך אָפּ פונם כבוד צו זען זיך מיט אים און עוסק זיין בדברי חכמה. „איך — שרייבט צו אים דער רמב״ם — וואוין אין מצרים, אין דער אַלטער שטאָט קאירא. דער קעניג וואוינט אין אלקאירא; צווישן די צוויי שטעט איז אַ מרחק פון צוויי תחום שבת, און איך מוז אומבאַדינגט קומען צו אים יעדן פרימאָרגן, און ווען ער אָדער אַפילו איינער פון דער קעניגלעכער פאַמיליע געפינט זיך שוואַך, פאַרבלייב איך שוין דאָרט ביז נאָך האַלבן טאָג. אומקערנדיק זיך אַ היים, אַ אויסגעהונגערטער, טרעף איך שוין דאָס הויז געפּאַקט מיט פיל קראַנקע, גויים און אידן, גוטע פריינט און אויך שונאים... איך לאָז מיך אַראָפּ פון דער בהמה אויף וועלכער איך רייט, און נאָכן באַגריסן זיי בעט איך אַנטשולדיקונג אויף געציילטע מינוטן ביז איך וועל מיט עפּעס איבערכאַפּן דעם הונגער. גלייך נאָכדעם גיי איך אַרויס צו זיי און אונטערזוך יעדן באַזונדער און פאַראָרדן די רפואה וואָס איז נויטיק פאַר זיין קרענק. און איך בלייב אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז מיר איז שווער אַ וואָרט אַרויסצורעדן. מיט איינעם וואָרט, קיינער איז ניט אימשטאַנד מיט מיר צו רעדן אויסער שבת, ווען עס קומען זיך צונויף, גלייך נאָך דער תפלה, די מתפללים, און מיר פאַרברענגען אַ פּאָר שעה״.

אויף אַזאַ אופן איז געווען דער לעבנס-שטייגער פון דעם גייסטיקן העלד רבנו משה בן מימון, אויף וועלכן ס׳איז געזאָגט געוואָרן: „ממשה עד משה לא קם כמשה״.

דער רמב״ם איז נפטר געוואָרן אין דער עלטער פון זיבעציק יאָר, דעם צוואַנציקסטן טבת ד. תתקס״ב (לויט אייניקע היסטאָריקער אין ד. תתקס״ה). ווען די טרויער טעג נאָך אים זיינען פאַריבער, האָט מען זיינע ביינער געפירט קיין ארץ ישראל, און מקבר געווען נעבן דער שטאָט טבריה. אויף זיין מצבה זיינען אויסגעקריצט געוואָרן די ווערטער: „פה טמון רבנו משה בן מימון מבחר האנושי״. צום באַדויערן האָבן זיינע שונאים אויך זיין אָנדענק באַליידיקט. איינער פון די גרעסטע קנאים׳דיקע קעגנער האָט אויף דערזעלבער מצבה אונטער דער אויפשריפט אויסגעקריצט די ווערטער: „פה טמון משה בן מימון המוחרם והמין״... דערמיט האָט מען אָבער זיין גרויסן נאָמען ניט פאַרטונקלט. ער איז ביז היינטיקן

טאָג פאַרבליבן דער וועמענס נאָמען ווערט דערמאנט מיטן גרעסטן ,
יראת הכבוד.

**ד. תתקע"ב**—1212 — די רדיפות אויף די אידן אין טאָלעדא פאַרשטאַרקן זיך, צוליב דער מלחמה פון די שפּאַניער מיט די מויערן.

**ד. תתקע"ה** — 1214 — דער פויפּסט אינאָצענטיוס דער דריטער, גיט אַרויס אַ דעקרעט אַז אידן דאַרפן אָפּגעבן אַ צענטל פון זייער פאַרמעגן צו די גלחים; ניט צו ווייזן זיך אין גאַס אין יום - טוב - טאָג; קליידן זיך מיט אַ באַשטימטע פאַר זיי קליידונג; ניט אויפנעמען זיי אויף אַ רעגירונגס־אַמט.

**ד. תתקע"ו** — 1216 — דער טויט פון יאהאַן, דער קעניג פון ענגלאַנד. אין דער אידישער לאַגע איז ניט פאַרגעקומען קיין שום ענדערונג צום שלעכטן.

**ד. תתקע"ז** — 1217 — פּעמבראַקע, דער אַפּעקון פון היינריך, דער קעניג פון ענגלאַנד, באַשטייגנדיק דעם טראָן אין דער עלטער פון ניין יאָר, גיט אַרויס אַ געזעץ אַז אידן זאָלן טראָגן צוויי לאַטעס אויף זייער אויבערשטן מלבוש, אויף דער ברוסט. — אַ גרויסע אַסיפה פון רבנים אין אַלקאַהירא אויף צו באַראַטן זיך וואָס פאַר אַ מיטלען אָננעמען צו באַפעסטיקן דעם דת, ווײַלכער איז ביז גאָר אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין מערערע אידישע קהלות אין עגיפּטן.

**ד. תתקע"ח** — 1218 — אויפן באַפעל פון פּעמבראַקע ווערט אַרויסגעגעבן אַ דערלויבעניש אידישע סוחרים צו באַזעצן זיך אין ענגלאַנד, מיט דעם תנאי אונטערוואַרפן זיך אַלע געזעצן בנוגע די איינגעבירגטע אידן. — דער קעניג פיליפּ אויגוסט גיט אַרויס שטרענגע גזרות אויף אידן אין פראַנקרייך, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט וואוכעריי. די גלחים אין ענגלאַנד פאַרנעמען זיך אַרויסצוגעבן שווערע געזעצן אויף אידן, זיי ווערן אָבער געשטערט דורך דער רעגירונג. — די שפּאַנישע גלחים באַמיען זיך ניט דערלאָזן אידן פייערן זייערע ימים טובים און צווינגען זיי צו שמד'ן זיך. דער פויפּסט האָנאָריוס דער דריטער, דערלאָזט ניט און צעשטערט זייערע פּלענער.

**ד. תתקפ"א** — 1221 — די לאָנדאָנער אידן האָבן אויסגעבויט אַ פּראַכטפולן טעמפּל, וואָס רופט אַרויס גרויס באַוואונדערונג ביי יעדן.

**ד. תתקפ"ג** — 1223 — ר' דוד בן יוסף קמחי (רד"ק) פון נארבאני, דער גרויסער געלערנטער און מדקדק, שטעלט זיך איין פאַרן רמב"ם מיט זיין פּאָלעמיק וואָס ער פירט אָן מיט דעם רמב"ם'ס אַ קעגנער ר' יהודא בן יוסף אלפּהאכער, דאָקטער און אויבער רב אין טאָלעדאָ.

**ד. תתקפ"ו** — 1226 — פון ברעסלוי ווערן אַרויסגעטריבן די אידן צוליב אַ בלבול וועגן אַ שרפה.

**ד. תתקפ"ט** — 1229 — פרידריך דער צווייטער, דער קעניג פון ענגלאַנד, דעראָבערט ירושלים. באַשיצט די אידן פון ירושלים און די אומגעגנדן פון די קרייציגער. ר' משה בן נחמן (רמב"ן), דער דאָקטאָר און פאַרשטייער פון די אידן אין געראָנאַ, אין שפּאַניע, טרעט אַרויס עפנטלעך צו פאַרטיידיקן דעם רמב"ם קעגן זיינע קעגנער.

**ד. תתק"ץ** — 1230 — היינריך דער דריטער, קעניג פון ענגלאַנד, באַ־

האנדלט שלעכט די אידן, א דריטל פון זייער פארמעגן קאנפיסקירט ער צו גונסטן פון דער רעגירונגס־קאסע; דעם פראכט־פולן טעמפל פארוואנדלט ער אין א קירכע.

**ד. תתקצ״ב — 1232** — ר׳ בחיי בן משה פון סאראגאסא צוזאמען מיט זיין ברודער, ווענדן זיך מיט א צירקולאר צו אלע גרויסע לומדים אין שפאניע אנ־צונעמען זיך פארן רמב״ם׳ס כבוד און פארטיידיקן אים קעגן אלע זיינע קעגנער. אין דעם צירקולאר ווערט געזאגט אז ביי א אסיפה פון מערערע רבנים איז באַ־שטימט געווארן צו מנדה זיין די דריי רבנים פון מאנטפעליער וועלכע האבן גע־וואגט מחלל זיין דעם רמב״ם׳ס כבוד און אים מחרים זיין. די שטראף פון נדוי זאל גילטיק זיין ביז אין דער צייט וואס זיי וועלן מבטל זיין דעם חרם אויפן רמב״ם. די ווערטער פון די צוויי ברידער האבן געהאט דעם געהעריקן אפקלאנג אין די הערצער פון אלע גדולי ישראל, וועלכע האבן מסכים געווען צו מנדה זיין די דריי רבנים. די לעצטע, מורא האבנדיק פארן שטרענגען משפט, האבן זיך צוגע־איילט און מבטל געמאכט זייער חרם אויפן רמב״ם.

**ד. תתקצ״ג — 1233** — היינריך דער דריטער, קעניג פון ענגלאנד, באקו־מענדיק, דורך צוואנגס־מיטלען, פון די אידן אין זיין רעזידענץ אכטצן טויזנט מארק, גרינדעט מיט דער דאזיקער סומע א גלחישן סעמינאריום אויף צו לערנען די קריסטלעכע תורה יעדן איינעם וועל־כער וועט זי וועלן אננעמען.

**ד. תתקצ״ד — 1234** — לודוויג דער צענטער, דער הייליקער, קעניג פון פראנקרייך, באפעלט אז אידן זאלן אוועק־שענקען א דריטל פון זייערע חובות וואס זיי מאנען ביי די קריסטן.

**ד. תתקצ״ו — 1236** — אין פאריז און אין מערערע שטעט אין פראנקרייך, ווערן פיל אידן דערהרג׳עט צוליב רע־ליגיעזן האס. דער פויפסט גרעגאר דער צענטער באמיט זיך אפצוהאלטן דאס בלוט־פארגיסונג. — פרידריך דער צוויי־טער, קעניג פון דייטשלאנד, באשיצט די אידן אין האגענוי, וועלכע ווערן באשול־דיגט אינם מארד פון דריי זיבניעריקע קריסטלעכע קינדער. לסוף ווערט די באַ־שולדיקונג אנערקענט אלס א פאלשע.

**ד. תתקצ״ט — 1239** — יאהאן דער רויטער, הערצאג פון ברעטאגנע, טרייבט ארויס אלע אידן פון זיין לאנד.

**ה. א׳ — 1241** — אין פראנקפורט אם מאין האבן אויסגעבראכן עקסצעסן אויף אידן. די אידן האבן זיך העלדיש פארטיידיקט. פון אידן זיינען געפאלן הונ־דערט אכטציק קרבנות און פון די קריסטן אויך א גרויסע צאל. א האלבע שטאט איז אפגעברענט געווארן. — דורך די זיגן פון די מאנגאלן אין אייראפע לייַדן די דאר־טיקע אידן שרעקלעכע פארפאלגונגען.

**ה. ב׳ — 1242** — ר׳ אמנון פון מאינץ, שטארבט אויף קדוש השם. צו זיין אנדענק האט ר׳ קלונומוס פארפאסט די תפלה „ונתנה תוקף״. די פאלקס־לעגענדע האט צוגעשריבן די תפילה אויף ר׳ אמנונ׳ס נאמען, וועלכער זאל זי האבן פארפאסט, ווען ער האט אויף זיך זעלבסט ארויסגעגעבן א שטראף פאר זיין פאר־לאנגען צייט פונם קעניג — וועלכער האט אים געצוואונגען זיך צו טויפן — אויף איבערצולייגן זיך. די שטראף איז באשטאנען מען זאל אים אפשניידן די הענט מיט די פיס. ווען מען האט אים

געבראכט אין שיל אריין — נאך זיין פארלאנג — האט ער פארפאסט די תפלה.

**ה. ג׳** — 1243 — אין דער שטאט בעליץ, אין פירסטנטום בראנדענבורג, זיינען אויפן סמך פון א בלבול פארברענט געווארן פיל אידן. — אין אראגאן האט א גלח אויסגעווירקט ביים קעניג יאקאב, אז די גלחים זאלן שטודירן די רבנישע ליטעראטור, כדי צו קענען האבן א וכוח מיט די אידן אין רעליגיעזע ענינים.

**ה. י״ג** — 1253 — דער פויפסט אינאצענטיוס דער זעקסטער, האט פארבאטן די קריסטן צו פארפאלגן די אידן און זיי צווינגען צו שמד'ן זיך.

**ה. י״ד** — 1254 — דער קעניג לודוויג דער צענטער, באפעלט אים איבערגעבן אלע תלמודישע ספרים, צוזאמען מיט די קאמענטארן אויף זיי. פיר און צוואנציק אנגעלאדענע וואגנס מיט די ספרים זיינען עפנטלעך פארברענט געווארן אין פאריז. — די אידן אין ענגלאנד ליידן שרעקלעך פון די גרויסע רעגירונגס שטייערן. זיי פארלאנגען פון קעניג א דערלויבעניש אויף אויסצואוואנדערן ווייל זיי זיינען ניט אימשטאנד נאכצוקומען דעם אומגעהייערן אפצאל. דער קעניג אנטזאגט זיך צו געבן די דערלויבעניש, מאטיווירנדיק, אז ער וועט ניט קענען צוזען ווי זייערע שונאים וועלן זיי רודפ'ן...

**ה. ט״ו** — 1255 — די בקשה פון די אידן אין ענגלאנד פארן קעניג היינריך דער דריטער, צו פארלייכטערן די רעגירונגס-שטייערן, וואס איז אויף זיי ארויפגעלייגט געווארן, האט ניט קיין דערפאלג. דער הערצאג ריכארד, דעם קעניגס ברודער, נעמט ביי אים צו אלע אידן אלס משכון, און פארגיטיקט אים מיט פינף טויזנט מארק.

**ה. י״ז** — 1257 — דער הערצאג ריכארד ווערט קעניג איבער דייטשלאנד. לייגט אויך ארויף — ווי זיין ברודער — גרויסע שטייערן אויף די אידן. באשטימט פון זיי צוויי צאל-באאמטע אויף אויפצומאנען די שטייערן מיטן רעכט איינצושפארן אין געפענקעניש יעדן איינעם וואס וועט ניט נאכקומען די צאלונג.

**ה. י״ח** — 1258 — דער קעניג אטאקאר פון בעהמען, וועלכער באהערשט אויך מעהרן, עסטרייך, שטייערמארק, קערנטען און קראן, באשיצט די אידן פון יענע לענדער. אלפאנסא דער צענטער, קעניג פון קאסטיליע, טוט גרויסע חסדים מיט די אידן.

**ה. י״ח** — 1258 — דער איד דן סאיג ווערט ביי דעם קעניג פינאנץ מיניסטער. אויך זיין ברודער יוסף ווערט דערהויבן צו א גרויסן רעגירונגס-אמט. פיל געלערנטע אידן, דאקטוירים, אדוואקאטן, פילאזאפן, מאטעמאטיקער און אסטראלאגן, האבן א פרייען איינגאנג אין קעניגלעכן פאלאץ. ער באפאלמעכטיקט פופציק געלערנטע אידן אין טאלעדא איבערצוזעצן אויף לאטיין אלע ביז דאן געשריבענע אסטראנאמישע ביכער אין אראביש. די געלערנטע האבן צו יענער צייט צוזאמען פארפאסט דאס באוואוסטע אסטראנאמישע בוך וואס רופט זיך אלפאנסאס-טאבעלן.

**ה. כ׳** — 1260 — היינריך דער דריטער, קעניג פון ענגלאנד, גיט ארויס א דעקרעט אז אידן דארפן צאלן א געוויסן אפצאל פאר יעדעס געבוירן קינד זייערס. אויך איז זיי ניט דערלויבט צו בעטן גאט אין זייערע געבעט-הייזער אויף

א הויכער שטימע.

ה. כ"א — 1261 — שרעקלעכע רדיפות אויף אידן דורך די גלחים אין בעאפאל. דער פויפסט אלעקסאנדער דער זעקסטער באמיט זיך צו שיצן זיי, ער איז אבער ניט אימשטאנד דורכצופירן זיין גוטן ווילן. דער בישאף רופרעכט פון מאגדענבורג, באשולדיקט די אידן אין נעמען גרויסע פראצענטן און לאזט ארעס־טירן פיל פון זיי. נאכדעם ווי ער באקומט פון די ארעסטירטע זעכציק טויזנט מארק, באפרייט ער זיי. — די קריסטלעכע ביר־גער פון האלבערשטאט, פארשפרעכן די אידן צו באשיצן זיי און ניט דערלאזן דעם בישאף זיי צו טון שלעכטס. — הײנריך דער דריטער, קעניג פון ענגלאנד, לייגט ארויף נייע שטייערן אויף די אידן.

ה. כ"ב — 1262 — דער אדעל אין ענגלאנד, ווערט אויפגעטראגן אויפן קע־ניג פאר רעדוצירן זייערע רעכט; זיי זוכן צוציען אויף זייער זייט אלע בירגער פונם לאנד. ארויסזעענדיק אז די אידן זיינען אויף דער זייט פונם קעניג, דערמארדן זיי זיבן הונדערט פון זיי, פארברענען זייערע הייזער און אויך די געבעט־הייזער.

ה. כ"ד — 1264 — דער פירסט באלעסלויס אין פוילן גיט די אידן פון קאליש רעליגיע־פרייהייט און אייניקע בירגער־רעכט.

ה. כ"ה — 1265 — ווען הײנריך דער דריטער קומט צוריק פון דער מלחמה ביי עוועסהאם אלס זיגער, ווייזט ער ארויס זיין גענאד צו די אידן אין גאנץ ענגלאנד. ער באפעלט אומצוקערן זיי די הייזער און די ערד וואס איז ביי זיי אפ־געריבט געווארן.

ה. כ"ז — 1267 — די אספה פון גלחים אין ווין, שאפט גרויזאמע געזעצן פאר אידן. אויף דער אספה איז באשטימט געווארן צו צווינגען אידן טראגן אויפן קאפ דאס פיל עקנדיק היטל (שטריימל). דער רמב"ן פארלאזט שפאניע, קומט קיין ירושלים און גרינדעט דארט א ישיבה.

ה. כ"ח — 1268 — פאר דער פרייז פון טויזנט פונט שטערלינג, באפרייען זיך די אידן פון אלע רעגירונגס־שטייערן אויף א משך פון דריי יאר.

ה. כ"ט — 1269 — לודוויג דער צענטער, קעניג פון פראנקרייך, פארבאט אידן צו טראגן א באזונדערן צייכן אויף זייערע קליידער.

ה. ל' — 1270 — דער פארלאמענט אין ענגלאנד גיט ארויס א דעקרעט וואס פארבאט אידן צו קויפן ערד אויף צו באַ־ארבעטן אדער צו נעמען זי אין פאנט. דער קעניג פיליפ דער דריטער, ווען ער באשטייגט דעם טראן אין פראנקרייך, דע־קרעטירט, אז אלע אידישע באוועגלעכע פארמעגנס געהערן צו דעם אדעל וואס ווערט באשיצט. זייער עדות זאגן פאר א קריסט ווערט ניט אנערקענט; ס'איז זיי ניט דערלויבט צו האלטן א קריסטלעכן משרת אדער דינסט; זיי מוזן טראגן די קליידער וואס די גלחים וועלן באשטימען. די אידישע צרות אין פראנקרייך זיינען ניט צו דערטראגן.

ה. ל"א — 1271 — הײנריך דער דריטער, דער קעניג פון ענגלאנד, פאר־לאנגט פון די אידן אויפסניי צו געבן אים זעקס טויזנט מארק אויף רייזע־קאסטן פאר זיין זון עדווארד, וועלכער פארט אין דער שפיץ פון די קרייז־ציגער קיין ירושלים. די אידישע שיל אין לאנ־דאן ווערט אויף זיין באפעל פארוואנדלט אויף א קירכע.

ה. ל"ב — 1272 — הײנריך דער

דריטער, קעניג פון ענגלאַנד, וואַרפט אַריין אין תפיסה די אידן וואָס זיינען ניט אימשטאַנד צו באַצאָלן די רעגירונגס שטייערן. דאָרט ווערן זיי אכזריות'דיק געפייניקט. מען באַפרייט זיי נאָך זייער טויט.

**ה. ל"ד — 1274 —** עדוארד דער ערשטער, היינריכ'ס זון, צוריקקערנדיק זיך פון ארץ ישראל, לייגט ארויף נייע שטייערן אויף די אידן. די וועלכע זיינען ניט אימשטאַנד געווען צו צאָלן, ווערן אַרויסגעשיקט פונם לאַנד אינם משך פון דריי טעג. ער דערלויבט אידן צו נעמען ערד אין ארענדע אויף צען יאָר און אויסבויען דאָרט הייזער און האנדלען נאָר בייטאָג.

**ה. ל"ו — 1276 —** אין בייערן אונטער דער הערשאַפט פון לודוויג דער צווייטער, ווערט ארויסגעגעבן אַ באַפעל אויסצואווייזן אַלע אידן פונם לאַנד.

**ה. ל"ט — 1279 —** עדוארד דער ערשטער, קעניג פון ענגלאַנד, באַפעלט צו טויטן 280 אידן, אויף וועמען עס איז אויסגעטראַכט געוואָרן א בלבול אז זיי האָבן געמאַכט פאַלש געלט. אין דערזעלבער צייט באַמיען זיך די גלחים צו צווינגען די אידן זיך צו שמד'ן.

**ה. מ"ב — 1282 —** דער קעניג זאנקטיוס דער פירטער, פון קאסטיליע, נעמט אָפּ ביי אידן אַלע רעכט וואָס איז זיי געגעבן געוואָרן פון דעם קעניג אלפאָנסאָ.

**ה. מ"ה — 1285 —** אין מינכען איז געמאַכט געוואָרן אַ בלבול אויף אידן אַז זיי האָבן דערהרג'עט אַ קריסטלעך קינד. די קריסטן פאַלן איבער די אידן וועלכע באַהאַלטן זיך אין שיל. די קריסטן צינדן זי אונטער און הונדערט אכטציק אידן ווערן פאַרברענט.

**ה. מ"ז — 1287 —** פון בערן ווערן אַרויסגעטריבן אַלע אידן איבער א בלוטבלבול. דער דייטשער קעניג רודאָלף דער האבסבורגער, שטעלט זיך איין פאַר זיי, דערלויבט זיי צוריקצוקומען און וויל זיי נעמען אונטער זיין שוץ. ער איז אָבער דערפאַר געצוואונגען געוואָרן צו פאַרלאָזן בערן און זיין פאַרלאַנג ווערט ניט אויסגעפאָלגט. — אין שוועבן איז אויפגעשטאַנען אַ פאַנאַטישער קריסט מיטן נאָמען רינדפלייש, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבן אלס משיח, געשיקט פון גאָט צו פאַרניכטן אַלע אידן. מיט דער הילף פון פילע פאַנאַטישע קריסטן וועלכע האָבן אין אים אמונה, לאָזט ער זיך איבער אַלע שטעט פון שוועבן, איבערצופאַלן די אידן, רויבן זייער פאַרמעגן און טויטן פיל פון זיי. די בירגער פון רעגענסבורג האַלטן אָפּ די הריגות פאַרלאַנגענדיק פון רינדפלייש'ן ער זאָל זיי איבערצייגן אין זיין שליחות פון גאָט.

**ה. נ' — 1290 —** עדוארד דער ערשטער, קעניג פון ענגלאַנד, גיט אַרויס אַ באַפעל אַז אידן זאָלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, און דער וואָס וועט זיך צוריקקערן זאָל געטויט ווערן. די גייסטלעכע, צוזאַמען מיט דער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע, דערלאַנגען דעם קעניג א טייערע מתנה פאַר דעם לויבנסווירדיקן טאַט... די ארויסגעטריבענע אידן פאַרלאָזן דאָס לאַנד אין דער גרעסטער אָרימקייט. די קריסטן האָבן נאָך פריער ביי זיי צוגענומען זייער גאַנץ פאַרמעגן. פופצן טויזנט אידן האָבן צו יענער צייט אויסגעוואַנדערט פון ענגלאַנד. אין פראנקרייך און שוועבן האָבן אידן אַליין פאַרברענט זייער

פארמעגן כדי ס'זאָל ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון זייערע קריסטלעכע שונאים. דער איד סאַדעבלאַט, וועלכער איז געווען דער לייב־דאָקטאָר פונם קאַליף אַראַגהאַן בן אבאקא, אין באַגדאַד, ווערט באַשטימט אַלס גרויס־וויזיר. נאָך פיר יאָר ווערט ער דערמאָרדעט פון אייניקע מוסולמענער, און צוזאַמען מיט אים, מערערע אידן.

**ה. נ"ג** — 1293 — דער טויט פון ר' מאיר בן ברוך פון רוטענבערג, אין דער תפיסה אין וועלכער ער איז געווען פאַרשפאַרט 17 יאָר. אויפן באַפעל פונם קעניג רודאָלף'ס יורשים איז זיין קערפער ניט אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף מקבר צו זיין.

ר' מאיר פון רוטענבורג איז געווען דער אויבער רב איבער אַלע דייטשע און פראַנצויזישע רבנים. זיין פרומקייט און זיין חכמה איז אנערקענט געוואָרן פון אַלע דאָרטיקע אידן וועלכע האָבן אים ממש פאַרגעטערט. ר' מאיר איז געווען א תלמיד פון רבי יצחק פון ווירצבורג, דער מחבר פונם „אור זרוע" אויף הלכות. ער האָט אויך געלערנט אין פראַנקרייך, האָבנדיק דאָרט די גרעסטע לערער. ער איז אויך באַפריינדעט געווען מיטן ספרדישן גדול דער רמב"ן (רבי משה בן נחמן). ר' מאיר האָט פון אַלוועלטלעכע וויסנשאַפט ניט געוואוסט, ער האָט זיך נאָר פאַרטיפט אין דער תלמודישער ליטעראַטור, און דאָך איז דער שכל זיינער געווען אויף אַזוי פיל קלאָר, אַז ער האָט זיך ניט געוואָלט רעכענען מיט אַזעלכע מנהגים וואָס האָבן געטראָגן אַן אָבערגלויבעשן כאַראַקטער, ווען אַפילו זיי ווערן דערמאָנט אין תלמוד. ער האָט זיך אין ענינים פון הוראה אויפגעפירט נאָך דער דעה פון תלמוד ירושלמי, וועלכער זאָגט: „אַזוי ווי ס'איז ניט דערלויבט מתיר מאַכן אַ דבר אסור, אַזוי איז אויך ניט דערלויבט צו אסר'ן אַ זאַך וואָס ס'איז מותר".

ווען מען האָט אים איינמאָל געפרעגט וועגן חבוט הקבר, די שמערצן וואָס דער טויטער ליידט אין קבר, האָט ער געענטפערט אַז ער ווייסט ניט דערפון און פאַרשטייט עס ניט... אַ דאַנק זיין גרויסע ידיעה און קלאָרן בליק אין תלמוד, האָט ער פארהיט זיינע ברידער אין דייטשלאַנד ניט אַריינצופאַלן אין דער אָבערגלויבישער נעץ, וועלכע עס האָט פאַרשפרייט רבנו יהודה החסיד, וועלכער טראָץ זיין גרויס געלערזאַמקייט האָט דאָך געגלויבט אין אַלע נאַרישקייטן וועלכע זיינען דערווידער דעם ריינעם שכל און געזונטער לאָגיק. זיין בליק איבער ישוב הארץ איז געווען אַ קלאָרער און א אויפריכטיקער. ער האָט זיין ווידערווילן אַרויסגעזאָגט קעגן די וואָס

פאַרן קיין ארץ ישראל נאָר צו שטאַרבן דאָרט, און זייער גאַנץ לעבן גיבן זיי אָפּ נאָר אויף תורה און תפלה, און ווערן אויסגעהאַלטן אויפן חשבון פון די נדבות וואָס קומען אָן פון חוץ לארץ... ער האָט דורכאויס געפאָ־דערט פון די וואָס פאָרן אהין, זיי זאָלן זיך אָפּגעבן מיט וועלכער ס׳איז באַשעפטיקונג, מיט אַרבעט אָדער מסחר.

ר׳ מאיר האָט ניט געקענט פאַרליידן די רציחות וואָס ווערן אויסגעּ־איבט אויף זיינע ברידער אין דייטשלאַנד, און מורא האָבנדיק אַז ער מיט זיין פאַמיליע זאָלן ניט אַרונטערפאַלן אונטער דעמזעלבן גורל פון זיינע שוין דערמאָרדעטע ברידער, האָט ער זיך געלאָזט פאָרן קיין ארץ ישראל. געפינענדיק זיך אין לאמבארדיע, איטאַליע, איז ער אויפן באַפעל פון רודאָלף׳ן פאַרהאַלטן געוואָרן מיט דעם אויסרייד אַז ער האָט צווישן די אידן אַגיטירט זיי זאָלן פאַרלאָזן דייטשלאַנד און דערמיט שאַדן ברענגען די הכנסות פון דער רעגירונג. מען האָט אים צוריקגעבראַכט קיין דייטש־לאַנד וואו מען האָט אים באַשטראָפט מיט לעבנס־לענגלעכע תפיסה. ס׳איז אים נאָר דערלויבט געוואָרן אויפצונעמען דאָרט זיינע תלמידים און לערנען מיט זיי. ווען די דייטשע אידן האָבן אים געוואָלט אויסלייזן פאַר אַ גרויסע סומע געלט וואָס רודאָלף האָט פאַרלאַנגט, האָט ר׳ מאיר זיי אָפּגעהאַלטן דערפון, זאָגנדיק: אַז ווען דער קיסר וועט זען אַז אידן גיבן גרויסע סומען געלט אויף אויסלייזן זייערן אַ רב, וועט ער אַלע רבנים איינשפאַרן אין תפיסה, כדי מיט דעם אויסלייז געלט אָנפילן זיינע ליי־דיקע אוצרות. און אַזוי איז ער פאַרבליבן אין תפיסה דאָס גאַנצע לעבן. ווען ר׳ מאיר איז געשטאָרבן האָט שוין רודאָלף ניט געלעבט; אָבער די יורשים זיינע האָבן אים ניט געוואָלט אַרויסגעבן אויף מקבר צו זיין מיט אַ אידישער קבורה. ערשט נאָכדעם ווי אַ גרויסער אידישער גביר, ר׳ אַלעקס־סאַנדער זיסקינד ווימפין פון פראַנקרייך, האָט אים אויסגעלייזט פאַר אַ גרויסע סומע געלט, האָט מען זיין קערפער אַרויסגעגעבן און אים מקבר געווען מיט גרויס כבוד אין וואָרמס.

ר׳ אלעקסאַנדער זיסקינד האָט דערפאַר פאַרלאַנגט פון די דייטשע אידן די איינציקע באַלוינונג, אַז ווען ער וועט שטאַרבן, זאָל מען אים מקבר זיין נעבן דעם קבר פון דעם גרויסן רב רבי מאיר.

ה. נ"ה — 1295 — א איד מיטן נאָ־
מען שמואל, איז באַשטימט געוואָרן צו
אַ גרויסן רעגירונגס־אמט אין קאַסטיליע
אונטער דער הערשאַפט פון פערדינאַנד.
אַ צווייטער איד — אַלס פינאַנץ מיניס־
טער און אַ דריטער, אַלס הויז־דאָקטאָר.
אַלע דריי האָבן זיך גערופן דאָן שמואל.

ה. נ"ח — 1298 — ר' דוד, דעם
רמב"ם'ס אַן אייניקל, האָט פאַרשפּרייט
תורה צווישן די אידן אין אַלקאַהירא.

ה. ס"ה — 1305 — רבנו אשר בן
ר' יחיאל, ר' מאיר פון רוטענבערג'ס אַ
תלמיד, איז געקומען קיין שפּאַניע און
געוואָרן רב אין טאָלעדאָ. ר' שלמה בן
אברהם בן אדרת (רשב"א), דער רב פון
באַרצעלאָנאַ, האָט פאַרבאָטן צו לערנען
די גריכישע פילאָזאָפיע פאַר פינף און
צוואַנציק יאָר און געוואָרפן אַ חרם אויף
די וואָס וועלן עובר זיין זיין באַפעל. דער
פילאָזאָף ר' ידעיה הפניני בן אברהם פון
באַרצעלאָנאַ, באַקאַנט אונטערן נאָמען
הבדרשי, דער מחבר פון אייניקע ספרים
און פאַרשידענע תפילות, האָט פייערלעך
פאַרטיידיקט די פילאָזאָפיע, און איז גע־
ווען אַ קעגנער צו דער באַשטימונג פון
ר' שלמה בן אדרת. — אין דער שטאָט
אווילאַ האָט זיך באַוויזן א איד וועלכער
האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלס אידישער
משיח.

ר' שלמה בן אדרת (הרשב"א), איז געבוירן געוואָרן אין יאָר ד. תתקצ"ה — 1235. געלערנט תורה פון די צוויי גרויסע גאונים: רבנו משה בר' נחמן (רמב"ן) און רבנו יונה בן ר' אברהם גיראַנדי. נאָכן טויט פון זיינע רבי'ס, איז דער רשב"א געוואָרן דער ראש פון אַלע רבנים אין די גלות-לענדער. צו אים האָבן זיי זיך געווענדעט מיט אַלץ וואָס איז נוגע צו דער הוראה און אים אויסגעפאָלגט. זיין גרויס וויסן אין תלמוד און אין דער גאַנצער תלמודישער ליטעראַטור, האָט אים געשטעלט — אין זיין צייט — העכער פון אַלע אידישע געלערנטע. ער האָט זיך אויך ביז גאָר אויסגעצייכנט מיט זיין אויפריכטיקייט און עניוות. קיין פילאָזאָף ווי דער רמב"ן, איבערהויפט ווי דער רמב"ם, איז ער ניט געווען. זיי זיינען אים אָבער אויך ניט פרעמד געווען, כאָטש ער האָט זיך אין זייער פילאָזאָפיע ניט פאַרטיפט. די גאַנצע ענערגיע זיינע האָט ער געווידמעט דעם תלמוד מיט זיינע מפרשים.

נאָך אַ חכם, אַ תלמודיסט, וועלכער איז געשטאַנען ניט פיל נידעריקער פון אים מיט זיין וויסן די תלמודישע ליטעראַטור, איז אין זיין צייט געווען דער רבנו הלוי פון באַרצעלאנא (הרא"ה), וועלכער האָט זיך באַזעצט אין טאָלעדאָ. רבנו אהרן הלוי איז געווען אַן אוראייניקל פון רבנו זרחיה הלוי גיראַנדי, דער בעל מחלוקת פון ראב"ד דעם דריטן, וועלכער

האָט מחבר געווען דעם „המאור", קעגן די הלכות פון ר' יצחק אלפסי, פונקט ווי זיין זיידע, האָט ער אויך ניט נושא פנים געווען ביי קיין איינעם פון די גדולי ישראל און וואו ער האָט נאָר פאַרשטאַנען אַז זיי האָבן אין זייערע ספרים געפעלט, האָט ער אומברחמנות'דיק קריטיקירט. ער איז דאָס גאַנצע לעבן זיינס פאַרבליבן אַ קעגנער דעם רשב"ם. ווען דער רשב"ם האָט אָנגעשריבן זיין ספר „תורת הבית" איז ר' אהרן אַרויס מיט אַ שאַרפע קריטיק קעגן דעם ווערק אין זיין ספר „בדק הבית".

דער רשב"א איז אויך געווען א עוסק בצרכי צבור. ער איז געווען ווי א געטרייער פאָטער צום אידישן פאָלק, מיטגעפילט זיינע ליידן און זיך געפרייט אין זיינע פריידן. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו העלפן עס אין אַלע זיינע נויטן. איבערהויפּט האָט ער זיך געאָפּפערט אויף אָפּצוהיטן דאָס אחדות, ניט דערלאָזן עס צופאַלן. ווייל, ווי באַוואוסט, איז יענע עפּאָכע געווען די אויפבליאונג פון פאַרשידענע דעות אין דער אמונה און דער תורה. יעדער אידייאישער קלאַס האָט געזוכט צוציען צו זיך אַנהענ-גער, און ווען ניט דער רשב"א וואָלט דער פּרוד הדעות פאַרשאַרפט גע-וואָרן און דער אחדות וואָלט אויף אַזוי פיל צעשטערט געוואָרן, אַז עס וואָלט געדראָעט אַ סכנה דער עקזיסטענץ פון דער ריינער אמונה און טראַדיציאָנעלע תורה. צו יענער צייט איז אויפגעשטאַנען אַ אידישער גע-לערנטער, וועלכער האָט זיך גערופן ר' אבא מרי בן משה פון מאָנפלער, אָדער דאָן אסתרוק דע לאנעל, וועלכער איז געווען דעם רמב"ן'ס אַ גרוי-סער פאַרערער. ער האָט אויפגעהויבן אַ געוואַלד-געשריי קעגן די פילאָזאָ-פישע מתחכמים — ווי ער האָט זיי גערופן — ווייל ער האָט ניט געקענט פאַרליידן די פרייע פילאָזאָפישע אידעען וועלכע זיי האָבן אַריינגעפלאָכטן אין דער תורה און אין אַלע מצות. ער האָט געשריבן צום רשב"א אים בעטנדיק ער זאָל מחרים זיין די אַלע פושעים, זיי זאָלן ווערן אָפּגעזונדערט פון כלל ישראל. דער רשב"א האָט אים מיט גרויס עניוות געענטפערט, אַז ער האָט ניט קיין רעכט אַרויסצולייגן א חרם אויף מענטשן וואָס וואוינען אין אנדערע קהלות איבער וועלכע ער איז ניט קיין רב. אבא מרי איז אבער אויף אַזוי פיל צוגעשטאַנען צום רשב"א, ביז ער האָט איינ-געוויליקט צו שרייבן אַ בריוו צו דער קהלה אין מאנפלער אונטערגעשריבן פון אים און פון זיין בית דין, וואָס איז באַשטאַנען פון פערצן חכמים, אַז אויב דער רב פון זייער קהלה וועט מסכים זיין, זאָל א חרם חל זיין אויף

די יונגע לייט וואָס לערנען פרעמדע וויסנשאַפט, פאַר די פינף און צוואַנ־ציק יאָר. דער רב פון מאנפלער האָט אָבער ניט מספּים געווען.

ווי ווייט דאָס ישרנות פונם רשב״א איז געווען גרויס, קאָן מען אַרויס־זען פון דעם פאַקט: ווען ר׳ יעקב בן מכיר אבן תיבון, פון די באַקאַנטע חכמים מיט זייערע איבערזעצונגען אידישע וויסנשאַפט פון דער אראבי־שער שפּראַך, האָט געמאַכט דעם רשב״א אַ שטרענגן פאָרוואורף און אים גע׳מסור׳ט פאַרוואָס ער לאָזט זיך פאַרפירן פון אבא מרי, דער באַקאַנטער אינטריגאַנט, אַרויפצולייגן אַ חרם אויף די פילאָזאָפן, האָט דער רשב״א די ווערטער אויסגעטייטשט, אַז ר׳ יעקב בן מכיר וויל די פילאָזאָפיע שטעלן העכער פון תורת ישראל, און זיך נאָכאַמאָל געווענדעט מיט בריוו מיט פאַרשידענע תקנות וואָס זיינען נאָך זיין מיינונג נאָך נויטיק איינ־צופירן אין דער דערציאונג פון קינדער בנוגע תורה און פרעמדע וויסנ־שאַפט. ער האָט די תקנות רעקאָמענדירט איינצופירן מיטן הסכּם פון ניט ווייניקער פון צוואַנציק אידישע קהלות. נאָך מער זעט זיך אַרויס זיין עניוות אינם פאָלגנדן פאַל: רשב״א האָט זיך אַמאָל צוגעהערט צו די ווער־טער פון אַ יונגן מאַן, וועלכער האָט אים געוואָלט איבערצייגן אינם פאַלש־קייט פון אבא מרי. דער יונגערמאַן האָט זיך גערופן רבי ידעיה הפניני. ער איז ניט געווען קיין רב און אויך ניט אַזאַ גאון ווי דער רשב״א, ער איז אָבער געווען אַ באַרימטער דיכטער און זיינע ווערטער צום רשב״א, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער פּאָעטישער פאָרמע און דיכטערישן סטיל, האָבן אויפן רשב״א אַזאַ איינדרוק געמאַכט, אַז ער האָט אנערקענט זיין איבעראיילטן שריט מיט זיין גלויבן אין אבא מרי׳ס פאַרלוימדונג אויף מערערע יונגעלייט, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען ר׳ לוי בן חיים, אַ גרויסער געלערנטער יונגערמאַן וועמען אבא מרי האָט פאַר־מסר׳ט אַז ער איז אַ פריידענקער, און פאַרלאַנגט פונם רשב״א ער זאָל דעם יונג-געלערנטן אַריינלייגן אין חרם. דער רשב״א האָט פון ר׳ ידעיה הפניני׳ס ווערטער פאַרשטאַנען אַז די פילאָזאָפיע וועלכע יונגעלייט לערנען פירט זיי בשום אופן ניט אָראָפּ פונם דרך התורה, און ווען עס געפינען זיך געציילטע וואָס זיינען מזלזל אין מצות, איז ניט די פילאָזאָפיע שולדיק, נאָר זייער געבוירענע ליידנשאַפט.

דער רשב״א האָט זיך פון דאַן אָן מער ניט צוגעהערט צו די אַנטי־פילאָזאָפיסטן. דער רשב״א האָט געלעבט פינף און זיבעציק יאָר, און זיין

נאָמען איז פאַראייביקט געוואָרן אין דער היסטאָריע.

ס'איז כּדאַי אַז די לייענער זאָלן זיך אויך באַקענען מיט דעם גרויסן משורר ר' ידעיה בן רבי אברהם, בן רבי יצחק בדר"שי, אָדער ר' ידעיה הפּניני, געבוירן אין דער שטאָט באַדראַש, אין פּראָוואַנסיע, זיד-פראַנקרייך. ר' ידעיה'ס פאָטער, רבי אברהם בדרשי, איז אויך געווען אַ דיכטער. ער האָט פאַרפאַסט מערערע תּפלות, ער איז אָבער ניט פאַררעכנט צווישן די ערשט-קלאַסיקע משוררים, און אויך זיינע פּאָעטישע תּפלות זיינען ניט גראַמאַטיקאַליש געשריבן. זיין נאָמען אַלס משורר און פּאָעט איז פאַרבליבן אין דער היסטאָריע נאָר צוליב דעם זכות פון זיין זון ר' ידעיה, וועלכער איז ווירקלעך געווען ניט נאָר דער גרעסטער משורר און פּאָעט, נאָר אויך אַ גרויסער חכם, צו וועמענס רייד עס האָבן זיך צו-געהערט די גרעסטע גאונים.

ר' ידעיה בדרשי האָט זיך גערופן „הפּניני", דער פּערלדיקער, צוליב זיינע פּערלדיקע שירים. און ניט נאָר ביי אידן איז ער געווען פאַררע-כנט אַלס דער גרעסטער משורר, נאָר אויך קריסטן האָבן אנערקענט זיין דיכטערישן טאַלאַנט. ביי די קריסטן האָט ער זיך גערופן: „אנבאַניטע באַדראַשי".

זיין ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט האָט ער אָנגעהויבן ווען ער איז אַלט געווען זיבעצן יאָר. אויף דער בקשה פון זיינעם אַ פריינט האָט ער אָנגעשריבן דעם „הפּרדס", וואָס איז אַ שילדערונג פון די גוטע מדות וועלכע אַ יעדער מענטש דאַרף באַזיצן, כּדי ס'זאָל אים זיין גוט אויף ביידע וועלטן, אין עולם הזה און עולם הבא. ער האָט אויך אין דער פריער יוגנט געשריבן אַ שיינעם שיר מיטן נאָמען: „אוהב נשים". אין דעם דאָ-זיקן שיר פאַרטיידיקט ער די פרויען קעגן די שפּאָטישע אויסדריקן אויף זייער חשבון וואָס ס'האָט געשריבן ר' יהודה בן יצחק שבתאי אין זיין ספר: „מנחת יהודה שונא הנשים". ר' ידעיה האָט אים אין זיין שיר אי-בערגעוויזן, אַז די פרויען שטייען ניט נידעריקער פון די מענער מיט זייערע מדות טובות, און די ליבע וואָס מען פילט צו זיי, ווען נאָר זי איז אַ ריינע, איז נישט קיין פאַרברעכן.

ר' ידעיה הפּניני האָט זיך באַשעפטיקט ניט נאָר מיט שירים און פּאָעזיע, ער איז אויך געווען אַ גרויסער תּלמודיסט, און געקענט און גע-ליבט ניט נאָר חכמות ישראל, נאָר אויך אַלוועלטלעכע. מיטן גרעסטן

אייפער האָט ער פאַרטיידיקט די פילאָזאָפיע, וואָס קנאים האָבן געזוכט מחרים צו זיין.

זיין בעסטע ליטעראַרישע אַרבעט וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַ גרויסן נאָמען, איז זיין ספר „בחינת עולם“; אין דעם בוך שפּיגלט זיך אָפּ זיין גרויסע ליבע צו דער מענטשהייט בכלל און אויך זיין נאָבעלע נשמה. מיר ווערן דורך דעם „בחינת עולם“ איבערצייגט אַז ביז אים איז נאָך ניט געווען קיין משורר וועלכער זאָל מיט אַזאַ שיינער פּאָעטישער שפּראַך און אין אַזאַ שיינעם סטיל, אַרויסזאָגן מוסר'דיקע רייד.

ר' ידעיה האָט ליב געהאַט דאָס לעבן וואָס ברענגט נוצן דעם מענטשן, און ער האָט פאַרהאַסט די אַלע מותרות, וועלכע דער מענטש נעמט זיך דאָס רעכט צו געניסן פון זיי און וואָס ברענגען נישט קיין מאָראַלישן נוצן.

מיר האָבן נאָר געשילדערט די מעלות פון ר' ידעיה הפניני. זיין ליטעראַרישן און דיכטערישן טאַלאַנט און זיינע שאַפונגען, קאָן מען אין קיין געציילטע שורות ניט אָפּשאַצן; יעדעס וואָרט, יעדע שורה וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט און געשריבן, איז ניט צום אָפּשאַצן.

ר' ידעיה האָט זיין ליטעראַרישע אַרבעט געשריבן אין דער צייט ווען די גלחים, מיט די פאַנאַטישע קריסטן, האָבן געשלאָסן אַ בונד אָפּצורווישן דעם שם ישראל פון דער וועלט. נאָר וועגן דעם וועט אויף אַן אַנדער פּלאַץ געשריבן ווערן.

**ה. ס"ו** — 1306 — פיליפּ דער פיער־טער, קעניג פון פראַנקרייך, נאָכדעם ווי ער האָט ארויפגעלייגט אויף די אידן גרוי־סע רעגירונגס־שטייערן און זיי עקספּלאָ־טירט ביז צו דער גרעסטער אָרימקייט, טרייבט זיי נאָכדעם אַרויס פונם לאַנד.

**ה. ס"ט** — 1309 — אין דער שטאָט פולדא ווערן אידן באַשולדיקט אַז זיי ווילן מאַכן א איבערפאַל איבער די קריס־טן; די דאָזיקע באַשולדיקונג פירט צו אַ גרויסע הריגה אויף אידן.

**ה. ע"ב** — 1312 — נאָכן טויט פון פערדינאַנד דער פיערטער, ווערן אידן שרעקלעך פאַרפאָלגט אין קאַסטיליע.

**ה. ע"ד** — 1314 — די אידן ווערן אויסגעוויזן פון בייערן אויפן באַפעל פון לודוויג, דער קעניג פון דייטשלאַנד. אין אַלע דייטשע שטעט ווערט באַשטימט באַזונדערע געטאָס פאַר אידן.

**ה. ע"ה** — 1315 — דער קעניג לוד־וויג דער צענטער, דערלויבט אידן וועלכע זיינען אויסגעוויזן געוואָרן פון פראַנק־רייך צוריקצוקערן זיך און פאַרבלייבן אין לאַנד אויף אַ משך פון צוועלף יאָר. די אידן באַצאָלן אים פאַר דעם חסד 122.500 לירעס.

**ה. ע"ט** — 1319 — אויפן באַפעל פונם אינקוויזיטאָר בערנהארד, ווערט אין דער שטאָט טולאָזע (טולוז) פאַרברענט צוויי פולע וועגענער מיט תלמודישע ביכער.

**ה. פ'** — 1320 — אַ באַנייטער קרייץ־צוג דורך פערציק טויזנט פאַסטורכער. גייענדיק פון שטאָט צו שטאָט צום קבר פון קריסטוס, פאַלן זיי איבער די אידן, רויבן אוים צום ערשטן זייער פאַרמעגן און דערנאָך דערמאָרדן זיי זיי אויף אַ אכזריות'דיקן אופן. פון הונדערט צוואנציק אידישע קהלות אין פראנקרייך און נאָרד־שפּאַניע, איז קיין שריד ופליט ניט איבערגעבליבן. דער פויפּסט קלעמענס דער פינפטער, רופט דעם קעניג פיליפּס אויפמערקזאַמקייט אויף דער רויבער־באַנדע. ער שיקט אַרוים פיל מיליטער קעגן זיי, נעמט פיל געפאַנגענע, און פיל ווערן אויפגעהאַנגען. — דאָן יהודה, איינער פון די גרעסטע אידישע געלערנטע, ווערט פינאַנץ־מיניסטער אין פּאָרטוגאַל, אונטער דער הערשאַפט פון דיאַניסיוס דער פרומער. — ר' אשר פון טאָלעדאָ איז זייער געאַכטעט אין די אויגן פון דאָן יאהאַן עמאַנועל, דער הערשער פון קאָרדאָוואַ.

**ה. פ"א** — 1321 — אַ עפּידעמיע פון א צרעת-קרענק האָט אויסגעבראָכן אין פראנקרייך. אידן ווערן באַשולדיקט, אַז זיי האָבן פאַר'סמ'ט די ברונעמס און דערפון איז געקומען די עפּידעמיע. אידן ווערן צוליב דעם דאָזיקן בלבול אויסגעהרג'עט אין די טויזנטער. אין דער שטאָט בינאָן זיינען אכט און צוואַנציק אידן פאַרברענט געוואָרן. אידן ווערן אויסגעוויזן פון פּאַריז. די רייכע פון זיי ווערן פאַרשפּאַרט אין געפענקעניש. פאַר דער סומע פון הונדערט פופציק טויזנט פראַנק וואָס זיי גיבן דער רעגירונגס־קאַסע, ווערן זיי נאָכדעם באַפרייט.

**ה. פ"ח** — 1328 — אידן טיילן צו גרוים כבוד דעם קעניג לודוויג, ווען ער באַשטייגט דעם טראָן אין פראנקרייך. זיי דערלאנגען אים א ספר תורה אַלס די גרעסטע אנערקענונג פון טריישאַפט און אונטערטעניקייט צו אים. עקסצעסן אין נייוואַרא, אין פראנקרייך. פיל טויזנטער אידן ווערן אין פאַרשידענע שטעט אין פראנקרייך דערמאָרדעט, אויף דער באַשולדיקונג אַז זיי עקספּלאָטירן די קריסטן מיט די גרויסע פּראָצענטן וואָס זיי נעמען ביי זיי. — דער טויט פון רבנו אשר פון טאָלעדאָ. פון זיינע צוויי זין, ר' יהודה און ר' יעקב, ווערט דער ערשטער רב אויף זיין אָרט. דער צווייטער, דער בעל „הארבעה טורים", פאָרט אַוועק — אויף דער עצה פון זיין ברודער — און באַזעצט זיך אין דייטשלאַנד.

**ה. פ"ט** — 1329 — אלפאָנסאָ דער ניינטער, קעניג פון קאַסטיליע, גיט אַרוים אַ באַפעל, אז אידן דארפן אויפמאָנען פון די קריסטן נאָר דריי פערטל פון זייערע חובות. די גלחים אין קאַסטיליע פאַרלאַנגען צו באַגרעניצן די צאָל פון אידן אין מערערע שטעט.

**ה. צ"ן** — 1336 — קאזימיר דער דריטער, קעניג פון פוילן, טוט גרוים חסד מיט די אידן. ער גיט ארוים גערעכטע געזעצן וועגן זיי. — פיליפּ דער זעקסטער, קעניג פון פראנקרייך, גיט אַרוים אַ באַפעל אַז קיינער פון די קריסטן זאָל ניט וואַגן צו באצאָלן זיין חוב א אידן.

**ה. צ"ז** — 1337 — אין אַוויגנאָן. אין דער שטאָט וואו דער פּויבסט האָט געוואוינט, ווערט באשטימט, אז קריסטן זאָלן זיך ניט היילן ביי אידישע דאָקטוירים.— אין דעקענדאָרף, אין בייערן, ווערן קריסטן אויפגערייצט קעגן די אידן צוליב אן עלילת־דם. דער פּירשט היינריך פון לאנדסהוט, שיקט אריין א דאנק־בריוו די קריסטלעכע בירגער פון דעקענדאָרף, פאר זייער איבערפאלן די אידן און שענקט זיי אוועק דאָס גאַנצע פארמעגן פון די אויסגעהרג"עטע אידן, צו בויען דערמיט א קלויסטער. א פּויער מיטן נאָמען אַעטלעדער, פונם פּירשטענטום נאסוי, פארזאמעלט ארום זיך פּיל פּויערן מיט דעם צוועק צו פארטילגן אַלע אידן אין דעם פּירשטענטום. איבעראל וואו אידן פאלן אריין אין זייערע הענט, הרג'ענען זיי זיי מיט דער גרעסטער אכזריות. דער קעניג לודוויג פון בייערן שטילט איין די גרויזאמע עקסצעסן. די הריגות הערן אויף, און ארמלעדער, דער אַנפירער פון דער רויבער באנדע, ווערט געטויט.

**ה. צ"ח** — 1338 — רדיפות אויף אידן אין זאקסן, בעהמען, עסטרייך, בייערן און קערנטהען, אויף דער באשולדיקונג, אז זיי האָבן פארסמט די ברונעמס. פּיל אידן ווערן געפּייניקט אויף א שרעקלעכן אופן; פּיל ווערן דערמאָרדעט. דער קעניג איז מאכטלאָז אפּצוהאלטן די רדיפות.

**ה. ק'** — 1340 — דער קעניג פּיליפּ דער זעקסטער דעקרעטירט אז אידן זאָלן זיך שמדן אדער פארלאָזן דאָס לאנד. די אידן נעמען אָן דאָס צווייטע.

**ה. ק"ד** — 1344 — לודוויג דער ערשטער, קעניג פון הונגארן, ווייזט אויס די אידן פון זיין לאנד.

**ה. ק"ו** — 1346 — א קריסטלעכע באנדע, מיטן נאָמען בעלי תשובה, רייסט זיך אריין אין דער שטאָט פראנקפורט אם מאין, און פארפירט א געשלעג מיט די אידן. די לעצטע פארטיידיקן זיך. די שטאָט ווערט פארוואנדלט אין א שלאכט פעלד. אידיש בלוט ווערט פארגאָסן. גאנץ ווייניק אידן געלונגט צו אנטלויפן און זיך רעטן.

**ה. ק"ז** — 1347 — אין די שטעט קרעמס און סטאין, אין עסטרייך, איבערפאלן די קריסטן פלוצלונג די אידן. רויבן זייער האָב־און־גוטס און פארברענען זייערע הייזער.

**ה. ק"ח** — 1348 — א שרעקלעכע עפּידעמיע האָט אויסגעבראָכן אין פראנקרייך, די שולד ווערט פון די קריסטן ארויפגעוואָרפן אויף די אידן. פּיל ווערן פאראורטיילט פארברענט צו ווערן לעבעדיקערהייט און זייער פארמעגן ווערט קאָנפיסקירט.—אין שפּאניע ווערט באַשטימט פאר די אידן איינעקע גאסן צו וואוינען.

**ה. ק"ט** — 1349 — אין שפּאניע ווערן אכזריות'דיק דערמאָרדעט פּיל אידן, דער קעניג און דער פּויבסט פּראָטעסטירן.

**ה. ק"י** — 1350 — דאָן שמואל הלוי הנגיד ווערט באַשטימט אַלס פּינאַנץ מיניסטער אין דער רעגירונג פון פּעטער דער גרויזאמער, קעניג פון קאַסטיליע.

**ה. קי"ג** — 1353 — אויף דער בקשה פון דאָן שמואל ווערט די אידן דערלויבט אויפצובויען צוויי שולן אין טאלעדא.

**ה. קט"ו** — 1355 — דאן היינריק פון טראסטאמארא, א ברודער פונם קעניג פעטער, ווילנדיק מיט געוואלד באַשטייגן דעם קעניגלעכן טראָן, טויטעט פיל פון זיינע קעגנער צווישן זיי ניט ווייניק אידן. ר׳ יהודה בן רבני אשר, ניט וועלענדיק ארייינפאלן אין די הענט פון די קעניגלעכע רוצחים קוילעט מיט אייגענע הענט זיין פרוי און זיין שוויגער, און נאָכדעם זיך אליין. היינריכ׳ס מיליטער איז זיך נוקם אין אלע אידן וואָס עס האָט אָנגעטראפן אויפן וועג, מארשירענדיק קיין טאלעדא.

**ה. ק"כ** — 1360 — דאן שמואל הלוי ווערט פארמסרט פארן קעניג. ער ווערט צוערשט אריינגעווארפן אין געפענקעניש, זיין פארמעגן ווערט קאָנפיסקירט, נאכהער געטויט אויף א גרויזאַמען אופן. — דער אידישער גדול ר׳ מתתיהו, פארלאָזט שפאניע, קומט קיין פראַנקרייך און ווערט באַשטימט פון פרינץ קארל, היינריכ׳ס זון, אלס אובער־רב איבער אלע אידן אין פראנקרייך.

**ה. קכ"א** — 1361 — די אידן אין פראַנקרייך ווערט געגעבן אייניקע רעכט.

**ה. קכ"ג** — 1363 — דער קעניג יאהאן דעקרעטירט אז אידן מוזן טראָגן א באזונדערן צייכן אויף זייערע קליידער.

**ה. קכ"ה** — 1365 — אין בעהמען גיט דער קעניג ארויס גאר ניט קיין גינסטיקע געזעצן פאר אידן, ער לייגט אויף זיי ארויף גרויסע שטייערן צו דעקן די הוצאות פון זיינע מלחמות.

**ה. קכ"ט** — 1369 — אין דער צייט ווען היינריך האָט געפירט קריג מיט זיין ברודער, זיינען אכט און צוואַנציק טויזנט אידן געפאלן דורך דער שווערד פון די קריגס פירענדע. דער איד דאן דוד נעגרא ווערט ווירטשאפטס־מיניסטער ביים קעניג פערדינאנד אין פארטוגאל. א צווייטער איד דאן יהודה — פינאנץ מיניסטער.

**ה. ק"ל** — 1370 — דער קעניג היינריך פון קאסטיליע לייגט ארויף גרויסע שטייערן אויף באוועגלעכע און אומבאַוועגלעכע אידישע גיטער. — ר׳ יוחנן, דער זון פון רבי מתתיהו, פארטרעט — נאָכן פאָטערס טויט — די שטעלע פון הויפט רב איבער די פראנצויזישע אידן.

**ה. קל"ד** — 1374 — פאר דריי טויזנט ליוורעס גאָלד באַשטימט קארל דער פינפטער, קעניג פון פראנקרייך, אַז דער פריערדיקער וואוין־רעכט טערמין פאר אידן, זאָל פארלענגערט ווערן אויף נאָך צען יאָר.

**ה. ק"ם** — 1380 — די מאסע אין פאריז איבערפאלט אידן, רויבט זייער פארמעגן, רייסט ארויס מיט געוואלד פון זיי זייערע קינדער און שמד׳ן זיי אָפּ.

**ה. קמ"ט** — 1389 — אין פראג ווערן אידן איבערפאלן פון דעם המון. פיל טויזנטער ווערן דערמארדעט, זייערע הייזער פארברענט, די קברים פון זייערע עלטערן געשענדעט. דער קעניג נעמט ניט אין אכט די בקשה פון די אידן צו באשטראָפן די רוצחים, וועלכע פארבלייבן טאַקע אומבאשטראָפט.

**ה. ק"נ** — 1390 — נאָכן טויט פון יאהאן דער ערשטער, קעניג פון קאסטיליע, הויבט אויף דער בישאָף פערדי־

נאנד מארטינעס א העצע קעגן די אידן, מיט זיינע דרשות, וואָס ער האלט אָפּ אין די קירכן. זיינע ווערטער האָבן די געוואונטשטע ווירקונג. אידן ווערן געהרג'עט און גערויבט. דער קווארטאל, וואו זיי וואוינען ווערט פארברענט. די אידן וועלכע אנטלויפן און פאַלן אריין אין די הענט פון די רויבער, ווערן געצוואונגען זיך צו שמד'ן. — אידן ווערן אויסגעוויזן פון קוועדלינבורג.— דער איד דאן יוסף, ווערט לייב דאָקטער ביים קעניג דאן יאהאן דער ערשטער, קעניג פון פארטוגאל.

**ה. קנ״א** — 1391 — אין פארטוגאל פאלט איבער דער המון — אויפן באפעל פונם בישאָף — די אידישע גאַסן. קריסטן רויבן אוועק אידיש פארמעגן און דערמאָרדן ביז פיר טויזנט אידן. פיל ווערן געצוואונגען זיך צו שמדן. די זעלבע אכזריות ווערט אויסגעאיבט אויך אויף די אידן אין אלע שטעטלעך פון פירענעאישן האלב אינזל. אין זיבעציק שטעט ווערן אידן דערמארדעט און גערויבט. פיל נעמען אָן אויגנשיינלעך דאָס קריסטלעכע גלויבן. אייניקע פון די באוואוסטע רבנים, צווישן זיי ר' יצחק בן ששת (ריב״ש) פון סאַראגאסא, זיין תלמיד ר' שמעון בן צמח, (רשב״ץ), ר' לוי בן גרשום'ס (רשב״ג) א אייניקל, איז געלונגען זיך צו רעטן פון די רויבער.

**ה. קנ״ב** — 1392 — ר' יצחק בן ששת אנטלויפט קיין אלזשיר. דאָרט ווערט ער אויפגענומען פאר רב. ער באַקומט אויך דעם אמט פון הויפט ריכטער איבער אלע אידישע קהלות אין אלזשיר. זיין תלמיד ר' שמעון בן צמח, האָט זיך אויסגעצייכנט ניט נאָר אין חכמת ישראל, נאָר אויך אין פארשידענע וועלטלעכע וויסנשאפטן, ווי מאַטעמאַטיק, אסטראָנאָמיע און מוסולמאנישער יוריספרודענץ. ער ווערט זיין געהילף און העלפט אים אין זיין ארבעט.

**ה. קנ״ד** — 1394 — אין די לענדער פון די אפריקאנישע אינזלען, האָט זיך פארמערט די צאָל פון די אידן. זיי צייכענען זיך אוים אויפן האנדלס געביט און אויך אין תורה און חכמה. זיי געניסן פון בירגער רעכט.— נאָך דריי יאָר פון שרעקלעכע עקסצעסן אין קאסטיליע, דעקרעטירט דער קעניג אז אזעלכע זאָלן מער ניט פארקומען. דער בישאָף פון טאלעדא רעכענט דעם קעניגלעכן דעקרעט פאר דער גרעסטער זינד. קאַרל דער זעקסטער, קעניג פון פראנקרייך, גיט ארויס א באפעל אויסצואווייזן פון לאנד אלע אידן, וואָס האָבן אויפגעהערט צו צאָלן רעגירונגסשטייערן. די אויסגעוויזענע אידן וואנדערן אוים קיין עלזאס, אין דייטשלאנד.— דער רשב״ץ ווערט אויבער־רב אין אַלזשיר נאָכן טויט פון רבי יצחק.

**ה. קס״ו** — 1406 — דער דאמיניקאנער ווינצענץ פעריער — א געטויפטער איד — דער לערער פון דאן יאהאן, וועלכער איז געווארן קעניג נאָכן טויט פון היינריך אין קאסטיליע, רעדט איבער פיל אידן צו שמד'ן זיך. זיי האָבן אָבער נאָכדעם חרטה און היטן אָפּ דאָס אידישקייט אין געהיים און ווערן דערפאַר אָנגערופן מאראַנען.

**ה. קס״ז** — 1407 — אין דער שטאָט קראקוי, פוילן, ווערן אידן באַ־

שולדיקט, אז זיי האָבן באוואָרפן מיט שטיינער א קאטוילישן גלח. די מאַסע פאלט זיי איבער, שלאָגט זיי מערדערלעך און פארברענט זייערע הייזער. פיל אידן שמדן זיך.

**ה. ק"ע — 1410 —** אין דער שטאָט סעגאָוויאַ ווערט פארשפּרייט א עלילת־דם אויף אידן. אויפן באפעל פון דער אלמנה קעניגין, די פרוי פון היינריך, דער זון פון דאן יאהאן דער ערשטער, ווערן אידן אכזריות'דיק געפייניקט. דער איד דאן מאיר אלוואַרעץ, דער געוועזענער דאָקטער פון דעם קעניג היינריך, ווערט פון דעם המון צעשניטן אויף שטיקער. די אידישע שול אין סעגאוויא ווערט פארוואנדלט אין א קירכע.

**ה. קע"ב — 1412 —** אין שפּאַניע ווערט באפעלט אז אידן דארפן טראָגן א באזונדערן צייכן אויף די קליידער. ס'ווערט אויך ניט דערלויבט א אידן צו פארטרעטן א רעגירונגס אמט. די שפּאניש־אידישע פארשטייער אין דעם באשטאנד פון גרויסע רבנים איבערצייגן דאס געטריישאפט צו דער רעגירונג פון די אידן, וועלכע האָבן פארנעמען רעגירונגס אמטן. זייערע באווייזן ווערן ניט גענומען אין אכט.

**ה. קע"ג — 1413 —** דער דאָקטער יהושע פון לארקי, וועלכער האָט זיך גערופן נאָך זיין שמד'ן זיך, גערא־נימוס דע סאנטע פע, שלאָגט פאָר דעם פויבסט בענעדיקט דער דרייצנטער, ער זאָל פאררופן א אסיפה פון אידישע געלערנטע, צוזאגנדיק אז ער וועט זיי איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון דער קריסטלעכער רעליגיע לויט פיל שטעלן פונם תלמוד. דער פויבסט נעמט אָן מיט דער גרעסטער שמחה זיין פארשלאג. די רבנים ווײלן אויס דעם רב דאָן ווידאל בנבנשתי (בענוועניסטי), א גרויסער געלערנטער און וויסנשאפטס־מאן, וועלכער קאן גרינטלעך די רוימישע שפּראך. געראָנימוס קריטיקירט דעם תלמוד אַנשטאָט איבערצוצייגן דאס ריכטיקייט פון דער קריסטלעכער רעליגיע. דאן ווידאל און ר' יצחק נתן, דער איבערזעצער פונם קאנקארדאַנץ פון רוימיש אויף אראביש, דערווייזן דאס גערעכטיקייט פונם תלמוד און דאס עם־הארצות פונם משומד געראנימוס.

מיר ברענגען דאָ אַ לענגערע כאַראַקטעריזירונג פון רבנו יצחק בר ששת (ריב"ש), זיין נאָכפאָלגער ר' שמעון בן צמח (רשב"ץ), דאָן ווידאל בנבנשתי (בענוועניסטע), און להבדיל, פון דעם משומד געראנימוס דע סאנטע פע, וועלכער האָט זיך אַלס איד גערופן יהושע פון לארקי.

ר' יצחק בר ששת, האָט זיך אין זיין יוגנט דערצויגן און געלערנט אין בית המדרש פונם רשב"א. אַלס ראש ישיבה איז דאָרט געוועזן דעם רשב"א'ס זון, ר' אברהם. כאָטש דער ריב"ש האָט דעם רשב"א ניט געזען, האָט ער זיך דאָך געפירט אויף זיין דרך אין חכמת ישראל. זיינע לערער זיינען שפּעטער געוועזן די גדולי הדור רבנו פרץ הכהן פון קאנסטאנץ און

רבנו נסים בן ראובן גיראנדי (הר״ן), וועלכער איז נאָכן טויט פון רבנו פּרץ, געוואָרן דער הויפּט רב צווישן די חכמי ספרד. צו אים האָט זיך דער ריב״ש צוגעבונדן מיט דער גרעסטער ליבע און אים דעם גרעסטן כבוד אָפּגעגעבן.

ווען דעם ריב״ש׳ס נאָמען איז באַקאַנט געוואָרן אַלס גרויסער חכם און גאון, איז ער אויפגענומען געוואָרן פאַר רב אין סאראגאסא. דאָרט האָט ער געגרינדעט אַ ישיבה, פאַרשפּרייט תורה און געפירט די געמיינדע מיט גרוים פאַרשטאַנד. אָבער ווייל ער איז נאָר מיטן אמת געגאַנגען, ניט געוועז אונטערוואַרפן אונטער קיינעם און קיינעם ניט גע׳חנפ׳עט, האָט ער זיך געשאַפן פיל קעגנער, וועלכע האָבן אים דאָס לעבן פאַרביטערט. ער האָט באַשטימט צו פאַרלאָזן די שטאָט און אָנגעמען דעם אמט אַלס הויפּט-רב אין דער שטאָט קלעת-איוב, וואוהין ער איז גערופן געוואָרן פון דער דאָרטיקער קהלה. זיינע קעגנער האָט אָבער באַנג געטון צו פאַרלירן דעם גרויסן גאון און זיי האָבן שלום געמאַכט מיט אים. דער ריב״ש איז אָבער אויך שפּעטער ניט אָפּגעטראָטן פון זיין אָנגעצייכנטן וועג. ער האָט זיך געפירט מיטן אמת, כאָטש דערמיט האָט ער אָנגערירט דעם כבוד פון די שטאָטישע פירער און תקיפים.

זיין דרך אין הלכה איז געווען מערערע מאָל אויף מחמיר זיין, אָבער ניט ווייל ער איז געווען אַ קנאי, נאָר ווייל די צייט האָט געפאָדערט מיט די חומרות אָנצוגיין. אין סאראגאסא, למשל, איז פון לאנגע צייטן געווען איינגעפירט צו לייענען די מגילה אין פורים אויף שפּאַניש כדי דער המון און פרויען זאָלן זי פאַרשטיין. כאָטש דער מנהג איז ניט קעגן דעם תלמודישן גייסט, האָט ער אים דאָך מבטל געווען און פאַראָרדנט צו לייענען נאָר אין העברעאיש. ער האָט עס מאָטיווירט דערמיט וואָס אין דער צייט ווען די קאַטוילישע גלחים ווענדן אָן אַלע זייערע קרעפטן ניט צו דערלאָזן דעם העברעאישן למוד אין אַלגעמיין און די אידישע תורה בפרט, שיקן אַרוים מיסיאָנערן צו פּרעדיקן אַז משה׳ס תורה איז שוין בטל געוואָרן און אָנשטאָט איר אָננעמען דעם ברית חדשה, אָנשטאָט די נביאים און די העברעאישע שפּראַך, זאָל געלערנט ווערן דער עוואַנגעליום אין וועלכער ס׳איז אַנדער שפּראַך, אין אַזאַ צייט דאַרף זיך אין אונזערע שולן לאָזן הערן דער קלאַנג פון דער העברעאישער שפּראַך ווען אויך די מאַסע פאַרשטייט ניט די באַדייטונג פון די ווערטער.

דער ריב״ש האָט אָבער פאַרשטאַנען מיקל צו זיין בײַ מער וויכטיקע ענינים. די רבנים אין יענער צייט, למשל, פלעגן זיך נוהג זיין ארויסצו־טראָגן אַ טויט־אורטייל אויף מוסרים וואָס האָבן גע׳מסר׳ט אידן פאַר דער רעגירונג. דער ריב״ש האָט אָבער אַזאַ אורטייל ניט דערלויבט, מאָטי־ווירנדיק דערמיט וואָס מיר האָבן ניט קיין אייגענע רעגירונג אין גלות און ניט קיין סנהדרין. ער האָט אויך ניט דערלאָזט צו באַשטראָפן שטרענג די וועלכע זיינען עובר די תקנות פון דער קהלה.

אין דער שטאָט קאליר איז געווען אַ תקנה, אַז אידן זאָלן ניט שפּילן אין אַ געוויסע קריסטלעכע שפּיל. אין אַ יום־טוב־טאָג, איז דער קעניג דורכ־געפאָרן די שטאָט און די איינוואוינער האָבן פון זיין כבוד וועגן איינגע־אָרדנט די שפּיל. צווישן די פּאַרזאַמלטע האָט זיך אויך געפונען אַ איד וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער שפּיל, און מען האָט וועגן דעם געמעלדעט דעם קעניג. ווען דער קעניג האָט אַ פרעג געטון פאַר וואָס דער איד נעמט ניט קיין אנטייל, האָט מען אים געזאָגט אַז די אידן האָבן די שפּיל פאַרבאָטן. דער קעניג האָט אָבער באַפוילן ניט צו רעכענען זיך מיט דעם פאַרבאָט. דער איד האָט געמוזט אויספאָלגן דעם קעניגס באַפעל, און האָט געוויגען אין דער שפּיל הונדערט זעכציק גאָלדענע מטבעות.

די קהלה־פאַרשטייער האָבן געוואָלט דעם אידן וואָס האָט עובר געווען די תקנה, ווען אויך געצוואונגענערהייד, באַשטראָפן און אַוועקנעמען בײַ אים דאָס גאַנצע געוואונענע געלט אויף צדקה־זאַכן. דער געלערנטער דאָקטאָר און תלמודיסט מאיסטרא באנגידיש באנדוי האָט זיך געווענדעט צום ריב״ש, ער זאָל וועגן דעם ענין אַרויסזאָגן זיין מיינונג. דער ריב״ש האָט אים געענטפערט: „דאָס געלט האָט ער דאָך פאַרדינט ווייל ער איז געווען געצוואונגען צו דער שפּיל, איז עס ניט אסור בהנאה. ס׳איז גענוג ווען מען וועט פון דעם געוואונענעם געלט נעמען בײַ אים צוואַנציק, אממערסטן דרייסיק מטבעות, ווייל די תורה האָט רחמנות אויף אידיש געלט.

מורא האָבנדיק פאַר די פילאָזאָפישע אידעען וואָס גייען קעגן דער תורה, האָט ער זיך געשטיצט אויפן רשב״א, וועלכער האָט אויך פאַרבאָטן צו לערנען פילאָזאָפיע פאַר די פינף און צוואַנציק יאָר. ער איז אָבער ניט געווען אַזאַ קנאי ווי אבא מרי און האָט זיך מיט דעם חרם קיינמאָל ניט באַנוצט.

וואָס אנבּאלאנגט קבּלה האָט זיך דער ריבּ"ש פון איר דערוויטערט, און ווען דער רב ר' עמרם בּן מרואס, בּן אהרן, האָט אים געפרעגט וועגן דעם זין פון דער קבּלה, האָט ער אים געענטפערט: „זאָלסט וויסן אַז מיין רבּי ר' פּרץ הכּהן האָט וועגן איר ניט גערעדט, און ניט געוואָלט וויסן פון די קבּלה ספירות. איך האָב פון אים געהערט אַז דער רב ר' שמשון פון קענאָן, וועלכער איז דער גרעסטער גאון געווען, האָט זיך אויסגעדריקט: „מיין תּפלה איז ווי די תּפלה פון אַ קינד, אָן בּאַזונדערע קבּלישע כּוונות ווי די פון די קאַבּאַליסטן, וועלכע האָבּן בּיי יעדער תּפלה אַ בּאַזונדערע כּוונה, ווייל דאָס רעכן איך פאַר דועטיזם... איך האָב אויך געהערט פון איינעם אַ קעגנער פון דער קבּלה, זאָגנדיק: די גויים גלויבּן אין אַ דריי איינִיקייט: דער טאַטע, דער זון און דער הייליקער גייסט, און די מקוּבּלים גלויבּן אין אַ צען איינִיקייט (עשר ספירות)". אָם ענדע לאָזט ער אויס: „ווער צווינגט אונז צו קריכן אַזוי הויך? איז דען ניט בּעסער צו בּעטן דעם רבּונו של עולם אויף דעם אופן ווי מיר פאַרשטייען?.."

ווי גרויס עס איז געווען זיין פאַרדרוס קעגן די וועלכע האָבּן ניט קיין רחמנות אויף זייערע אייגענע בּרידער בּשעת אַ עת צרה, קאָן דינען דער פאַקט:

ווען דער ריבּ"ש איז אָנגעקומען קיין אלזשיר האָט זיך געטראָפן אַז פינף און פערציק אידן זיינען אָנגעקומען פון מאַראקאָ, אנטלויפנדיק פון די רדיפות פון די שפּאַניער, און ס'האָבּן זיך געפונען שלעכטע אידן וועלכע — מורא האָבּנדיק אַז די אָנגעקומענע זאָלן ניט ווערן קיין קאָנקורענטן אויף דעם מסחר־געבּיט — האָבּן זיי די אַנטלאָפענע ניט געלאָזט אַראָפּ־גיין פון דער שיף. דער פּאַשאַ און דער אלקאַדי האָט די שלעכטע אידן אַ שטרענגן פאַרוואורף געמאַכט: „איך האָבּ געמיינט אַז איר זענט גלוי־בּיקע, און צום סוף זענט איר כּופרים, וועלכע גלויבּן ניט אַז גאָט, וועלכער שפּייזט די גאַנצע וועלט, וועט זיי אויך שפּייזן". איינער אָבּער, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אין שטאָט, האָט דורכאויס ניט געוואָלט דערלאָזן אַז די אומגליקלעכע זאָלן זיך בּאַזעצן אין אלזשיר. דער ריבּ"ש איז אויף אַזוי פיל פאַרבּיטערט געוואָרן פון דעם שענדלעכן פאַל, אַז ער האָט אויסגעשריען: „רשעים! דער אלקאַדי דערלויבּט יאָ, און איר, רשעים, ווילט זיי ניט האָבּן בּיי אייך! יעדער איד וואָס וועט גורם זיין אַז די אומ־גליקלעכע זאָלן זיך דאַרפן אומקערן קיין מאַראקאָ זאָל זיין אין חרם אויף

דער וועלט און אויף יענער וועלט". צוזאַמען מיט אים האָבן זיך אויך באַמיט רבי אשתרוק הכהן מיט זיין ברודער דוד, וועלכע זיינען געקומען צוהילף די אומגליקלעכע, און דער פּלאַן פון די אידישע רשעים ניט אַריינ־צולאָזן די אומגליקלעכע אין אלזשיר, איז צעשטערט געוואָרן. אויך אין אלזשיר האָט דער ריב"ש געהאַט קעגנער, ווייל ער איז שטענדיק גע־גאַנגען מיטן אמת און ניט געוואָלט פון אים אָפּטרעטן.

אין דער צייט ווען ריב"ש האָט אויסגעוואַנדערט פון שפּאַניע, האָט פון מאַראָקאָ אויך אויסגעוואַנדערט — אדאנק די כּסדרדיקע אָנפאַלן אויף אידן — דער גרויסער תּורה־מאַן ר' שמעון בן צמח (רשב"ץ) און גע־קומען קיין אלזשיר. דער רשב"ץ איז אויסער זיין גרויסקייט אין חכמת היהדות, אויך געווען באַקאַנט אין אייניקע וועלטלעכע וויסנשאַפטן, ווי מעדיצין, מאַטעמאַטיק א. א. צוליב ניט קיין באַוואוסטער סבה איז ער געוואָרן דער קעגנער פון ריב"ש, און האָט אים פיל עגמת נפש פאַר־שאַפט, ווי ס'איז צו זען פון אַ בריוו וואָס דער ריב"ש האָט געשריבן צו ר' שם טוב הלוי: „נאָך מיינע ליידן וואָס איך לייד פון רבי דוראַן, וואָלט איך אים געדאַרפט מער באַשולדיקן ווי פאַרטיידיקן, און דאָך מוז איך מודה זיין אַז וואָס אנבאַלאַנגט דעם דין תּורה וואָס ער האָט גע־פּסק'עט — אויף וועלכן איר פרעגט זיך אָן — איז ער ריכטיק גע־פּסק'עט". דעם ריב"ש'ס יושרדיקייט קען מען נאָך מער אַרויסזען דערפון, וואָס אנערקענענדיק רשב"ץ'ן פאַר אַן אויטאָריטעט, פלעגט ער זיך מיט אים מייעץ זיין אויף מתקן זיין פאַרשידענע תּקנות, ווי ס'איז צו זען אין איינע פון זיינע תּשובות וועלכע ער האָט געענטפערט אַ אנפרעגנדער קהלה: „...און וועגן דעם וואָס איר שרייבט מיר פון די מעשים רעים פון דעם רשע אהרן, וואָס ער האָט פאַר'מסר'ט די אידישע קהלה אין קאָנ־סטאַנטינאַ צו דער רעגירונג, וועט איר אַרויסזען אין דעם צווייטן בריוו וואָס איך און דער חכם רבי דוראַן האָבן וועגן דעם געטון".

נאָכן טויט פונם ריב"ש, איז געוואָרן דער הויפּט־רב אין לאַנד פון די מוסולמאַנער, דער רשב"ץ, וועלכער האָט מיט זיין תּורה און חכמה זיך דערוואָרבן אַ גרויסן נאָמען. דעם דאָזיקן אמט האָט ער פאַרנומען דרייסיק יאָר. דער רשב"ץ איז נפטר געוואָרן אין אַ טיפע עלטער. די נעמען פון

די דערמאנטע צוויי רבנים זיינען אין דער לומדיש׳ער וועלט פאַרבליבן הייליקע און אומפאַרגעסלעכע.

ווי ס׳איז שוין דערמאנט געוואָרן איז אין יאָר ה. קע״ג—1413, פאַר־געקומען דער וכּוח צווישן דעם משומד געראנימוס דע סאַנטע־פע (אויף אידיש יהושע פון לארקי) מיט די גרויסע חכמים דאָן ווידאל, ר׳ יצחק כּהן און נאָך אנדערע. און ווייל די פערזענלעכקייט פון דאָן ווידאל האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין זיין לעבן בכלל, און אין לעבן פון אידישן פאָלק בפרט, וועלן מיר — לויט דער היסטאָריע — געבן דאָ זיין כאַראַקטעריסטיק.

דאָן ווידאל בנבנשתי (בענוועניסטי) איז געווען א זון פון ר׳ אברהם בנבנשתי, פון א מיוחסדיקער משפחה אין שפּאַניע. פיל צרות זיינען אין זיינע צייטן געקומען אויף די שפּאַנישע אידן. און נאָך דער שרעקלעכער שמד־מגפה וואָס ס׳איז געקומען אויף די אידן דורך דער גיפטיקער פּראָ־פּאַגאַנדע פון דעם פאַנאַטישן אידן־פיינט, דער מאָנאַך פערדינאַנד מאַרטין, איז די אידישע לאַגע נאָך מער פאַרשלימערט געוואָרן. פיל אידישע אויפ־בליענדע קהלות, וועלכע זיינען געווען דער רום און גלאַנץ פון די שפּאַ־נישע אידישע קהלות, זיינען פאַרוויסט געוואָרן. די בעסטע און געביל־דעטע יונגעלייט זיינען געצוואונגען געוואָרן דורך די רוצחים זיך צו שמדן. פיל פון די געטויפטע אידן זיינען נאָר געווען קריסטן לפנים, אין האַרצן זיינען זיי אָבער פאַרבליבן געטרייע אידן, רופנדיק זיך מאראנען. ניט ווייניק זיינען די אנוסים אויסגעשטאַנען פון די יעזואיטן וועלכע האָבן זיי נאָכגעשפּירט אויף טריט און שריט, און דער מינדעסטער חשד איבער זיי, אז זיי זיינען געבליבן געטריי צום אידישן גלויבן, האָט זיי געפירט צום שייטער־הויפן, ווי ס׳איז יעדן פון אונז באַקאַנט.

ס׳האָבן זיך אָבער צווישן די מאראנען אויך געפונען ביז גאָר נידערי־קע און פאַרדאַרבענע נפשות, וועלכע האָבן זיך איבערצייגט אז אין דעם נייעם גלויבן קענען זיי לעבן רייך און בכבודיק, און כאָטש דאָס נייע גלויבן איז ביי זיי געווען ניט מער ווי א מאסקע און אין הארצן האָבן זיי זיך אויסגעלאַכט דערפון, האָבן זיי דאָך געזוכט איבערצוצייגן זייערע נייע ברידער אַז זיי זיינען פרומע קריסטן, אַרויסווייזנדיק שנאה צו זייערע געוועזענע אידישע ברידער. זיי פלעגן אויסטראַכטן אויף זיי פאַרשידענע בלבולים, שענדן זייער נאָמען פאַרן קעניג און גע׳עצה׳ט אים צו צווינגען

די הארטנעקיגע אידן צו טויפן זיך. צווישן די פארדאָרבענע, נידערטרעכ־
טיקע משומדים, האָט זיך געפונען איינער וועלכער האָט זיך אַלס איד
גערופן יהושע פון לארקי, א תלמיד פון דעם משומד שלמה הלוי פון
בורגאס. נאָכן שמד האָט מען אים גערופן פאבלא דע סאנטא מאַריאַ.

דער געוועזענער איד שלמה הלוי, וועלכער איז געווען פרום ביז צום
פאנאטיזם, איז געוואָרן נאָך זיין שמדן זיך א פארביסענער אידישער שונא
וועלכער האָט פאַרשאַפט אידן גרויסע צרות. ווען יהושע פון לארקי, זיין
תלמיד, האָט זיך דערוואוסט אז זיין רבי האָט זיך גע׳שמד האָט ער צו
אים געשריבן אַ לאַנגן בריוו אין וועלכן ער האָט פארלאנגט אַז דער רבי
זאָל אים דערקלערן פאַרוואָס האָט ער פאַרביטן דעם אידישן דת אויפן
קריסטלעכן. מיט זיינע קלוגע שאלות האָט ער אים אריינגעבראַכט אין
אַ פארלעגענהייט. דער משומד האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן אים.

דער ליסטיגער יהושע, האָט ניט בדעה געהאַט מיט זיינע געשטעל־
טע פראגן צו פאַרטיידיקן דעם אידישן דת, ער האָט נאָר געזוכט אַז דער
משומד רבי זאָל אים מיט זיינע ענטפערס אויף אַזוי פיל צופרידנשטעלן,
כדי ער זאָל זיך נאָכדעם אויך קענען שמד׳ן און ניט האָבן קיין געוויסענס־
ביסע. און מערקווירדיק, טראָץ דעם וואָס דער משומד האָט אים ניט גע־
קענט איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פונם קריסטלעכן גלויבן, האָט דער
תלמיד דאָך נאָכגעפאָלגט דעם רבין און זיך אויך גע׳שמד׳ט. ער איז
אויך געוואָרן דער אייגענער שונא ישראל ווי דער רבי זיינער. נאָכן שמד׳ן
זיך האָט ער זיך גערופן מאיסרא גערואנימא דע סאנטא־פע. אין דער אי־
דישער היסטאָריע איז ער געשטעמפלט געוואָרן מיט דעם שענדלעכן
וואָרט מ׳. ג׳. ד׳. ף׳. (לעסטערער אויף אידיש) — די ראשי תיבות פון
זיין שפּאַנישן נאָמען.

נאָך זיין שמדן זיך, האָט ער זיך פאַראייניקט מיט נאָך צוויי רשעים
אַזעלכע ווי ער, און צוזאַמען מיט דעם פויפסט בענעדיקטוס דער דריי־
צענטער, וועלכער איז אַרונטערגעזעצט געוואָרן פון זיין אמט פאַר זיינע
פילע פארברעכנס און פאר זיין סעקסועל אויסגעלאַסן לעבן, האָבן זיי
זיך געלאָזט רויבן פרעמד האָב און גוטס. דער דערמאנטער פויפסט איז
געצוואונגען געוואָרן צו פאַרלאָזן די שטאָט אוויניאָן וואו זיין הייליקע
שטול איז געשטאַנען און אנטלויפן אין זיין געבורטסלאַנד שפּאַניע, וואו
ער איז געוואָרן אַ פויפסט. אויף זיין אָרט אין אוויניאָן איז געוואָרן אַ

צווייטער, און אין רוים איז אויך געווען אַן אַנדערער, און אַזוי אַרום איז באַשאַפן געוואָרן אַ ערדיש דריי־איינִיקייט. צו די ערשטע צוויי רשעים האָט זיך צוגעטשעפּעט נאָך אַ רשע, דער גלח וויסענטע דע פערער, נאָך אַ גרעסערער פאַנאַטיקער ווי די ערשטע.

וויסענטע דע פערער איז מיט דער דערלויבעניש פונם קעניג אַרומ־געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט צו פאַרשפּרייטן קריסטנטום צווישן די אידן, געקומען אין זייערע שולן און געפּרעדיקט, אַז אידן זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער אידישער אמונה צוליב וועלכע זיי ליידן, און אננעמען דאָס קריס־טנטום, און זיי וועלן דערפאַר האָבן ביידע וועלטן... אַרויסזעענדיק אָבער אַז זיינע ווערטער האָבן קיין שום השפּעה ניט אויף די איינגעשפּאַרטע, האָט ער פאַרלאַנגט פון די שפּאַנישע קעניגן צו אונטערדריקן זיי און אַרויסגעבן אויף זיי שווערע גזרות וואָס זאָלן זיי פאַרביטערן זייער לעבן. אין יענער צייט, נאָכן טויט פון היינריך דער צווייטער, קעניג פון קאַס־טיליע, ווען זיין זון יאהאַן דער צווייטער איז נאָך געווען אַ מינדער־יעריקער, איז געוואָרן די רעגענטין פונם לאַנד דעם קעניגס מוטער, קאַ־טאַלינאַ, וועלכע האָט געהערשט צוזאַמען מיטן טראַנפּאַלגער דאָן פער־נאַנדאָ. די דאָזיקע צוויי, האָבן נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון דעם גלח און אנגעהויבן אויף אַ שרעקלעכן אופן אונטערצודריקן די אידן. פילע אידן זיינען ניט אימשטאַנד געווען איבערצוטראָגן די שרעקלעכע יסורים און האָבן אָנגענומען דאָס קריסטלעכע גלויבן. זיי זיינען נאָר געווען קריסטן לפּנים, אין געהיים אבער, האָבן זיי אָפּגעהיט אידישקייט. דער דערמאָנ־טער גלח איז געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, און פון לאַנד צו לאַנד, און איבעראַל איז נאָך זיין קומען די אידישע לאַגע געוואָרן אומדערטרעגלעך, און זיי האָבן קיין אַנדער אויסוועג ניט געהאַט ווי נאָר צו שמד'ן זיך. אַזוי אַרום זיינען אין אַ משך פון אַ קורצער צייט פיל אידישע קהלות אָפּ־געווישט געוואָרן.

אָבער דאָס אַלעס האָט נאָך ניט צופרידנגעשטעלט די רשעים. דער מגד"ף האָט זיך פאַרנומען אָפּצואווישן דעם אידישן דת פון דער ערד, און דערמיט געבן דעם לעצטן קלאַפּ דעם אידישן פאָלק וועלכן ער האָט אַזוי געהאַסט. צוליב דעם האָט ער געפאָדערט פון די הערשער צו פאַר־רופן אַ רבנים־צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן ער וועט זיך מתוכח זיין און זיי איבערצייגן אַז די אידישע אמונה האָט שוין ניט קיין זכות הקיום, און זי

איז בטל געוואָרן מיטן דערשיינען פון יעזוס, דער אמת'ער משיח.

זיין פאָדערונג איז דערפילט געוואָרן. אַ באַפעל איז אַרוים פון דער רעגירונג צוזאמענצורופן די רבנים אויף אַ וכוח מיטן מגד"ף. געקומען זיינען צוויי און צוואנציק פון די גרעסטע אידישע חכמים און צווישן זיי דער שטאַאַטסמאַן דאָן ווידאל בן בנבנשתי (בענוועניסטי), אַ גאון אין חכמת היהדות, אַ פילאָזאָף, אַ פּאָעט, און אַ דיכטער פון דער שטאָט סאראגאסא; ר' יצחק כהן, אַ גרויס וויסנשאַפטסמאַן און ר' יוסף אלבא פון דער שטאָט מאנריאל, אַ תלמיד פונם פילאָזאָף דאָן חסדאי קרשקש, דער מחבר פונם ספר „העקרים". טראָץ דעם וואָס ר' יוסף אלבא איז געווען אַ דענקער און אַ פילאָזאָף, האָט ער ליב געהאַט דאָס יהדות און אויסגעפּאַלגט אַלע פאַרשריפטן. אין דעם „העקרים" ציינט ער ארויס זיין קעגנערשאַפט צו דעם רמב"מ'ס שיטה, וועלכער האָט באַזירט דאָס יהדות אויף דרייצן עקרים, ער וויל אָבער האָבן אַז דאָס יהדות באַזירט זיך נאָר אויף דריי עקרים. דער ערשטער: אַז ס'איז דאָ אַ גאָט וואָס האָט באַשאַפן די וועלט; דער צווייטער: אַז תורת משה איז געגעבן געוואָרן פון גאָט און ניט דורך אַ מענטשלעכן פאַרשטאַנד; דער דריטער: אַז ס'איז באַשטימט אַ שכר פאַר די וואָס זיינען מקיים אַלע מצות, און אַ עונש, פאַר די וואָס זיינען עובר אויף זיי. און ווען אַ איד גלויבט ניט אין די דריי עקרים, ווערט ער פאַררעכנט פאַר אַ כופר און האָט ניט קיין חלק אין אידנטום.

די צוזאמענגערופענע צוויי און צוואנציק רבנים זיינען געקומען קיין טארטאזא, די שטאָט פונם פויפּסט בענעדיקטוס דער דרייצענטער וועל־כער איז נאָכן וכוח אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון זיין אמט. אהין איז אויך געקומען דער מגד"ף און נאָך אייניקע אידישע שונאים.

די רבנים האָבן זיך פאַרגעשטעלט פאַרן פויפּסט, וועלכער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז קיין שלעכטס וועט מיט זיי ניט געשעען, און זיי קענען זיך אַרויסזאָגן אינם וכוח ווי אַזוי זיי פאַרשטייען. ער האָט אויך פאַר־אָרדנט צו באַזעצן זיי אין באַקוועמע וואוינונגען, און צוגרייטן פאַר זיי כשר'ע מאכלים.

אויפן צווייטן טאָג זיינען זיי געקומען אינם פויפּסט'ס פּאַלאַץ צו דיסקוטירן מיט דעם משומד. דער פויפּסט האָט געגעבן דאָס וואָרט, אַלס ערשטער דיספוטאַנט, דעם משומד מגד"ף, וועלכער האָט אנגעהויבן מיט

אַ פּסוק פון ישעיה: „לכו נא ונוכחה יאמר ד'... ואם תמאנו ומריתם חרב תאכלו". „קומט, זאָלן מיר זיך מתוכח זיין, זאָגט גאָט... וועט איר אָבער ניט וועלן, און זיין ווידערשפעניקע, וועט איר דורך דער שווערד פאַרצערט ווערן". דער שטאַטסמאַן געלערנטער האָט גלייך געגומען דאָס וואָרט אין אַ שיינעם ליטעראַרישן לאַטיין, און אים באַמערקט: „זאָל דער עקס־פּאָנענט וויסן אַז דער וועלכער פאַנגט אָן דעם דיספּוט, ניט אויסהערנדיק נאָך דעם צווייטנס ענטפער, האָט קיין רעכט צו ווערן גלייך אַ שופט, און ארויסגעבן אַ אורטייל". די באַמערקונג איז געפעלן דעם פּויפּסט, אָבער אַלס פאַרביסענער שונא ישראל האָט ער גלייך זיין גיפטיקע באַמערקונג געמאַכט: „גערא‍נימוס דע סאנטא פע ווייסט ניט פון טאַקט, ווייל ער שטאַמט אָפּ פון אידן".

גלייך נאָכדעם האָט דער מגד"ף זיך פאַרנומען איבערצוצייגן, אַז דער אידישער משיח איז שוין געקומען און ער איז ניט קיין אנדערער ווי נאָר יעזוס. דער משומד האָט זיך אויך געשטיצט אויף אַ מאמר אין תלמוד אין וועלכן עס זאָגט זיך: „זעקס טויזנט יאָר וועט די וועלט עקזיסטירן. די ערשטע צוויי טויזנט יאָר אַ תהו ובהו'דיקע; די צווייטע — וועט פאַר־שפּרייט ווערן תורת משה; און די לעצטע — וועט זיין ימות המשיח, און די לעצטע צוויי טויזנט יאָר רעכענען זיך דאָך פון יעזוס'עס געבורט". ווען דאָן ווידאל בנבנשתי (בענוועניסטי) האָט געוואָלט איבערצייגן אַז יעזוס באַזיצט ניט די מעלות וועלכע זיינען אים צוגעשריבן געוואָרן, האָט אים בענעדיקטוס אָפּגעשטעלט און אים ווייטער ניט געלאָזט רעדן, אויף אַזא אופן וואָס באַרירט דאָס הייליקייט פון יעזוס. דאָן האָט ווידאל זיך געווענדעט צום משומד און אים אויפמערקזאַם געמאַכט אַז ער האָט פאַר־געסן וואָס דער תלמוד זאָגט ווייטער: „צוליב אונזערע זינד, זיינען שוין פיל יאָרן פאַריבער פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר און משיח איז נאָך ניט געקומען". נאָך דאָן ווידאל, האָט ר' יוסף אלבא גענומען דאָס וואָרט. „אין תלמוד זאָגט זיך דאָך ניט אַז ענדע פיר טויזנט, אָדער אין אנפאַנג פונם פינפטן טויזנט וועט קומען משיח, נאָר אינם משך פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר. דערפון איז דאָך צו פאַרשטיין אַז משיח'ס קומען איז אָפּהענגיק אין די מעשים פונם אידישן פאָלק. וועלן די אידן זיין גוט, וועט ער קומען צום אָנהויב פון די לעצטע צוויי טויזנט און אויב ניט — וועט ער ערשט קומען אם ענדע פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר".

אַזוי ווי דער משומד איז שולדיק געבליבן אַן ענטפער און ער האָט ניט געקענט אָפּוואַרפן די דערקלערונג פון די בײדע אידישע חכמים, האָט ער געפאָדערט אַז די זעלבע זאָלן די דערקלערונג באַשטעטיקן מיט ראיות. אויף דער דאָזיקער פאָדערונג האָט ר׳ יוסף אַלבא געענטפערט: „דו וועסט דאָך מודה זיין אַז תורת משה איז מיט אַ לאַנגער צייט פריער פאַר דער תורה פון יעזוס, און דער וואָס וויל מבטל זיין די ערשטע, דאַרף ברענגען ראיות און ניט דער, וואָס פאַרטיידיקט זי״. דער ענטפער האָט צופרידנ־געשטעלט אַלע קאַרדענאַלן וואָס זיינען בײגעווען דעם וכוח. דער משומד האָט ווייטער זיך באַזירט אויף אַ מאמר אין תלמוד, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט אַז די וועלט וועט עקזיסטירן ניט ווייניקער פון פינף און אַכטציק יובלות (פיר טויזנט צוויי הונדערט מיט פופציק יאָר), און אין לעצטן יובל וועט קומען משיח. און יעזוס איז דאָך געקומען אין לעצטן יובל. אויף דעם האָט אים געענטפערט ר׳ יצחק כהן: „ס׳איז אַ טעות, יעזוס איז ניט געקומען אין לעצטן יובל, נאָר אינם זעקס און זיבעציקסטן, און אין דער צייט האָט משיח ניט געדאַרפט קומען״. ר׳ יוסף אלבא האָט באַמערקט: „אין תלמוד איז אויסגעדריקט אַז די וועלט וועט עקזיסטירן נ י ט ו ו י י נ י ק ע ר פון פינף און אַכטציק יובלות, אָבער מער יאָ. ס׳איז דאָך דאָס זעלבע ווי איינער וואָלט געזאָגט דעם צווייטן: „איך וועל דיר ווייניקער פון הונדערט שקלים ניט געבן״. האָט ער דען ניט דאָס רעכט צו געבן אים מער?״

דער וכוח האָט זיך פאַרצויגן בײ צוויי יאָר. אַלע טענות פונם משומד האָבן די אידישע חכמים אָפּגעשלאָגן מיט גרויס פאַרשטאַנד, און דער משומד איז פון זיי באַזיגט געוואָרן. דער פויפסט אָבער, האָט דאָס ניט גענומען אין אַכט. דער דורכפאַל האָט אים אַריינגעבראַכט אין גרעסטן כעס. זיין האָפנונג אַז דורך דעם וכוח זאָלן די צוויי און צוואַנציק אידישע חכמים איבערגיין צום קריסטנטום, און מיט זיי, דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, איז צונישט געוואָרן. דער גלח ווינסענטע פעררירא איז אָבער ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט צו צווינגען אידן צו שמד׳ן זיך. אידן זיינען געבראַכט געוואָרן קיין טאָרטאָזאַ, דאָרט וואו די אידישע חכמים, די דיספּוטאַטן האָבן זיך געפונען, און כדי צו פאַרשאַפן ערגערניש די דערמאַנטע חכמים, האָט מען די געבראַכטע אידן געטויפט מיט דער גרעסטער פייערלעכקייט. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ גורל די אידן פון

יענער צייט וואָלטן געהאט צוליב די רשעות פון דעם נידערטרעכטיקן פויפסט, ווען דער זעלבער זאָל ניט געווען אַרונטערגעזעצט ווערן צוליב זיינע מעשים טובים... דער גלח וויסענטע פערריירא, איז אויך פון זיין גלח׳שן אמט אראפגעזעצט געווארן.

פופצן יאָר נאָכן וכוח, אין דער צייט פון יאהאַן דער צווייטער, קעניג פון קאסטיליע, און דער פּרעמיער מיניסטער אלווארא דע לונא, איז אברהם בנבנשתי (בענוועניסטי) באַפאָלמעכטיקט געוואָרן פון דעם קעניג — דורך דער השתדלות פונם דערמאנטן פּרעמיער מיניסטער וועלכער האָט אים זייער ליב געהאט, צו זיין דער הויפּ־רב פון אלע רבנים אין קאסטיליע און מתקן זיין תקנות נאָך זיין איינזעען נאָך, פאַר אלע אידן אין גאנץ שפאניע.

**ה. קע״ה** — 1415 — אין פעץ, מאראקא, איז געשאפן געווארן פאר אידן א געטאָ, כדי אפצוזונדערן זיי פון די מוסולמענער, זייערע פארביסענע שונאים.

**ה. קע״ו** — 1416 — פּאָול פון בורגאס לאָזט ארויס פלוג־שריפטן פול מיט האַס קעגן די אידן. ר׳ משה פון גערנא, דערווייזט דאָס פאלשקייט פון די פלוג־שריפטן.

**ה. קע״ז** — 1417 — אידן טיילן צו גרויס כבוד דעם פויבסט מארטין דער פינפטער, ווען ער באשטייגט דעם פויבסטלעכן טראָן.

**ה. קע״ט** — 1419 — דער פויבסט מארטין דער פינפטער איז מבטל אלע גזרות אויף אידן, וועלכע זיינען ארויסגעגעבן געווארן פון בענעדיקטוס דער דרייצענטער. ער באפעלט ניט צו שטערן די אידן צו פייערן זייערע ימים טובים.— א רבנים צוזאמענפאר נעמט אָן א באשלוס, אז נאָר דער רב, וועלכער באקומט פון די גדולי התורה דעם טיטול מורנו, האָט דאס רעכט זיך באשעפטיקן מיט דין תורות.— פארשידענע מנהגים און פארשידענע נוסחאות אין דאווגען, טיילן אָפּ די דייטשע אידן פון די עסטרייכישע, בעהמישע, מעהרינע, שלעזיער און פוילישע.

**ה. קפ״ב** — 1422 — דער פויבסט מארטין דער פינפטער האָט געהאלטן פאר א פארברעכן, ווען גלחים באמיען זיך איבערצורעדן אידן צו שמד׳ן זיך. ער גיט ארויס א באפעל ניט צו אגיטירן אין די קלויסטערס בנוגע אידן.

א **ה. קפ״ג** — 1423 — אידן ווערן אויסגעוויזן פון קעלן.

**ה. קפ״ט** — 1429 — אין פּאָרטוגאל ווערט ארויסגעגעבן א געזעץ, אז אידן און אראבער מוזן טראָגן א באזונדער צייכן אויף זייערע קליידער.— די קעניגין יאהאנא די צווייטע, פון נעאַפּאָל, לייגט ארויף א שווערן אפּצאָל אויף די אידן כדי פאר דעמזעלבן אפּצוקויפן דעם קבר פון דוד המלך ביי די טערקן.

**ה. ק״צ** — 1430 — אידן ווערן

אויסגעוויזן פון דער שטאָט שפייער־
אויפן פאָרשלאָג פון קריסטלעכע ביר־
גער.

**ה. קצ"א** — 1431 — דער פויבסט אויגעניוס דער פערטער, באנייט די אל־טע גזרות אויף אידן. עס ווערט באַ־שטימט אויף א צוזאמענפאר פון גייסט־לעכע אין באזעל, צו צוואונגען אידן צו קומען הערן די דרשות פון די גייסטלע־כע אין די קלויסטערס. ער פארבאָט קריסטן צו האנדלען מיט אידן. ער גיט ארויס נאָך מערערע גזרות.

**ה. קצ"ד** — 1434 — א גרויסע שחיטה אויף אידן אין ווארמס. דער קע־ניג עדווארד פון פארטוגאל, גיט ארויס א געזעץ ניט אויפצונעמען אידן און ארא־בער אויף רעגירונגס־אמטן.

**ה. קצ"ט** — 1439 — שרעקלע־כע אידן ־ פארפאלגונגען צוליב א שרפה וואס האָט אויסגעבראכן אין גלאגוי, אין שלעזיע, אין וועלכער אידן זיינען באשולדיקט געווארן. א סך ווערן דער־פאר געטויטעט.

**ה. ר"ז** — 1447 — די קריסטן פון דער שטאָט ליגניץ ווייזן אויס די אידן פון דאָרט.

**ה. ר"י** — 1450 — ר' ישראל אי־סערלין, דער מחבר פונם ספר „תרומת הדשן", באזעצט זיך אין דער שטאָט ווינעריש־ניישטאט. — אין די שטעט פון אויבער - איטאליע: סאוואי, פיעמאָנט, לאמבארדי, באזעצן זיך פיל אידן, דער למוד התורה ווערט פארשטארקט מיט דעם אָנקומען פון מערערע רבנים פון דייטשלאנד און פראנקרייך.

**ה. רי"ב** — 1452 — ר' יצחק אבוהב ווערט געאכטעט פון אלפאָנסאָ דער פינפטער, קעניג פון פארטוגאל.— עקסצעסן אויף אידן אין קארדאווא, פיל ווערן דערמארדעט מיט דער גרעסטער אכזריות און זייערע הייזער ווערן פאר־ברענט.

**ה. רי"ג** — 1453 — קאָנסטאנטינאָ־פאל ווערט דעראבערט פון די טערקן. די ביזאנטישע רעגירונג איז געפאלן. נאָך דער מלחמה ווערט די אידישע לאגע באַ־דייטנד פארבעסערט. מחמד דער צוויי־טער, ווייזט זיך ארויס גענעדיק צו זיי.

**ה. רי"ד** — 1454 — אין דער צייט פון יאהאן דער צווייטער, קעניג פון קאסטיליע, ווערן אידן שרעקלעך פאר־פאלגט פון די גלחים. זיי רייצן אויף די מאסע אויף זיי, פארמסר'ן די מאראנען פארן קעניג. דער קעניג נעמט אבער ניט אין אכט זייערע מסירות און די מאראנען טוען פיל טובות זייערע ברידער־אידן, די פריערדיקע גלויבנס־גענאָסן.

**ה. רס"ו** — 1455 — לאדיסלאוס פאסטאמוס, קעניג פון בעהמען און אונ־גארן, באפעלט אוועקצונעמען פון אידן זייערע זיבן יאריקע קינדער און זיי דער־ציען אין קריסטלעכן גלויבן.— אידן ווערן אויסגעוויזן פון פערציק שטעט אין בייערן אויפן באפעל פונם קעניג לודוויג דער צענטער. די אלע אויסוואנ־דערער באזעצן זיך אין אויבער־איטא־ליע. — אידן באקומען רעגירונגס־אמטן ביי אלפאָנסן דער פינפטער, קעניג פון פארטוגאל.

**ה. רכ"ב** — 1462 — אין פראנק־פורט אם־מאין ווערט באשטימט א גע־טאָ פאר אידן. א אידישער דאָקטער ווערט אויסגעוויזן פון וויען, ווייל ער האָט געהיילט קריסטלעכע קראנקע.

עובר זייענדיק דעם קעניגלעכן באַפעל אויף ניט צו היילן, ווייל ער איז א איד. אין דער שטאָט מעדינא, אין אראַגאן, איז דערמאַרדעט געווארן דורך א שטאַאטס־מאַן דער איד גאון, א באַאַמטער איבער רעגירונגס־שטייערן. דער קעניג דאן יאהאַן דער צווייטער פון אראַגאן, איז זיך נוקם אין מערדער.

**ה. רכ״ה** — 1465 — אומאָרדנונגען צווישן די בירגער אין קאַסטיליע. היינריך דער פערטער ווערט אראָפּגעזעצט פונם טראָן, און זיין ברודער באַשטייגט אים. כדי אָפּצושוואַכן דעם איינפלוס פון די אנהענגער פון היינריך, ווערן געמאַכט איבערפאַלן אויף אידן און מאַראַנען פון סעווילִיא און זיי ווערן אכזריות׳דיק דערמאַרדעט. דער פירשט פון מעדינאַ האַלט אָפּ דאָס אכזריות.

**ה. רכ״ו** — 1466 — ר׳ גרשון, א דייטשער איד, דרוקט אָפּ צום ערשטן מאָל די חמשה חומשי תורה.

**ה. רכ״ח** — 1468 — אביאַבער, א אידישער ארצט, קורירט אויס די אויגן פון דעם קעניג יאהאַן דער צווייטער, פון אראַגאן, און געווינט אים פאַר בעסטן פריינט.

**ה. ר״ל** — 1470 — ר׳ משה קאַפּסאַלי, דער רב אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, צוזאַמען מיט מערערע רבנים אין טערקיי, ווילן שאַפן א פאַראייניקטע קהלה פון אלע טערקישע אידן אונטער זייער השגחה. די אידישע געזעלשאַפטן ווילן זיך נישט אונטערוואַרפן אונטערן יאָך פון די רבנים.— ר׳ יוסף קאָלאָן פון פּאַוויאַ, איינער פון די גרעסטע גאונים, שטעלט זיך אויף דער זייט פון די געזעלשאַפטן קעגן קאַפּסאַלי׳ן.

**ה. רל״ב** — 1472 — ר׳ יעקב יחיאל לאָאַנס, אַ גרויסער אידישער געלערנטער, ווערט דער העברעאישער לערער פון דעם קריסט יאהאַן רייכלין.

**ה. רל״ה** — 1475 — אידן ווערן אויסגעוויזן פון דער שטאָט באַמבערג.

**ה. רל״ז** — 1477 — פיל מאַראַנען קערן זיך צוריק צום אידישן גלויבן. די קעניגין איזאַבעלאַ ווערט פון דעם פאַקט שרעקלעך אויפגעבראַכט. זי ריכטעט איין א אינקוויזיציע־געריכט צו באַשטראָפן שטרענג די צוריקגעקערטע צום אידישן גלויבן. די אינקוויזיציע ווערט באַשטעטיקט און אָנגענומען פונם פּויבסט סעקסטוס דער פערטער. די אידן פּראָטעסטירן קעגן די מעשים פון איזאַבעלן אין א ארויסגעלאָזטן געשריבענעם צירקולאַר. דער גלח־לערער פון איזאַבעלן ענטפערט אָפּ.

**ה. ר״ב** — 1480 — די שרעקלעכע אינקוויזיציע אונטער דער רעגירונג פון פערדינאַנד פון אראַגאן אין שפּאַניע. די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז קעגן דער אינקוויזיציע. פילע מאַראַנען ווענדן זיך נאָך הילף צו פאַרשידענע פירשטן.

**ה. רמ״א** — 1481 — די פירשטן באַקומען א באַפעל איבערצוליפערן די אַלע מאַראַנען, וועלכע האָבן געפונען שוץ ביי זיי, אין קעגנפאַל, ווערט זייער גאַנץ פאַרמעגן קאָנפיסקירט. אין דער שטאָט סעווילליא, ווערן ארויפגעבראַכט אויפן שייטער־הויפן 260 מאַראַנען. אין די פּראָווינצן צוויי טויזנט. 79 ווערן אריינגעוואָרפן אין געפענגעניש אויפן גאַנצן לעבן און 17 באַקומען פאַרשידענע שווערע שטראָפן.

פון אלע אומדערטרעגלעכע צרות, אונטערדריקונגען, פארפאלגונגען, יאגענישן, טרייבענישן, הריגות און שחיטות וואס דאס אידישע פאלק איז אויסגעשטאנען און שטייט נאך טיילווייז אויך איצט אויס, זיינען זיי אלע, אין פארגלייך מיט דער אינקוויזיציע, ווי א שטאך מיט א נאדל אין האנט קעגן א שטאך מיט א מעסער אין הארצן.

ר׳ שמואל אושקי, איינער פון אירע קרבנות, האט וועגן דער זעלבער זיך אויסגעדריקט, ווי עס ווערט באשריבן אין „עמק הארזים״ פון א. ש. פרידבערג — מיט די דאזיקע ווערטער: „פון רוים איז דער שרעקלעכער געשפענסט געקומען. איר אויסזעען האט געווארפן א שרעק אויף די מעכטיקסטע צווישן דער בעסטער מענטשהייט. איר הארץ איז פון שטיין, אירע ביינער פון אייזן, איר פלייש — קופער, אירע אדערן — שארפע שווערדן. טויזנטער פליגל פארמאגט זי, יעדער פליגל איז מיט גיפט גע־שמירט. אירע ציין זיינען שארפער פון די ציינער פון ווילדע וועלף. פון איר האלדז גיסט זיך טייכן פייער, ווי א אדלער פליט זי צו אירע קרבנות. איר געשריי פארגליווערט דאס בלוט, איר בליק פארפינסטערט די זון, פארוועלקט אלע געוויקסן. דער געשפענסט איז ניט קיין אנדערער ווי נאר די אינקוויזיציע, וועלכע פליענדיק פון רוים, האט זי זיך אפגעשטעלט אין שפאניע״.

דער קעניג פערדינאנד און די קעניגין איזאבעלא, וועלכע האבן צו־זאמען געלאזט פילן זייער אכזריות׳דיקע מאכט אויף קאסטיליע און אראגאן, זיינען געווען די גרינדער פון דער אינקוויזיציע צוזאמען מיטן פויפסט סעקסטוס דער פיערטער, דער נידערטרעכטיקסטער פון אלע פויפסטן, וועלכע זיינען געזעסן אויף פעטער׳ס שטול. דער דאזיקער פויפסט האט זיך ניט אפגעשטעלט פאר קיין שווידערלעכן פארברעכן, רויב, מארד און גוואלדטאט. ער האט געגעבן זיין ברכה צו דעם מיזעראבלישן קעניגלעכן־פאר, צו פערדינאנד און איזאבעלא, די געטרייע קינדער פון דער מאמען מיטן זון, וועלכע האבן געשארפט זייערע וועלפישע ציין אויפן פארמעגן פון די מאראנען. אינם נאמען פון דער מאמען מיטן זון האבן זיי געערופן די דאמיניקאנישע מאנאכן, די פעסטע זיילן פון דער קאטוילי־שער אמונה, אט די ווילדע אסקעטן, וואס האבן ניט געוואוסט פון קיין פאמיליע לעבן, און ניט פארמאגט אין זייערע הערצער א פונק פון ליבע און רחמנות; אט די משחיתים זיינען ווי רויב־פויגל געקומען אויפן רוף

פון דעם קעניג און קעניגין, צוזאמען מיט זייער הייליקן הויפּט-מערדער טאמאס טארקוועמאדא, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אלס אויבער-ריכטער איבער אלע אינקוויזיטאָרס. טארקוועמאדא׳ן איז געגעבן געוואָרן אַ פרייע האַנט צו טון ווי אים געפעלט, ניט אין אכט צו נעמען קיין גע-זעץ, קיין געהויע אויספאָרשונג, קיין פאַרטיידיקער, קיינע עדות לטובת די באַשולדיקטע. אויף אזא אופן האָבן זיי אַלע זיך געבאָדן מיט גרויס תענוג אין דער בלוט-באַד וואָס איז דורך זיי צוגעגרייט געוואָרן.

דער אויפשריפט וואָס דאנטע האָט געזעען אויף דעם טויער פונם גיהנום: „דאָ האָט זיך אויסגעלאזט יעדע האפנונג”, דער זעלבער אויפ-שריפט האָט זיך באַשטעטיקט אויפן טויער פון דער אינקוויזיציע, ווייל אַלע וועלכע האָבן געהאַט דאָס אומגליק ארייננצופאַלן אהין, האָבן זיך שוין צוריק ניט אומגעקערט. אַ שניידיקער גיפטיקער ווינט, אַ געשטאַנק פון פוילעניש, אַ געדרוך פון געבראָטן מענטשן-פלייש האָט די אינקוויזי-ציע-געפענקעניש פון זיך ארויסגעגעבן.

אויף די ווענט פון דעם ארייננגאַנג צום פינסטערן קעלער-געפענקע-ניש, האָבן די פרומע מערדער אויפגעצייכנט די אויפשריפטן פון תהלים: „דיינע פיינט — גאָט — זיינען מיינע פיינט”; „שטיי אויף, גאָט, רעכן זיך מיט די וואָס קריגן אויף דיר”; „פארהאלט די פיקסן וועלכע פאַר-דאַרבן דעם וויינגאָרטן”, און נאָך אַנדערע.

מיט אַ שמייכל אויף די גיפטיקע ליפּן, מיט אַ גלאַט שאַרף צינגעלע, האָבן די דאמיניקאנער פאַרלאַנגט פון די מאראנען, אויף וועלכע ס׳איז געפאַלן א חשד אַז זיי זיינען געהיימע אידן, זיי זאָלן קומען פאַר זיי זיך מתודה זיין, וועט די ודוי אָפּווישן זייער באַגאַנגענע זינד. פאַר דעם איז זיי ארויסגעגעבן געוואָרן אַ געוויסע צייט, און אויב זיי וועלן פאַרשפּע-טיקן, וועלן זיי פאַרברענט ווערן. די לייכט-גלויביקע האָבן אויסגעפאָלגט און געקומען צו דער צייט, און זיך מודה געווען אויף אַלע זייערע פאַר-ברעכנס. די מערדער האָבן אָבער נאָך אַ פּונקט געשטעלט, זיי זאָלן אַרויס-געבן די נעמען פון אנדערע געהיימע אידן, דעמאָלט וועט מען זיי ערשט מוחל זיין. און אַזוי זיינען זיי געצוואונגען געוואָרן צו פאַר׳מסר׳ן זייערע אייגענע קרובים, איבער וועלכע די געטרייע שופטים האָבן אויסגעפירט דעם משפט פון שרעקלעכע ענויים.

דריי הונדערט יאָר האָט זיך געצויגן דער שרעקלעכער אינקוויזיציע-

פאלטער, ביז אין דער צייט ווען נאפאלעאָן האָט דעראָבערט שפאניע און אָפגעשאַפט עפנטלעך די אינקוויזיציע.

כדי צו דערקענען די געהיימע אידן, האָט מען די אינקוויזיציע־אַגענטן איבערגעגעבן זיבן און דרייסיק סמנים:

1) יעדן איינציקן, אין וועמעס ווערטער עס וועט זיך מערקן אַז ער דענקט אַז דער דערלייזער דאַרף ערשט קומען; 2) אויב ער היט זיך ניט צו טון קיין שום אַרבעט אום שבת; 3) אויב ער וועט לאָזן מל זיין זיינע קינדער; 4) אויב ער האָט אָנגעטון אַן אנדער מלבוש אינם טאָג פון שבת; 5) אויב דער טיש איז אים שבת פאַרשפרייט געוואָרן מיט אַ ווייס טיש־טוך; 6) אויב ער האלט זיך אָפּ פון אָנצינדן פייער אום שבת; 7) אויב ער האָט איבערגעבעטן זיין חבר ערב יום כפור; 8) אויב ער האָט גע־בענטשט זיינע קינדער ניט מאַכנדיק אויף זיי דעם צלם־צייכן; 9) אויב ער היט זיך צו עסן די מאכלים וואָס זיינען פאַרבאָטן אידן; 10) אויב ער וועט זיך אומקערן מיטן פנים צו דער וואנט ביי זיין בעטן צו גאָט; 11) אויב ער וועט זיך שאָקלען ביים בעטן גאָט; 12) אויב ער וועט ביי אַ תפלה באַוועגן דעם קאָפּ אויף רעכטס און לינקס; 13) אויב ער וועט אָפּהאַלטן אַ תפלה אויף אַ כוס; 14) אויב ער וועט פון זיין בעכער וויין געבן צו פאַרזוכן זיין פרוי און זיינע קינדער; 15) אויב נאָכן אָפּזאָגן תהלים וועט ער ניט זאָגן: אינם נאָמען פון גאָט, זון און הייליקער גייסט; 16) אויב ער וועט עסן פלייש אין די קריסטלעכע פאסט־טעג; 17) אויב אַ געווי־נערן, וועלכע וועט ניט קומען נאָכן פערציקסטן טאָג פון איר געווינען אין קלויסטער אַריין; 18) אויב ס׳איז צוגעזעצט געוואָרן אַ אידישער נאָמען צו א ערשט געבוירן קינד; 19) אויב די פרוי האָט געזאַלצן פלייש פאַרן קאָכן; 20) אויב זי האָט אָנגעצונדן ליכט ערב שבת; 21) אויב זי האָט פאַר דעם באַקן גענומען חלה פונם טייג; 22) אויב זי האָט זיך גע־טובל׳ט אין וואסער, נאָך דער באַשטימטער צייט פון איר געבוירן אַ קינד; 23) אויב אין יום טוב סכות וועלן זיי זיך שיקן מתנות איינער דעם צווייטן; 24) אויב זי האָט געבאָדן דאָס קינד אין וואַסער אין וועלכעם ס׳איז פריער אַריינגעלייגט געוואָרן אַ גאָלדענע מטבע, אָדער תבואה־קערנדלעך פאַר אַ סימן ברכה; 25) אויב איינער האָט געמאַכט א סעודה פאַר זיינע פריינט איידער ער איז אָפּגעפאָרן; 26) אויב ער האָט געבאַקן מצות פאַר פסח; 27) אויב ער האָט געטרונקען וויין אין די ערשטע צוויי

געכט פון פסח; 28) אויב ער האָט געגעסן מצות אום פסח; 29) אויב מען וועט געפונען ביי אים אין הויז א שופר, אַ מזוזה, אָדער תפלין; 30) אויב ער האָט געגעסן פלייש אום פרייטיק; 31) אויב ער האָט געטון אַ מלאכה אום זונטיק; 32) אויב ער וועט ניט גיין אין קלויסטער אום זונטיק; 33) אויב פאַר דער גסיסה וועט ער זיך אומקערן מיטן פנים צו דער וואַנט; 34) אויב ס'וועט אויסגעגאָסן ווערן דאָס וואַסער אין דעם הויף אין וועלכן איינער איז געשטאָרבן; 35) אויב מען האָט געפונען א אתרוג אָדער אַ לולב ביי אים אין שטוב, אין יום טוב סכות; 36) אויב מען האָט אים געזען לייענען אין תורת משה אָדער אין די נביאים; 37) אויב ער האָט זיך געוואַשן פאַרן עסן.

אָט די אלע אויסגערעכנטע סמנים ווייזן אָן דייטלעך אַז דער מאראַן איז — ווען ער פאָלגט אוים וועלכן ס'איז פון זיי — אַ געהיימער איד, און מען דאַרף אים איבערגעבן דער הייליקער אינקוויזיציע זי זאָל אים משפט'ן ווי א פארברעכער קעגן גאָט מיט זיין זון.

אין יאָר ה. רמ"ה—1485 האָט דער הויפּט־מערדער טאַרקוועמאַדאַ צונויפגערופן אַ צוזאַמענפאָר פון זיינע פיערצן מערדער־געהילפן אין דער שטאָט סעווילִיא און פאַר זיי געשאַפן א אינקוויזיטאָרישע קאָנסטיטוציע. נאָר אַזאַ טייפל ווי טאַרקוועמאדא האָט געקענט שאַפן אַזעלכע געזעצן. מיר האָבן נאָר אנגעוויזן אויף די ראשי פרקים פון דער חתונת הדמים. די מערדערייען וואָס זיינען פאָרגעקומען אינם משך פון אַריבער דריי הונדערט יאָר, מערדערייען וואָס נאָר טייפלען אין מענטשן־געשטאַלט האָבן געקענט צוטראַכטן, זיינען מיט בלוט פאַרשריבן אין דער אידישער מאַרטירער־געשיכטע. מיר וועלן נאָר פאַרצייכענען דעם טייפלישן מחילת עון פאַר די בעלי תשובה, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק אַרויסצוקומען לעבעדיקע פון די מערדערס הענט.

די בעלי תשובה האָט מען דעמאָנסטראַטיוו געפירט אין קליידער וואָס זיינען ספּעציעל פאַר זיי באַשטימט געוואָרן, איבער אלע גאַסן מיט די הייליקע פאָנען און צלמים. פון דעם טאָג אָן און וויטער, זיינען זיי, צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער געוואָרן אָפּגעזונדערטע פון דער געזעלשאַפט, ניט געהאַט דאָס רעכט צו טראָגן טייערע קליידער און צירונג, נאָר דעם מאנטל וואָס האָט זיך גערופן „סאַמבעניטא" וועלכער איז

געהאנגען אויף זיי ווי א זאַק און אויף אים א צלם אַלס צייכן צו אייבי־קער שאנדע.

די ערשטע דעמאָנסטראציע איז פאָרגעקומען אינם יאָר ה. רמ״א— 1481, אין וועלכער ס׳האָבן זיך געפונען זיבן הונדערט מיט פופציק בעלי תשובות, מענער און פרויען. אַלע זיינען געגאַנגען באָרפוס, ווען אויך ס׳איז דאַן געווען אַ שרעקלעכע קעלט. אין די הענט האָבן זיי געטראָגן פאַרלאָשענע ליכט. די דורכגייענדע מאַסע האָט אויף זיי געוואָרפן בייזע צאָרנדיקע בליקן. די בעלי תשובות האָבן געמוזט זיפצן און קרעכצן, און זיך רייסן ביי די האָר. צוקומענדיק צו דער קירכע, זיינען פון דאָרט אַרויס צוויי גלחים, וועלכע האָבן יעדן איינעם פון די דעמאנסטראנטן איבערגע־צלמ׳ט, זאָגנדיק דערביי: „דאָס איז דער געטלעכער צייכן וועלכן דו האָסט פאַרמיאוס׳ט״. נאָכדעם האָט מען פאַר זיי פאָרגעלייענט די רשימה פון אַלע זייערע שרעקלעכע חטאים קעגן גאָט, זון און הייליקער גייסט. די אַרויסגעגעבענע תשובה איז געווען פאָלגענדע: אין א משך פון זעקס וואָכן, פאַסטן אַלע פרייטיק, און אין דעם טאָג גיין דעמאָנסטראַטיוו אי־בער אלע גאַסן, אנגעטון מיט שענדלעכע קליידער, שטיין אין קלויסטער מיט אָנגעצויגענע לעדערנע רימענעס אויף נאַקעטע אקסלען...

די היסטאָריע — צו אונזער טרייסט — האָט אבער ניט פאַרשוויגן, שפּאַניע איז אויף אזוי פיל געפאַלן, אַז זי האָט מודה געווען, אַז דאָס איז א עונש, פאַר אירע מעשים טובים. און איצט וויל זי מתקן זיין דאָס וואָס זי האָט צוריק מיט יאָרן אויף אַזאַ שענדלעכן און מערדערישן אופן אָפּ־געטון...

מיר וועלן זיך אפּשטעלן אויף נאָך א מאָראַלישע באַליידיקונג, וועלכע איז אויסגעאיבט געוואָרן אויף די אידן אין יענער פינסטערער צייט, און דאָס איז די שבועה מיט וועלכער אידן זיינען פאַרשוואוירן געוואָרן פון די קאַטוילישע יעזואיטישע שופטים, ביי אַ פּראָצעס פון אַ איד מיט אַ קריסט. אין דער צייט וואָס דער קריסט האָט געשוואוירן ביים נאָמען פון איינע פון די קדושים, אָדער אַפילו ביים כבוד פון זיין טויף־פאָטער, איז דער איד — אפילו אין א מינדערוויכטיקע תביעה — מיט דער פאָל־גענדער בזיונדיקער שבועה באַשוואוירן געוואָרן:

ריכטער: — איד! ווי רופט מען דיך?

דער איד גיט אים אָן דעם נאָמען.

ריכטער: — וועסטו שווערן צו דעם קריסט, אַז אויף אַלע זיינע פראַגן וועסטו זאָגן דעם אמת?

איד: — איך וועל אַזוי שווערן.

ריכטער: — וועסטו שווערן אינם נאָמען פון גאָט, וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד, ימים און אפּגרונטן, דער באַשאַפער פון מלאכים, טראָנען און קעניגן, כרובים און שרפים און אַלע הערשאַפטן?

איד: — איך וועל שווערן אין זייער נאָמען.

ריכטער: — וועסטו שווערן אינם נאָמען פון גאָט וועלכער איז דערשינען צו משה אויפן באַרג סיני, אין פלאַמען פייער, און געזאָגט: „איך בין דיין גאָט, זאָלסט ניט האָבן קיין אנדערע געטער; אינם נאָמען פון שבת, אין וועלכן אידן רוען צום אנדענק פון דער צייט וואָס אידן זיינען באַפרייט געוואָרן פון מצרים; אינם נאָמען פון דער גרויסער מאַכט, וועלכע האָט זיי געפירט אין דער מדבר; אינם נאָמען פונם הייליקן משכן וואָס משה האָט אויפגעשטעלט פון גאָטס נאָמענס וועגן; אינם נאָמען פונם שטיינער־מזבח וואָס יעקב האָט אויפגעשטעלט; אינם נאָמען פון בית אל, און די וואונדער וואָס יעקב האָט דאָרט געזען?

איד: — איך שווער אין אַלעם.

ריכטער: — וועסטו שווערן אינם נאָמען פון די קרבנות און די עולות, וואָס אהרן מיט זיינע קינדער האָבן מקריב געווען אין אהל מועד; אין ארון קדש וואָס איז דאָרט געשטאַנען, אין משה׳ס שטעקן, אין די שטיינערנע לוחות, אויף וועלכע ס׳איז אנגעשריבן די עשרת הדברות, אין די חמשה חומשי תורה, אין די געזעצן וואָס גאָט האָט אייך געבאָטן צו היטן און אויספאָלגן, און וואָס זיינען: זאָלסט ניט מאַכן פאַר דיר קיין געשניצט בילד, און קיין געשטאַלט; זאָלסט ליב האָבן גאָט מיט דיין גאַנצן האַרצן, מיט דיין פאַרמעגן; זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי דיך אַליין; זאָלסט געדענקען דעם טאָג שבת; זאָלסט רעספּעקטירן דיין פאָטער, און דיין מוטער, זאָלסט ניט מאָרדן, זאָלסט ניט פאַלש עדות זאָגן; זאָלסט ניט אויסשפּרעכן גאָט׳ס נאָמען צו פאַלש; זאָלסט ניט גנב׳ענען; זאָלסט ניט מנאף זיין; זאָלסט ניט גלוסטן דיין חבר׳ס פרוי און אַלעם וואָס געהערט צו דיין חבר — זאָג, וועסטו שווערן?

איד: — איך שווער דערויף.

ריכטער: — וועסטו שווערן אינם נאָמען פון גאָט וואָס רופט זיך: צבאות, וועלכער האָט באַשאַפן טאָג און נאַכט, זון, לבנה און שטערן; וועלכער האָט באַשאַפן אַלעס אין זעקס טעג און אין זיבעטן האָט ער גע־רוט; וועלכער האָט באשאפן אדם מיט חוה; וועלכער האָט גערעטעט נח׳ן מיט זיינע קינדער פונם מבול; וועלכער האָט באַשאַפן דעם ים און באַפוילן ער זאָל ניט אַרויסגיין פון זיינע ברעגעס. איד, זאָג, וועסטו שווערן?

איד: — איך שווער.

ריכטער: — וועסטו שווערן אינם נאָמען פון די נביאים, וועלכע האָבן נביאות געזאָגט אויפן קומען פונם אדון ד׳... שמואל, ישעיה, ירמיה, יחזקאל, דניאל, הושע, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, חבקוק, צפניה, חגי, זכריה, משה, יהושע, אהרן, דוד און אַלע אַנדערע נביאים... אינם נאָמען פון די דריי אבות אברהם, יצחק און יעקב, וועלכע האָבן מבשר געווען דאָס אָנקומען פון משיח... אין ירושלים, די הייליקע שטאָט, און אין דעם געבעט-הויז, אין וועלכן די אידן האָבן אָפּגעהאַלטן זייער געבעט, און אינם קאָפּ פון דיין רבי׳ן...?

איד: — יאָ, איך שווער ביי אַלעס.

ריכטער: — אויף דעם אופן באַשווער איך דיך, איד, אויפן סמך פון די אַלע אויף וועלכע די האסט געשוואוירן אַז דו וועסט זאָגן דעם אמת, און דו וועסט ניט פאַרשוועכן דעם נאָמען פון דעם הייליקן גאָט אלהים, אדני, צבאות, און ווען דו וועסט דאָך לייקענען, זאָל דיך טרעפן זיין צאָרן, הונגער און דורשט, שרעק, פיינטשאַפט און טרויער, זאָג: אמן.

איד: — אמן.

דער ריכטער: — וועסטו אָבער לייקענען און פעלשן אינם אמת, זאָלן דיר אַרויספאַלן די האָר פונם קאָפּ, פון דער באָרד, פון די ברעמען און פון די אויגן. דאָס ליכט פון דיינע אויגן זאָל טונקל ווערן. גאָט זאָל דיך פאַרוואַרפן אין אַזאַ לאַנד וואָס דיינע עלטערן האָבן פון דעם ניט געוואוסט, צווישן מענטשן וואס זיינען דיר פרעמד. גאָט זאָל דיך דערשלאָגן מיט מיאוסע קרענק, מיט שחין און פאַרפוילטקייט; אַ עפּידעמיע זאָל דיך טרעפן, דיין געזיכט זאָל ניט האָבן קיין מענטשלעכעס אויסזעען, זאָלסט ווערן טויב און בלינד. זאָג: אמן.

איד: — אמן.

ריכטער: — וועסטו זאָגן ליגן, איז אויב דו וועסט פלאַנצן אַ וויינ־

גאָרטן, זאָלסטו אים ניט באַנייען, און אַלעס וואָס דו פאַרמאָגסט זאָלן ירשה'נען פרעמדע. דיינע קינדער און קינדס־קינדער זאָלן געפאַנגען ווערן. זאָלסט ניט האָבן קיין חלק אין די ברכות וואָס גאָט האָט געבענטשט אויפן באַרג גריזים (?), און ס'זאָלן קומען אויף דיר אַלע קללות וואָס גאָט האָט גערעדט אויפן באַרג עיבל... זאָג: אמן.

איד: — אמן.

ריכטער: — אויב דו וועסט לייקענען און שווערן פאַלש, זאָלסטו פאַרשאָלטן ווערן אין דיינע הייזער, אין דיינע שטעט, אין דיינע פעלדער, און אין אַלע ערטער וואו דו וועסט זיין און דו וועסט קומען. דו וועסט זיך פאַרקנס'ן פאַר אַ פרוי, און פאַר אַ צווייטן זאָל זי פאַרבלייבן; פאַרשאָלטן זאָל ווערן די פרוכט פון דיין ערד, און פון דיין בויך; אַ שטוב וועסטו בויען, זאָלסטו אין איר ניט וואוינען. פיל זאמען זאָלסטו אַרויספירן אויף דיין פעלד, און ווייניק זאָלסטו צונויפזאַמלען: דער היישעריק און די רויב־פויגלען זאָלן זיי אויפפרעסן; גאָט זאָל דיר געבן אַ שרעקעדיק האַרץ און אַ טרויעריקע נשמה. דיינע עלטערן וועלכע האָבן דיך ליב געהאַט, זאָלן דיך פיינט האָבן, דיין נאָמען זאָל זיין צו אַ קללה אין יעדנס מויל; דער טויט זאָל דיך פלוצים טרעפן, און זאָלסט צו קבורה ניט קומען, דיין פלייש זאָל זיין אַ שפייז פאַר די הינט און די פויגלען. אויף דיינע אויגן זאָלסטו ניט זען, מיט דיינע אויערן זאָלסטו ניט הערן. און דער גאָט וואָס לייקנט ניט און פעלשט ניט, זאָל דיך פאַרטיליקן צוזאַמען מיט דיין הויז־געזונט, זיין צאָרן זאָל דיך אייביק טרעפן. זאָג: אמן.

איד: — אמן.

ריכטער: — אויב דו וועסט לייקענען און שווערן פאַלש, זאָלן דיינע הענט פאַראַליזירט ווערן, מיאוסע קרענק זאָלן פאַרצערן דיינע ביינער, ווערעם זאָלן אויף דיר קומען און דיך פרעסן, און דיינע קינדער וועלכע דו האָסט און וועסט האָבן, זאָלן זיין בלינדע, טויבע, און הינקענדיקע, צו שפאָט און שאַנד פאַר יעדן, און קרעציקע זאָלן זיי שטאַרבן. איד, זאָג: אמן.

איד: — אמן.

ריכטער: — דער גאָט ביי וועלכן דו האָסט געשוואוירן אַז דו וועסט ניט לייקענען, זאָל דיך פון דער וועלט אומברענגען אויב דו וועסט יאָ לייקענען; עס זאָל דיר ניט ביישטיין ניט דער זכות פון אהרן'ס הויז, ניט דער זכות פון דער תורה, פון שבת, און ברית מילה, גאָטס צאָרן זאָל

רויכערן איבער דיר צו פאַרלענדן דיך, אַזוי ווי ער האָט געטון צו דיינע עלטערן וועלכע האָבן געמאַכט דעם עגל ביים באַרג חורב. די ערד זאָל דיך איינשלינגען, אַזוי ווי זי האָט איינגעשלונגען קורח׳ן, דתן און אבירם, און די מענטשן פון סדום. מיט דיינע הענט זאָלסטו ניט טאַפּן, דיינע ביינער זאָלן צעשמעטערט ווערן, א אייביקע פאַרניכטונג זאָל קומען אויף דיר און אויף דיין פאַמיליע, קיין איינציקער זאָל ניט איבערבלייבן. זאָלסט ניט גלויבן אין דיין לעבן, דיין גלויבן זאָל פאַרלוירן גייען, זאָלסט דינען צו האָלץ און צו שטיין. זאָלסט זיין צו פאַרבאַנונג, און זאָלסט מיט שטיי־נער פאַרשטיינט ווערן. זאָג: אמן.

איד: — אמן.

ריכטער: — אויב דו וועסט לייקענען און פאַלש שווערן, זאָלסטו אין הונגער אויפעסן דאָס פלייש פון דיינע קינדער, געבראָטן אָדער געקאָכט... און אלעם וואָס עס וועט אין דיר אַריינקומען זאָל פאַרקערט ווערן אויף גיפט. עס זאָל געשוואָלן ווערן דיין בויך. אדני, אלהים, צבאות, אלפא, אכבוזה און סארמוט, (?) וועלכער האָט ליב צדקה און רעכט, זאָל דיך פאַרדאַרבן. יום כפור וואָס קומט אויף צו פאַרגעבן, זאָל דיר ניט פאַרגעבן. דיין נפש זאָל ברענען ביי טאָג און ביי נאַכט. זאָג: אמן.

איד: — אמן.

ריכטער: — דו, איד! דו האָסט איצט געשוואוירן אינם נאָמען פונם מלך המשיח, און דעם יום הגאולה אויף וועלכן איר וואַרט, פאַרשאָלטן זאָלסטו ווערן פון דעם גאָט, דער שטאַרקער און דער פאָרכטיקער. פאַר־שאָלטן זאָלסטו ווערן פון אלהים, שדי, דרמטי, טרטרי (?), פאַרשאָלטן זאָלסטו ווערן פון די מלאכים: מיכאל, רפאל, אוריאל, גבריאל, ברכיאל, שרפיאל, אניאל. פאַרשאָלטן זאָלסטו ווערן פון דעם גאָט וואָס געוועל־טיקט איבער די אונטערשטע, און אין דער טיפעניש פונם גרוב, אויב דו וועסט שווערן אויף פאַלש. דער גאָט וואָס האָט גערעדט מיט זיין הייליי־קייט: די הימלען זיינען מיין שטול, און די ערד מיין פוס־בייינקעלע, ער זאָל דיך דערשלאָגן. דער מלאך וואָס האָט אנגערירט יעקב׳ס דיך, ווען ער האָט זיך מיט אים געראַנגלט, און האָט אים געזאָגט ער זאָל הייסן ישראל, דער מלאך זאָל אויך דיין דיך אָנרירן, ס׳זאָלן דיך טרעפן די איי־גענע צרות וואָס האָבן געטראָפן דיין פאָלק, אין דער צייט ווען זיי זיינען געפירט געוואָרן אויף א שיף פון טיטוס און וועספּאַסיאַנוס. זאָג, איד, אמן.

איד: — אמן.

עס גרוילט דאָס לייב ווען מען גיט אַ טראַכט, ווי וויט די שנאה צום אידן איז צו יענער צייט געווען, צו וועלן דערנידעריקן דעם זעלבן מיט אַזאַ אידיאטישער און זינלאָזער שבועה, מיט אויסדריקע פון געמיינסטע און נידעריקסטע ברואים. אַזעלכע זיינען געווען די שופטים, די יוריספרודענץ געלערנטע...

**ה. ר"נ — 1490** — אידן ווערן אויסגעוויזן פון אולם און געגנט צוליב א בלבול פון די קריסטלעכע בירגער.

**ה. רנ"ב — 1492** — אידן ווערן אויסגעוויזן פון דער שטאָט גאַלאַץ דורך די בירגער. — די שפּאַנישע אידן שפּענדן פיל געלט אויף צו דעקן די הוצאות פון דער מלחמה מיט די פאַרבליבענע אראַבער אין גראַנאַדאַ, פאַר דער פאַרזיכערונג, אז די רעגירונג וועט זיי נעמען אונטער איר שוץ. — א אומגעריכטער דעקרעט פון פערדינאַנד, אז אלע אידן זאָלן זיך טויפן, אין קעגנפאַל, וועלן זיי אויסגעוויזן ווערן פונם לאַנד.

**ה. רנ"ב — 1492** — „גלות שפּאַניע". — דער גרויסער געלערנטער, דאָן יצחק אברבנאל, וועלכער איז, נאָכן טויט פון אלפאָנסאָ דער פינפטער, ארונטער געזעצט געוואָרן פון זיין אמט אלס פינאַנץ מיניסטער אין דער רעגירונג פון פאָרטוגאַל, איז אנטלאָפן קיין קאַסטיליע. ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד פונם קעניג און קעניגין, וועלכע האָבן אנערקענט זיין אויפריכטיקייט. ער איז געפאַלן צו די פיס פונם קעניג, בעטנדיק פאַר זיין פאָלק, און זיינע ווערטער וואָלטן פיליכט געהאַט א ווירקונג, ווען דער אויבער אינקוויזיטאָר, טאַרקוועמאַדאַ, זאָל ניט געווען פאַרקומען פאַרן קעניג און קעניגין, מיטן קרייץ אין דער האַנט, אויסשרייענדיק מיט שוים אויף די ליפּן: „יודאַ האָט פאַרקויפט דעם דערלייזער פאַר דרייסיק שקלים און איר ווילט אים יעצט פאַרקויפן פאַר א גרעסערע סומע". און די באַשטימונג ארויסצוטרייבן די אידן איז צושטאַנד געקומען. ביי זעקס הונדערט טויזנט אידן זיינען מיט שאַנדע אויסגעוויזן געוואָרן, און מיט יאָמער און געוויין האָבן זיי זיך געלאָזט נאָך פאָרטוגאַל, טערקיי, אפריקא, פראַנקרייך און איטאַליע. פיל צרות זיינען זיי אויסגעשטאַנען אויפן וועג, פון יעדן פאַרפאָלגט, געיאָגט, געשימפּפט, און אין פּנים געשפּיגן...

**ה. רנ"ג — 1493** — יאָהאַן דער צווייטער, קעניג פון פאָרטוגאַל, נעמט אויף דריי און אכציק טויזנט אידן אין זיין לאַנד אויף א משך פון אכט יאָר, און ווען נאָך דעם דאַטום וועלן זיי נישט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וועט ער זיי אויף אייביק פאַרשקלאַפן. — ר' יהודה חיות, א רב און גרויסער געלערנטער, ווערט באַשטימט אלס איינער פון די געזאַנדטע, וועלכע זיינען אויפן באַפעל פון יאָהאַן דער צווייטער געשיקט געוואָרן צו אנטדעקן נייע לענדער. מיט אים צוזאַמען געפונען זיך מערערע אידן.—

דאן יצחק אברבנאל, וועלכער איז מיט זיין גוטן ווילן געגאנגען אין גלות אריין מיט אלע זיינע אומגליקלעכע ברידער, טראץ די דערלויבעניש פון פערדינאנדן צו פארבלייבן אין לאנד, האט זיך באַזעצט מיט זיין פאמיליע אין קעניגס־הויף אין נעאפאל וואוהין ער איז געקומען צוזאמען מיט מער פליכטלינגע פון קארטאגענא. — אידן ווערן אויסגעוויזן פון דער שטאט מאגדעבורג.— אין מעקלענבורג ווערן פיל אידן פארברענט און פיל ארויסגעטריבן.—די אידן פון פארטוגאל, וועמען ס'איז באשטימט געווארן אכט יאר צייט צו פארבלייבן דארט, לאזן וויסן דער רעגירונג, נאָך דער באשטימטער צייט, אז זיי פארלאָזן דאס לאנד.

**ה. רנ"ד** 1494 — דאָן יצחק אברבנאל באגלייט דעם קעניג אלפאנסא, דער זון פון פערדינאנד, וועלכער איז פארפאלגט געווארן פון די פראנצויזן, ביז מעסינא.— א קליינע צאָל אידן פאַרבלייבט אין פאָרטוגאל; נעמען אָן דאָס קריסטלעכע גלויבן, א טייל מיטן גוטן ווילן און א טייל נאָר לפנים. אייניקע פארבלייבן אין אידישן גלויבן און ווערן אויף אייביק פארשקלאפט צו דער רעגירונג.

**ה. רנ"ה** — 1495 — עמאנועל, קעניג פון פארטוגאל, נאכן טויט פון יאהאן דער צווייטער, באפרייט די אידן פון שקלאפענטום און דערלויבט זיי צו פארבלייבן אין לאנד אויף דעם אייגענעם אכט־יאריקן משך, און אויב זיי וועלן זיך נאָך דער דאזיקער צייט ניט טויפן, מוזן זיי פארלאזן דאס לאנד. פיל נעמען אָן דעם שמד־תנאי און פיל פארלאָזן דאס לאנד.— די ארויסגעטריבענע אידן פון די פירענעאישע אינדזלען אָרגאניזירן זיך אין יעדער שטאט וואו זיי באזעצן זיך, אין קהלות אונטער דעם נאָמען „עדת הספרדים" מיט גאנץ פארשידענע מנהגים ווי די פון די אשכנזים.— אַ דעקרעט פון דעם קעניג פון פארטוגאל צו די אויסוואנדערענדע אידן צו לאָזן זיך אין וועג קיין ליסאבאן דורכן ים. קומענדיק אהין, באשטימט דער קעניג עמאנועל צונעמען ביי זיי זייערע פערצן יעריקע קינדער און פארטיילן זיי צווישן קריסטן, וועלכע פאָרן אָפּ אין די נייע אנטדעקטע לענדער. די גזרה האָט אריינגעבראכט אידן אין דער גרעסטער פארצווייפלונג. פיל טויטן מיט אייגענע הענט זייערע קינדער, פיל שמדן זיך, און די וואס האלטן זיך אין אידישן גלויבן, פארבלייבן, ווי פריער, שקלאפן צו דער רעגירונג און ווערן פארשיקט קיין אָסט־אינדיע.— דאָן יצחק אברבנאל, צוריקקערנדיק זיך פון מעסינא, פירט איבער זיין וואוינונג קיין קארפע, און פון דארט קיין מאנאפאליס, וואו ער האָט פארפאסט זיינע בארימטע ספרים.

**ה. רנ"ו** — 1496 — א גזרה אויף די אידן אין ווענעדיג צו טראגן רויטע היטלען. — אידן ווערן אויסגעוויזן פון דער שטאט אפען, אין אונגארן.

**ה. רנ"ח** — 1498 — אידן ווערן אויסגעוויזן פון דער שטאט זאלצבורג. די קריסטלעכע בירגער פון נירענבערג, גיבן איבער דעם קעניג מאקסימיליאן א קאסטבארע מתנה געמאכט פון דעם געלט וואס זיי האבן אפגערויבט ביי אידן; מיט דער מתנה שטעלן זיי אויך צו א ביטע ארויסצוטרייבן די אידן פונם לאנד. דער קעניג שטימט איין און אידן

ווערן ארויסגעטריבן.— פיל אידן פון די שפּאנישע פליכטלינגע באזעצן זיך אין טערקיי און געניסן פון אויפריכטיקע געזעצן.— די דערשיינונג פון א פאַלשן משיח אונטערן נאָמען ר' אשר (דוד) לעמליין פון עסטרייך.— צוליב א ברידער קריג, קומט א ענדע צו אַ אידישער ממשלה אינם געגנט קראנגאנאר, אויפן אינזל מאלאבאר, וועלכע האָט זיך געצויגן אינם משך פון טויזנט יאר.

**ה. רס"א** — 1501 — רויב און מאָרד אויף די אידן וואס וואוינען אין דער געטאָ פון קראקוי.— וולאדיסלאוו דער פערטער, קעניג פון פוילן, דערלויבט אידן צו וואוינען אין זיין לאנד, און דעקרעטירט, אז זיי דארפן ניט זיין ערב איינער פארן צווייטן.

**ה. רס"ב** — 1502 — דער קעניג מאקסימיליאן דערהויבט דעם אידן יוסף לאאנס (ראסהיים) אלס פארשטייער איבער אלע אידן אין דייטשלאנד.

**ה. רס"ו** — 1506 — שרעקלעכע הריגות אויף די מאראנען אין ליסאבאן.

אידן באשעפטיקן זיך מיט דרוק ארבעט. פיל אידן ווערן פארלעגער פון דרוק ארבעט אין קאנסטאנטינאפאל און סאלאניק.

**ה. רס"ח** — 1508 — דער טויט פון דאן יצחק אברבנאל אין דער עלטער פון איין און זיבציק יאָר. די צייט־גענאָסן זיינע, וועלכע האָבן ניט ווייניקער פון אים געליטן און גענומען אנטייל אין אלע זיינע צרות, זיינען געווען די גרעסטע מופלגים און גאונים: ר' יוסף יעבץ פון שפאניע, וועלכער האָט זיך באזעצט אין מאנטוא; ר' יהודה החיט; ר' יצחק בן ערמאה, דער מחבר פון „עקדת יצחק"; ר' יוסף קארו פון טאלעדא, וועלכער איז אנטלאָפן פון פארטוגאל קיין ארץ ישראל; דער מחבר פונם „בית יוסף" אויפן טור, און שלחן ערוך; ר' משה בן יצחק אלאשקר, וועלכער איז אנטלאָפן פון שפאניע קיין עגיפטן; ר' יעקב בן חביב, דער מחבר פונם „עין יעקב"; ר' אברהם זכותי, דער מחבר פונם „ספר היוחסין" און נאָך אנדערע גרויסע געלערנטע.

מיר ברענגען דאָ א כאראקטעריזירונג פון די דערמאנטע געלערנטע לויט היסטאָרישע דאָקומענטן:

רבנו יצחק בן יהודה דאָן אברבנאל, איז געבוירן געוואָרן אין ליסאַבאָן, די הויפּטשטאָט פון פּאָרטוגאַל, אינם יאָר ה. קצ"ז—1437. זיין פּאָטער איז געווען ר' יהודה בן דאָן שמואל אברבנאל, פון סעווילא, שפּאַניע. דאָן שמואל האָט אין דער צייט פון די שרעקלעכע רדיפות אויף אידן אין שפּאַניע, אָנגענומען לפנים דאָס קריסטלעכע גלויבן; אָבער באַלד נאָכדעם ווי דאָס לאַנד האָט זיך עטוואָס בארואיקט פון די רדיפות, האָט ער פאַרלאָזט שפּאַניע און זיך באַזעצט אין ליסאַבאָן וואו ער איז צוריק געוואָרן אַ איד. זיין זון יהודה איז — צוליב זיין הויכגעלערנטקייט און רייכקייט — געווען געאכטעט פון די גרעסטע אדעללייט. אויך דער קעניג

האָט אים זייער געשעצט. ר׳ יהודה האָט זיין זון יצחק דערצויגן אינם וועג פון תורה און חכמה. און גרויס איז געוואָרן דאָן יצחק, גרויס אין תורה, אין וויסנשאַפט און אויך אין חכמת הקבלה.

נאָך אַלס גאָר א יונגער מאַן, האָט ער שוין מחבר געווען ספרים. זיין ערשט בוך וואָס ער האָט געשריבן, איז געווען א טעאָלאָגישעס אונטער דעם נאָמען: „עטרת זקנים״. אין דעם דאָזיקן בוך דערווייזט ער ווי גרויס עס איז די געטלעכע השגחה אויפן אידישן פאָלק, וואָס ווערט פון איר אָפּגעהיט און באַשיצט און לאָזט עס ניט אונטערגיין טראָץ די אַלע שרעקלעכע רדיפות פון די אכזריות׳דיקע אייראָפּעאישע פעלקער. ווייל גאָט האָט געשוואוירן אַז אַזוי לאַנג הימל און ערד וועלן עקזיסטירן, וועט דאָס אידישע פאָלק אויך עקזיסטירן.

דאָס ספר האָט ער געשריבן ווען ער איז אינגאַנצן אַלט געווען צוואַנציק יאָר.

ער האָט אַבער געמוזט מאַכן א הפסקה אין זיין שרייבן אויף אַ לאַנגער צייט, ווייל ווערנדיק אַ הויך־געשטעלטער שטאַטסמאַן און דער גרעסטער עקספערט אין מלוכה אנגעלעגנהייטן, פאַר וועלכע ער האָט זיין גאַנצע צייט אָפּגעגעבן, איז אים אוממעגלעך געווען ווייטער אָנגיין מיט זיין ליטעראַרישע אַרבייט.

דאָן יצחק אברבנאל איז געווען זייער רייך. חוץ זיין פאָטערס ירושה, האָט ער דורך זיין פעאיקייט, חכמה און אויפריכטיקייט דערוואָרבן א גרויס פאַרמעגן. דאָן יצחק אברבנאל האָט געפירט אַ פירשלעך לעבן. ער האָט אויסגעבויט די שענסטע און רייכסטע פאַלאַצן, געהאַט פיל דינער, און זיין הויז איז געווען אָפן און פריי פאַר יעדן געבילדעטן און למדי תורה מיט וועלכער ער פלעגט זיך אונטערהאַלטן, ווען ער האָט נאָר געהאַט א פרייע צייט. אין זיינע ערשטע יוגנט יאָרן, האָבן אידן געלעבט א רואיק לעבן אין פּאָרטוגאַל, אונטער דער רעגירונג פון אַלפאָנסאָ דער פינפטער, וועלכער איז געווען פריינטלעך צו די אידן.

דער קעניג האָט אויך אַרויסגעוויזן גרויס סימפּאַטיע צו דאָן יצחק אברבנאל ווי עס איז צו זען פון דער פאָלגנדיקער געשעעניש, וואָס ווערט צוגעשריבן צום קעניג זעלבסט.

ביים קעניג אַלפאָנסאָ אין קאַבינעט איז געהאַנגען דאָס בילד פון דאָן יצחק אברבנאל. דערמיט האָט ער געשאַפן קנאה און שנאה צו אברבנאל

אין די הערצער פון אייניקע רעגירונגס באאמטע, גרויסע שונאי ישראל, וועלכע האָבן אויסגעווירקט ביי דער פרינצעסן, וועמען דער פאָטער האָט זייער ליב געהאט, זי זאָל פון אים פארשלאָגן אז ער זאָל דורכאויס דאָס בילד ארונטערנעמען. דער קעניג האָט צום אָנפאנג ניט געוואָלט נאָכקומען איר פארלאנג, נאָר אָבער ווען זי איז קראנק געוואָרן פאר פארדרוס, האָט ער דאָס בילד ארונטערגענומען. ווי נאָר די פרינצעסין איז געזונט געוואָרן, האָט דער קעניג צוריק אויפגעהאנגען דאָס בילד. כאָטש ס'איז נישט מער ווי א לעגענדע, דאָך באַווייזט עס אונז ווי גרוים אברבנאל איז געווען אין קעניגלעכן הויף. און ווי פיל דער קעניג האָט אים געאַכטעט.

דאָן יצחק אברבנאל איז צו יעדן אומגליקלעכן געווען ווי א געטרייער פאָטער, און זיין אומבאַשרענקטע מאַכט האָט ער אָנגעווענדעט צו רעטן יעדן איינעם פון זיין אומגליק. איבערהויפט איז זיין מיטלייד גרויס געווען צו זיינע ברידער פון פארטוגאל, ווי אויך צו די אידישע בירגער פון אנ־דערע לענדער.

גרוים איז געווען זיין מסירת נפש צו דער מצוה פון פדיון שבויים. פאַר אים איז ניט שווער געווען קיין שום פרייז — אויף אויסלייזן די אידן וואָס זיינען ארייננעפאַלן אין גויעשע הענט. וועגן דער פדיון שבויים אקציע קען אונז דינען דער בריוו וואָס ער האָט געשיקט צום גרויסן אי־דישן שטאַאַטסמאַן אין איטאַליע, ר' יחיאל, פון דער שטאָט פיזא, אין וועלכן ער באַשרייבט מיט די שווארצסטע פארבן דעם גורל פון די גע־פאַנגענע, און דריקט אוים זיין שמחה, אַז אים איז געלונגען צו אויסלייזן סיי אין אויסלאנד סיי אין אינלאנד ביז דריי הונדערט זיבעציק שבויים. דעם בריוו האָט דאָן יצחק אברבנאל איבערגעגעבן דעם וויסנשאַפטס־מאַן דאָקטאָר יאהאַן סעזערא ווען ער און נאָך אנדערע באַאמטע זיינען גע־פאָרן אין שליחות פון אלפאנסאָ דער פינפטער, צום פויפסט סיקסטוס דער פיערטער. אין דעם זעלבן בריוו האָט ער אויך געבעטן דעם אידישן שטאַאַטסמאַן אויפצונעמען די שלוחים מיטן גרעסטן כבוד, ווייל דער דאקטאר סעזערא איז פון אים אנגעבעטן געוואָרן צו זאָגן אַ גוט וואָרט אין וואטיקאן פאַר די אידן.

נאָך דעם אָפגעשיקטן בריוו האָט די הצלחה־זון געשיינט איבער זיין קאָפּ, פאַר דער גאנצער צייט וואָס ער האָט זיך געפונען אונטער דער שוץ פון זיין קעניג פריינט אלפאנסאָ.

אלפאָנסאָ איז געשטאָרבן, און זיין זון יאהאַן דער צווייטער, איז גע־וואָרן קעניג. דער זון איז געווען דער היפּך פונם פאָטער. שלעכט, פאַר־דאָרבן, ליסטיג ווי אַ שלאַנג, געלט־זיכטיק און גייציק. נאָך אַלס טראָנ־פאָלגער איז ער געווען פאַרהאַסט פון זיין פאָטער, און פון אלע הויכע רעגירונגס־מענער פאַר זיין שלעכטע אויפפירונג, און ווען ער האָט באַ־שטיגן דעם טראָן האָט ער באַשטימט אומצובּרענגען אַלע פריינט פון זיין פאָטער, ווייל ער האָט גוט געוואוסט אַז זיי, אַלס אויפריכטיקע און ארנטלעכע, וועלן אים ניט דערלאזן אויספירן זיינע מעשים. דער ערשטער קרבן וואָס איז פון זיינע מערדערישע הענט געפאַלן, איז געווען דער ערלעכער הערצאָג פערנאנדאָ בּראַגענצא, דער גובערנאַדאָר איבער מע־רערע שטעט. דער קעניג האָט זיך צום ערשטן צו אים באַצויגן מיט דער גרעסטער פריינטשאַפט, אָבער נאָר לפנים, אין געהיים אָבער, האָט ער פאַר אים א גרוב געגראָבן. דורך דער הילף פון זיינע חניפים און הויף־מענטשעלעך, — וועלכע זיינען פונקט ווי ער געווען פאַרדאָרבענע, — איז דער גובערנאַדאָר באַשולדיקט געוואָרן אין הויך־פאַרראַט, אַז ער האָט גע־מאַכט איין האנט מיט די רעוואָלוציאָנערן צו שטירצן אים פונם טראָן און איבערגעבן פאָרטוגאַל צום קעניג פון שפּאַניע. א קריגס־געריכט האָט אים פאַרמשפּט צום טויט.

זיינע ברידער, — מורא האָבנדיק אַז זייער גורל זאָל ניט זיין דער זעלבער ווי פערנאַנדאָ'ס, — זיינען אנטלאָפן. נאָכדעם ווי דער גרויזאַמער קעניג האָט אָפּגעראַמט פון וועג די גאנצע פאַמיליע פון בראַגענצא, האָט ער זיך פאַרנומען אָפּראַמען פון וועג אויך דאָן יצחק אברבנאל, וויסנדיק אַז ער איז געווען זיין פאָטער'ס גרעסטער פריינט. צו דעם אידן האָט ער ניט געדאַרפט אָנווענדן די זעלבע אינטריגאנטישע מיטלען ווי צו פער־נאנדאָ'ן. ער האָט אים פּשוט איינגעלאַדן צו זיך אין זיין פּאַלאַץ, מיט דער כּוונה דאָרט אים צו דערמאָרדן. דאָן יצחק אברבּנאל, וועלכער האָט זיך ניט געפילט שולדיק קעגן אים, האָט פון קיין סכּנה ניט איבערגעטראַכט, און האָט זיך געלאָזט גיין אין פּאַלאַץ. צום גליק האָט ער זיך אויפן וועג אָנגעטראָפן מיט איינעם פון זיינע פריינט, וועלכער האָט אים שטרענג געוואָרנט ניט צו גיין צום קעניג, ווייל ער וועט שוין פונם פּאַלאַץ — האָט ער אים געזאָגט — קיין לעבעדיקער ניט אַרויס. אברבנאל האָט אויסגעפאָלגט זיין פריינט'ס וואָרנונג און איז גלייך אנטלאָפן קיין שפּאַניע.

דער קעניג, דערוויסנדיק זיך אַז ער איז אַנטלאָפן, האָט נאָכגעשיקט אים צו כאַפּן, ער איז שוין אָבער אַריבער די גרעניץ און געווען אין דער שטאָט סעגורא דע לא אורביק, אין דער שפּאַנישער טעריטאָריע. פון דאָרט האָט אברבנאל געשיקט א בריוו צו יאהאַן כדי אים איבערצוצייגן, אַז ער איז צו אים אויך אַזוי טריי געווען ווי צו זיין פאָטער. דער פאַרדאָר-בענער קעניג האָט אָבער די ווערטער אין אַכט ניט גענומען און קאָנפיס-קירט זיין גאַנץ פאַרמעגן.

דאָס זעלבע האָט ער אויך געטון מיט דעם פאַרמעגן פון זיין זון יהודה אברבנאל, און אַזוי ארום זיינען ביידע, פאָטער און זון, ביז גאָר פאַראָרימט געוואָרן. אַ בערישע טובה האָט ער געטון מיט דער פאַראָרימטער פרוי און קינדער פון דאָן יצחק אברבנאל: ער האָט זיי דערלויבט אויסצוואַנדערן קיין שפּאַניע.

אברבנאל האָט זיך באַזעצט אין דער שטאָט טאָלעדאָ, וואו זיין פאָטער, דאָן שמואל אברבנאל, און זיינע אורעלטערן האָבן פון לאַנגע צייטן געוואוינט.

אברבנאל איז מיט גרויס כבוד אויפגענומען געוואָרן פון דער טאָלע-דאָר אידישער קהלה און דאָרט האָט ער זיך דערוואָרבן פיל פריינט, צווישן זיי אויך דעם פאַרנעמסטן ר׳ יצחק אבוהב, דער הויפּט-גאון אין שפּאַניע, א מאַן מיט אויסערגעוויינלעכע תורה-וויסנשאַפט, צו וועלכן עס האָבן זיך צוגעהערט אַלע אידישע חכמים אין שפּאַניע. פון צווישן די רייכע האָט ער זיך דערוואָרבן די פריינטשאַפט פון דעם גרויסן עשיר דאָן אברהם סעניאָר, וועמענס נאָמען איז גרויס געווען איבער גאַנץ קאַסטיליע און געאַכטעט אפילו פונם קעניג פערדינאַנד און די קעניגין איזאבעלא, ווייל ער איז געווען דער פאַרמיטלער צו דער חתונה פונם קעניג מיט דער קע-ניגין און דורך דעם איז פערדינאַנד, דער קעניג פון אראַגאָניע, — צו יענער צייט, — אויך געוואָרן קעניג פון קאַסטיליע.

ווען דאָן יצחק אברבנאל האָט זיך געפונען א באַרואיקטער אונטער דער שוץ פון פערדינאַנד׳ן, וועלכער האָט צו אים ארויסגעוויזן זיין גנאָד אויף אַזוי פיל אַז ער האָט אים באַשטימט פאַר פינאַנץ-מיניסטער, האָט ער זיין פרייע צייט אָפּגעגעבן אויף תורה און חכמה. „איך — שרייבט ער אין אַ בריוו צו זיינעם אַ פריינט — האָב די גאַנצע צייט וואָס האָב זיך געפונען אין פּאָרטוגאַל, אין זינען געהאַט נאָר צו דערווערבן אַ גרויס

פאַרמעגן, און האָב אינגאַנצן פאַרנאַכלעסיקט צו באַשעפטיקן זיך מיט תורה און חכמה. און די ענדע איז געווען, אַז מיין רייכטום האָב איך פאַר־לוירן, און קיין תורה האָב איך ניט געלערנט. איצט, אָבער, טו איך אַ נדר צו דערווערבן תורה און חכמה, און ניט דורכלאָזן אַ פרייע מינוט אויף ניט צו באַשעפטיקן זיך מיט די ביידע". פון יענער צייט אָן האָט ער אָנ־געהויבן צו שרייבן זיינע קאָמענטאַרן אויף די „כתבי הקדש".

צוואַנציק יאָר פאַר אברבנאל'ס קומען קיין שפּאַניע, איז דאָרט גע־שטאָרבן דער הויפּט־רב פון אלע רבנים, רבנו יצחק קאנפּענטאַן, וועלכער איז אויך געווען דער ראש ישיבה אין קאַסטילליע. ער האָט איבערגע־לאָזט נאָך זיין טויט אַ ווערק וואָס איז אַ ברכה אין דער תלמודישער לי־טעראַטור. דאָס איז דאָס קליינע ספר'ל „דרכי הגמרא", גאַנץ קליין אין קוואַנטיטעט, אָבער גאַנץ גרויס אין קוואַליטעט. די ווערט פון דעם איז ניט אָפּצושאַצן פאַר די לערנער פונם תלמוד. אין אים ווערט דערקלערט אלע כללים פונם תלמוד, זיין סטיל, זיין לאָגיק אינם פלפול, די תלמודישע רעדנסאַרט, און די וכוחים וואָס קומען פאָר צווישן די אמוראים. אלעס איז דאָרט קלאָר, דייטלעך און לאָגיש. נאָך די רייד פונם „בעל קורא הדורות", האָט ר' יצחק קאנפּענטאַן געלעבט אריבער הונדערט יאָר. די גרעסטע פון זיינע תלמידים, וועלכע דער אברבנאל האָט געטראָפן ווען ער איז אָנגעקומען קיין שפּאַניע, זיינען געווען: רבני יצחק דע לעאָן, אויף וועלכן איינער פון זיינע צייט־גענאָסן האָט זיך אויסגעדריקט: „זיין האַרץ איז אַ לייבן־האַרץ אויף צו אטאקירן די פיינט פון גאָט, און זיין שכל איז אַ געטלעכער". פון דעם איז צו פאַרשטיין אַז ער פלעגט פירן אַ פּאָלעמיק מיט די גלחים וועלכע האָבן זיך באַמיט אָפּצושמדן אידן.

ווען אברבנאל איז געקומען קיין קאַסטילליע איז רבנו יצחק דע לעאָן שוין געווען אַ זקן פון פינף און זעכציק יאָר. דער צווייטער איז געווען רבנו יצחק אבוהב, וועלכער האָט פאַרטרעטן דעם אמט פון ראש ישיבה נאָכן טויט פון ר' יצחק קאנפּענטאַן.

פון די תלמידים פון ר'יצחק אבוהב, איז דער גרעסטער געווען דער באַוואוסטער מיט זיין תורה און חכמה, ר' אברהם בן שמואל זכותא, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין סאלאמאנקא, קאַסטילליע. ער איז געווען אַ באַקאַנטער אסטראָנאָם, פאַרנעמענדיק פריער אַ פּאָסטן פון לערער אין דער דאָרטיקער אוניווערזיטעט און נאָכהער איז ער אויפגענומען געוואָרן

אַלס לערער פון אסטראָנאָמיע אינם אוניווערזיטעט פון כאראגאָסא. ער האָט אויסגעבעסערט און געענדערט דעם טעלעסקאָפ, וועלכער איז געווען אַ הילצערנער, אויף אַ מעטאַלענעם. ר׳ אברהם האָט אויך רייך געמאַכט די העברעאישע ליטעראטור מיט זיין „ספר היוחסין״, וואָס צייכנט זיך אוים מיט דער כראָנאָלאָגיע פון בריאת העולם ביז אין זיין צייט. דער „ספר היוחסין״ איז באַליבט געוואָרן ביי יעדן וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן צו שטודירן די אוראלטע היסטאָריע. ר׳ אברהם זכותא האָט אָנגעשריבן מערערע ביכער איבער אסטראָנאָמיע. די ביכער זיינען איבערזעצט געוואָרן אין דער לאַטיינישער שפּראַך.

אין דער זעלבער צייט האָט אויך געלעבט דער יונגער באַרימטער חכם רבי שלמה בן רבי יהודה ן׳ ווירגאַ. זיין פאָטער איז געשטאָרבן אויף קדוש השם. נאָכן פאָטערס טויט, האָט דער יונגער געלערנטער פאָרגעזעצט מיטן שרייבן דעם באַוואוסטן ספר „שבט יהודה״, אין וועלכן עס ווערט געשילדערט אַלע גזרות אויף אידן אין פאַרשידענע עפּאָכן ביז זיינע צייטן. ר׳ יהודה ן׳ ווירגאַ׳ס אייניקל, ר׳ יוסף ן׳ ווירגאַ, האָט דאָס ווערק פאַרענדיקט. אין דעם ספר זוכט ר׳ שלמה צו דערווייזן די סבות פון דער שנאה צו אידן. „אויסער דעם — שרייבט ער — וואָס גאָט באַשטראָפט די אידן פאַר זייערע זינד, איז אַ וויכטיקע סבה פון די קנאה וואָס די קריסטן פילן צו די אידן, דער פאַרשריט וואָס די לעצטע מאַכן אויף אַלע וויסנשאַפטלעכע און אינדוסטריעלע געביטן״. ער אַנטפּלעקט אויך אינם „שבט יהודה״ די אומפאַרצייַלעכע פעלערן פון זיין פאָלק: טראָץ די פאַרפאָלגונגען, די אונטערדריקונגען און דאָס שפּייען אין פּנים פון די אידן — שרייבט ער — זוכן זיי דאָך נאָכצוטון די מעשים פון די שונאים, אָט די טיראנישע אידן-פיינט; זיי בויען די שענסטע פּאַלאַצן, צירן זיך מיט די קאָסטבאַרע צירונגען, דערמיט ארויפצוציען דעם האַס פון די שונאים. און דאָס אַלעס איז נאָך ווייניק פאַר זיי, זיי זיינען זיך נאָך מתחתן מיט זיי, און רעכענען פאַר א כבוד, ווען זייער אַ זון האָט חתונה פאַר אַ גויעשער טאָכטער, און א אידישע טאָכטער — פאַר אַ שייגעץ״.

שפּאַניע איז אַזוי ארום געוואָרן — מיטן אָנקומען אַהין פונם אברבנאל, אַ צענטער פאַר חכמת ישראל, כאָטש ניט אין דער זעלבער מאָס ווי אין די צייטן פון רבי שמואל הנגיד און רבי יהודה הלוי.

ווי געזאָגט, איז דער אברבנאל געוואָרן פינאַנץ מיניסטער ביי פערדי-

נאַנד'ן, און דאָס האָט ניט געלאָזט רוען די אייפערדיקע קאַטוילישע גלחים, וועלכע האָבן זיך וועגן דעם באַקלאָגט פאַרן פּויפּסט סיקסטוס דער פירטער. דער פּויפּסט, א גרויסער צורר היהודים, האָט ארייננעשיקט א בּריוו צו פערדינאנד'ן אין וועלכן ער מוסרט אים פאַר וואָס ער דערהויבּט די פאַר־שאָלטענע פון גאָט און גיט זיי נאָך איבּער רעגירונגס־שטעלן צו קענען דורך זיי הערשן איבּער גאָטס־קינדער, די קריסטן. און ווי קאָן ער גלייכ־גילטיק פאַרבּלייבּן צוזעענדיק די פאַרשאָלטענע ווי זיי חברן זיך מיט די געבּענטשטע. און ער בּאַשווערט אים, אין דעם נאָמען פון דער דריי־אייניקייט, ער זאָל אויספאָלגן אלץ וואָס ס'איז געשריבּן אין דער קירכן־געשיכטע וועגן די אידן. פּערדינאַנד איז אָבּער די ערשטע צייט געווען מילד צו די אידן, און האָט זיך ניט גערעכנט מיט דעם פּויפּסט'ס שטראַף־רייד. אָבּער אַנדערע אידישע היסטאָריקער ווילן האָבּן, אז פערדינאַנד און איזאַבּעלא, די יעזואיטישע קאַטוילּיקן, זיינען קיינמאָל ניט געווען גוט צו אידן, נאָר געזוכט צו בּאַנוצן דעם אידן פאַר זייער טובה. די דערמאנטע שפּאַנישע קעניגן זיינען געווען פריינטלעך צו אברבּנאל'ן, ניט ווייל זיי האָבּן אים ליבּ געהאַט, נאָר פּשוט דערפאַר ווייל ער האָט דורך זיינע פעאיקייטן און זיין וויסנשאַפט אויפן פינאַנציעלן געבּיט, אָנגעפולט די קעניגלעכע קאַסע...

**ה. ר"ע** — 1510 — אין בערלין זיינען פארברענט געוואָרן דרייסיק אידן, אונטער דער באשולדיקונג פון א עלילת־דם.— דער קעניג מאקסימיליאן לייגט ארויף א שווערן שטייער אויף די אידן, מאַן אָדער פרוי, אין עלטער פון דרייצן יאָר און העכער.— דער משומד יאהאַן פּפעפערקאָרן איז זיך משתדל אויסצו־ווירקן ביים קעניג מאקסימיליאן צו פאַר־ברענען די ספרי התלמוד מיט אלע מפר־שים אויף אים. — דער קריסט רייכלין איבערצייגט דאָס קארעקטקייט פונם תלמוד און אז ער אנטהאלט ניט קיין שום באליידיקונג קעגן דער קריסטלע־כער אמונה.— דער קעניג פון פארטו־גאל, נאָך זיין זיג איבער דעם אינזל מאַ־לאבאר, טרייבט פון דאָרט ארויס אלע אידן; דער קעניג פון קאָכין נעמט אויף פריינטלעך אלע אויסוואנדערער, גיט זיי אָפּ א גרויס שטח לאנד אויף צו באַ־זעצן זיך דארט.— ר' אליהו ב"ר אברהם ווערט רב און ריכטער ביי די אידן אין קאָנסטאנטינאפאל. ער פארשפרייט תורה און חכמה צווישן דער קהלה.

**ה. רע"ב** — 1512 — ר' יוסף המון ווערט באשטימט אלס לייב דאָק־טער פונם קעניג סעלים דער ערשטער, אין קאָנסטאנטינאפאל.

**ה. רע"ד** — 1514 — רדיפות אויף אידן אין עגיפּטן. דורך דער באמיאונג

פון ר' אברהם קאסטרא, ווערן זיי אויפן באפעל פונם סולטאַן אָפּגעשטעלט.— צום אנדענק פון דעם דאָזיקן חסד, האָבן די עגיפּטישע אידן פאַרפאַסט די מגילה „פּורים מצרים", וואָס ווערט געלייענט אין דעם טאָג ווען זיי זיינען פון זייערע צרות באפרייט געוואָרן.

**ה. רע"ט** — 1519 — מערערע אידן, די ארויסגעטריבענע פון שפּאַניע, ווענדן זיך צום קעניג קאַרל דער ערשטער, ער זאָל זיי דערלויבן צוריקצוקערן זיך אין לאנד. זייער בקשה ווערט אָבער פון אים אָפּגעוואָרפן.— די אידן פון רעגענסבורג זיינען געצוואונגען צו פאַרלאָזן די שטאָט נאָכן טויט פון מאַקסימיליאַן.—די שפּאַנישע מאַראַנען באָטן אָן קאַרל דער פינפטער, אַכט הונדערט טויזנט גאָלדענע דוקאַטן צו פאַרלייכטערן די אינקוויזיציע. דער קאַרדינאַל קסימענעס דערלאָזט ניט די פאַרלייכטערונג צושטאַנד צו קומען.— אין אונגאַרן און אין די סלאַווישע לענדער פאַרמערט זיך די צאָל אידן. זיי פּראָגרעסירן אין אַלע צווייגן פון דער אינדוסטריע.

**ה. רפ"ה** — 1528 — אַ גרויסע צאָל ארויסגעשיקטע אידן פון נירענבערג ליינן דעם גרונדשטיין פאַר דער אויפבויאונג פון דער שטאָט פירשא.

**ה. ר"צ** — 1530 — דער רב רבי יעקב פּאָלאַק ציינט ארויס זיין למדנות אין פּלפּול; ער ווערט פאַררעכנט אלס דער ערשטער פּלפּול־למדן.— אין די שטעט בראָד, לעמבערג, לובלין און קראָקוי, גרינדן זיך גרויסע ישיבות דורך די פּוילישע אידן.

**ה. רצ"ג** — 1533 — אין אַמעריקע געפינען זיך פיל אידן, וועלכע זיינען אהין געקומען צוזאַמען מיט די שפּאַניער.

**ה. רצ"ה** — 1535 — א טוניס'ער איד שטעלט איין זיין לעבן און ראַטעוועט פיל טויזנטער שפּאַניער, וועלכע זיינען אויסגעשטעלט געווען דערמאָרדעט צו ווערן דורכן פּיראַט באַרבאַראָסאַ, קעניג אין טוניס.— נאָך דער דעראָבערונג פון דער שטאָט טריפּאָלים דורך די שפּאַניער, ווערן אידן אויסגעוויזן פון דאָרט. — פיליפּ, דער קעניג פון העססען, באַפעלט אַז אידן מוזן קומען איינמאָל אין יאָר צו הערן די דרשה פון א גלח.

**ה. ש"** — 1540 — דער וויצע קעניג פון נעאַפּאָל פאַרלאַנגט פונם קעניג קאַרל דער פינפטער, ער זאָל דערלויבן ארויסצוטרייבן אַלע אידן פון דער שטאָט. דער קעניג גיט אים די דערלויבעניש און אַלע אידן ווערן פון דאָרט אויסגעוויזן.— ר' משה בן יצחק אלשקאַר, פון דער שטאָט מעצאָו', אין עגיפּטן, פאָרט אָפּ קיין ירושלים.—ר' יעקב בירב אנטלויפט פון קאַסטיליע קיין פעז, און פון דאָרט, דורך עגיפּטן, קיין צפת וואו ער ווערט דער ראש ישיבה. אויף אַן אסיפה פון פינף און צוואַנציק רבנים, ווערט ר' יעקב בירב אויסדערוויילט אלס דער ראש איבער זיי. עס ווערט אים געגעבן די פאָלמאַכט אויפצונעמען נייע רבנים נאָך זיין איינזען און ווילן.

**ה. ש"ו** — 1546 — דער טויט פון ר' יעקב בירב אין צפת.— ר' יוסף קאַרו, דער מחבר פונם בית יוסף, ווערט רב אויף זיין אָרט און איז מרביץ תורה אין צפת צוזאַמען מיט ר' משה פון טראַני, דער המבּיט.

**ה. ש"ז** — 1547 — קאָסמוס דער ערשטער, גרויס פירשט פון טאָסקאַנאַ,

דערלויבט אידן צו באזעצן זיך אין די שטעט פון פלארענץ, אָבער נאר אין באַשטימטע גאסן.— ר׳ עובדיה בן יעקב ספורנו, פון קאזענא, דער לערער פון פילאָלאָגיע פון דעם באקאנטן קריסט און אוהב ישראל רייכלין, ווידמעט לכבוד היינריך דער צווייטער, קעניג פון פראנקרייך, א בוך וואס באהאנדלט די מעטאַפיזיק, און נאָכדעם ווידמעט ער אים אויך זיין באור צום ספר קהלת. ביידע ווערק ווערן איבערגעזעצט אויף לאטיין.

**ה. ש״י** — 1550 — אידישע פארלעגער אין מערערע שטעט פון איטאַליע, אויך אין פראג, לעמבערג, לובלין און קראקוי, גרינדן פארלאגן פאר אידישע ביכער.

**ה. שי״ב** — 1552 — עריך, דער פירשט פון ברוינשווייג, טרייבט ארויס אלע אידן פון זיין לאנד.— דער איד שמואל אוסקווע, פאַרפאַסט אַ בוך אויף שפאניש אין וועלכן עס געפינט זיך דיסקוסיעס בנוגע די רדיפות אויף אידן.

**ה. שי״ד** — 1554 — דער פויבסט יוליוס דער דריטער, פארברענט מערערע מאָל פיל תלמודישע ספרים.— ר׳ יוסף הכהן פארפאסט א בוך וועגן די היסטאָריע פון די פראנצויזישע קעניגן, פון גרוים ווערט פאר געשיכטע פארשער.

**ה. שט״ו** — 1555 — דער פויבסט פאול דער פערטער, דעקרעטירט אַז אידן האָבן ניט דאס רעכט צו וואוינען אין די גאסן וואו קריסטן וואוינען, ניט צו האַלטן קיין קריסטלעכע דינערשאפט, ניט אויפבויען מער ווי איין שול אין יעדער שטאָט און ניט ווייזן זיך אין דער גאַס אָן דעם מלבוש וואָס טראָגט אויף זיך דעם גרינעם שאנד־צייכן.— דער איד דוד אשכולי, וועלכער האָט שריפטלעך פראטעסטירט קעגן דעם גרינעם שאַנד־צייכן, ווערט אריינגעווארפן אין דער תפיסה און פארבלייבט דאָרט ביזן טויט.

**ה. שט״ז** — 1556 — דער איד יעקב קאנסינא מאראן ווערט אויסדערוויילט פונם קעניג קארל דער פינפטער, אלס שפאנישער געזאנדטער אין מאראַקא.— די אידן אין בראנדענבורגער פירסטענטום ליידן שרעקלעך פון דעם אידן לעאפאלד, וועלכער איז געקומען פון פראג קיין בערלין און איז באשטימט געווארן פונם קורפירשט יאאכים דער צווייטער, אלס פאַרשטייער איבער דער אידישער געמיינדע.

**ה. שי״ח** — 1558 — יצחק קאנסינא מאראן ווערט באשטימט נאָך זיין פאטערס טויט, אלס שפאנישער געזאנדטער אין מאראקא.

**ה. שי״ט** — 1559 — דער פויפסט פיוס דער פערטער, פארלייכטערט דאָס לעבן פון די אידן אין דער געטאָ. ער גיט זיי רעליגיאנס - פרייהייט, דערלויבט זיי צו קויפן און נעמען אין ארענדע פון די קריסטן זייערע אומבאוועגלעכע גיטער.

**ה. ש״כ** — 1560 — די שטאָט טבריה ווערט אויפגעבויט אויפסניי און עס גרינדעט זיך דארט א ישיבה.— עס באווייזט זיך א פאלשער משיח אין מצרים.

**ה. שכ״ה** — 1565 — דער פויפסט פיוס דער פינפטער, צווינגט די אידן צו פארקויפן אלע אומבאוועגלעכע גיטער, אויף וועלכע זיי האָבן פריער געהאט א דערלויבעניש.

**ה. שכ״ז** — 1567 — אין דער שטאָט מיץ באזעצן זיך פיל אנגעזעענע

אידישע משפחות — דאן יוסף נשיא, פון די שפאנישע מאראנען, אנטלויפט פון דער אינקוויזיציע קיין אנטווערפן, פון דארט קיין ווענעדיג, און נאכהער קיין קאנסטאנטינאפאל. ער ווערט אויפ־גענומען מיט גרויס כבוד פונם סולטאן סאלים דער צווייטער, באשטימט אים אַלס הערשער איבער די צוועלף אינדזלען אין דעם עגעאישן ים, און גיט אים דעם טיטל: הערצאג פון נאקסאס.

מיר ברענגען דאָ אַ לענגערע באַשרייבונג ווי אַזוי ס'איז פאָרגע־קומען די ווידער־אויפבויאונג פון דער שטאָט טבריה, וועלכע איז פאַר־בונדן און האָט אַ גרויסן שייכות מיט דאָן יוסף נשיא, הערצאָג פון נאַקסאָס.

די שטאָט טבריה, אָדער ריכטיקער, טיבעריוס, איז געגרינדעט גע־וואָרן אינם יאָר 26 נאָך דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג דורך אַנטיפּאַס, אַ זון פון דעם אידישן קעניג הורדוס. ווען הורדוס איז געשטאָרבן, אינם פירטן יאָר פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג, האָט ער איינגעטיילט זיין קעניגרייך, גאַנץ ארץ ישראל, צווישן זיינע דריי זין: ארכילעאוס, פיליפּוס און אַנטיפּאַס.

ארכילעאוס האָט באַקומען דעם טיטל קעניג פון יהודה. די אַנדערע צוויי האָבן זיך גערופן מעטראַרכן.

דער רוימישער קייזער אויגוסטוס האָט שפּעטער מיט אַ צייט גע־נומען געפאַנגען ארכילעאוס'ן און אים פאַרשיקט קיין מאַרסעל, די היינ־טיקע באַוואוסטע פראַנצויזישע שטאָט. ארץ ישראל איז געוואָרן אַ רוי־מישע פּראָווינץ. קייזער טיבעריוס, דער נאָכפאָלגער פון קייזער אויגוסטוס, האָט געצייגט זיין פריינטלעכקייט צו דער פאַמיליע הורדוס און פון איר באַשטימט הערשער איבער ארץ ישראל מיט אויטאָנאָמישער רעכט. הורדוס אנטיפּאס, טיבעריוס'עס אַ פּערזענלעכער פריינט, איז פון אים באַשטימט געוואָרן אַלס מעטאַראַרך פון גליל. דאָרט — אין גליל — האָט אנטיפּאס אויסגעבויעט פאַר זיין רעזידענץ אַ שטאָט ביים ים כנרת און האָט איר אַ נאָמען געגעבן טיבעריוס, (אָדער ווי זי ווערט פון אונז גע־רופן: טבריה), אויפן נאָמען פון זיין וואויל־טוער און פריינט טיבעריוס.

ווען טיטוס האָט חרוב געמאַכט ירושלים, אינם זיבעציקסטן יאָר נאָך דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג, האָט ער די שטאָט טבריה ניט צושטערט און זי איבערגעלאָזט אַלס אַ האַלב פרייע שטאָט, ד. ה. אונטער רוימס פּראָטעקטאָראַט. אידן האָבן אין איר געהאַט אַ רעליגיעזע אויטאָ־נאָמיע. מיט דער צייט איז טבריה געוואָרן דער צענטער פון תורה, די

הויפט-אקאדעמיע פון אידישע וויסנשאפט. דארט האט געלעבט ר׳ יהודה הנשיא, און אויך דארט איז פארפאסט און אפגעשלאסן געווארן די משנה. אין טבריה איז אויך פארפאסט געווארן דער תלמוד ירושלמי. און אין דער צייט פון רב אמי און רב אסי האבן זיך געפונען דארט דרייצן בתי מדרשים. די קריסטלעכע געלערנטע און הייליקע יורם און עפיפאנוס, באשרייבן טבריה אלס די וויכטיקסטע אידישע שטאט פון זייער צייט.

אינם יאר 637 האבן די אראבער אפגענומען טבריה און זי צעשטערט. פיל אידן, וועלכע האבן ניט געוואלט אננעמען דעם מאכמעדאנישן גלויבן, האבן זיי דער׳הרג׳עט, פיל זיינען אנטלאפן, און טבריה איז געווארן אן אראבישע פעסטונג. מיט א צייט שפעטער האבן זיך דארט באזעצט מערערע אידישע פאמיליעס, זיי זיינען אבער פון די מאכמעדאנער אונטערדריקט און פאראכטעט געווארן, ווען אויך זיי האבן זיך אלע אפגעגעבן מיט האנט-ווערקעריי און ערד-ארבעט.

אין יאר 1096, אין דער צייט פונם ערשטן קרייץ-צוג, איז טבריה אפגענומען געווארן פון דעם פראנצויזישן גראף טאנקרעד, און פון דארט ארויסגעטריבן די מאכמעדאנער און די אידן. ער האט דארט אויסגעבויעט קירכן און געזוכט צו מאכן פון איר א הייליקע קריסטלעכע שטאט. ווען גאטפריד פון בולל האט אפגענומען ירושלים, האט ער באשטימט טאנקרעד׳ן פאר גראף פון טבריה.

לאנג האט די קריסטלעכע הערשאפט איבער טבריה ניט געדויערט. דעם דריטן און פירטן יולי 1187, איז פארגעקומען נעבן טבריה די באוואוסטע בלוטיקע שלאכט צווישן סולטאן סאלאדין און גווידא דע לוזיניאן; דער זיג איז געווען אויף דער זייט פון סאלאדין. די פעסטונג פון טבריה איז צעשטערט געווארן און די קירכן פארברענט געווארן.

ווי באקאנט, איז דער סולטאן סאלאדין געווען א אידן-פריינט. דער רמב״ם איז געווען לייב-דאקטאר פון זיין ברודער, דער סולטאן פון עגיפטן. טראץ דעם וואס ער האט דערלויבט אידן צו באזעצן זיך אין ירושלים, האט ער דאך ניט דערלויבט — ווען מען האט עס אים געבעטן, — צוריק אויפצובויען און באפעסטיקן די מויערן פון טבריה. און אזוי איז די שטאט פארבליבן א רואינע, א חורבה, וואו די בעדואינען פלעגן דארט האבן זייער נאכטלעגער, און קראנקע אראבער פלעגן קומען זיך באדן אין די הייסע מינעראל קוואלן פון ארום דער שטאט.

טבריה איז פאַרבליבן אַ חורבה ביז אין דער צייט פון יוסף נשיא, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אַלס גראַף איבער איר. ווער איז געווען יוסף נשיא? פון וועלכער פאַמיליע שטאַמט ער? דאָס וועלן מיר זיך דער־וויסן פון היסטאָרישע קוועלן.

גאַנץ גענוי ווען יוסף נשיא איז געבוירן געוואָרן, ווייסט מען ניט. אַ טייל היסטאָריקער ווילן האָבן אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין 1510, און אַ טייל — אין 1512.

די פאַמיליע נשיא האָט צום ערשטן געלעבט אין שפּאַניע, געווען זייער רייך און געפירט גרויסע באַנק־געשעפטן אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. אין 1492, ווען שפּאַניע האָט אַרויסגעטריבן די אידן, איז די פאַמיליע אָפּ־געפאָרן קיין פּאָרטוגאַל. אין יענער צייט, האָט מען נאָך דאָרט ניט גע־צוואונגען די אידן זיי זאָלן זיך טויפן, אָדער זיי זאָלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. ווען מען האָט אָבער אויך אין פּאָרטוגאַל אָנגענומען די זעלבע מעטאָדע קעגן אידן ווי אין שפּאַניע: שמד'ן זיך אָדער פאַרלאָזן דאָס לאַנד, האָט די פאַמיליע נשיא אָנגענומען דאָס קריסטנטום לפנים, און פאַרביטן דעם פאַמיליען־נאָמען נשיא אויף מיקעס.

דער פאָטער פון דער פאַמיליע האָט זיך גערופן יוסף. ער האָט געהאַט דריי זין: פערנאַנדאָ, פראַנציסקאָ און דיעגאָ. אַלע דריי האָבן התונה גע־האַט פאַר מאַראַנישע טעכטער. פערנאַנדאָ האָט געהאַט אַ זון וועמען ער האָט אַ נאָמען געגעבן נאָך זיין פאָטער יוסף.

אויך אין פּאָרטוגאַל האָט די פאַמיליע מיקעס זיך פאַרנומען מיט באַנק־געשעפטן. יוסף מיקעס האָט נאָך אַלס יונגער מאַן טיכטיק דער־לערנט דאָס באַנק־און־פינאַנס־וועזן. ער האָט געקענט עטלעכע שפּראַכן.

ווי געזאָגט, האָט די פאַמיליע מיקעס נאָר אויגנשיינלעך אָנגענומען דאָס קריסטלעכע גלויבן, און שטענדיק געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט צו ווערן עפנטלעכע אידן. תחילת האָבן זיי געהאָפט, אַז די געלעגנהייט וועט קומען דורך דער רעפאָרמאַציאָן פון לוטער, זיי האָבן אָבער אַרויס־געזען, אַז אויף דער זעלבער איז ניטאָ וואָס צו האָפן, און האָבן אנגע־הויבן זוכן מיטלען ווי אַזוי צו אַנטלויפן פון פּאָרטוגאַל, ווייל פאַר אַ מאַראַנאָ איז דאַן זייער שווער געווען אַרויסצופאָרן פון דאָרט. מען האָט זיי געהיט אויף יעדן שריט און טריט. איז די פאַמיליע געפאַלן אויף אַ פּלאַן: אַוועקשיקן יוסף'ן מיט אַן אויסרייד אַז ער פאָרט לערנען טעאָלאָגיע

אינם באַרימטן אוניווערזיטעט אין אנטווערפּן. מיט אַן היפּשע מטבע האָבן זיי אויסגעווירקט ביים רעקטאָר פונם אוניווערזיטעט אין פּאָרטוגאַל, אַז כואַן מיקעס (יוסף נשיא), דאַרף פאָרן לערנען טעאָלאָגיע, כּדי צו ווערן אַ באַרימטער גייסטלעכער, אין אַן העכערן אוניווערזיטעט. און אזוי איז כואַן מיקעס אַלס קריסט, אַוועקגעפאָרן פון פּאָרטוגאַל, און אַלס קריסט אָנגעקומען קיין אנטווערפּן; אָבער אָנשטאָט צו לערנען טעאָלאָגיע האָט ער געגרינדעט מיט זיינעם אַ קרוב, וועלכן ער האָט דאָרט געפונען, אַ גרויסע באַנק. ער האָט דאָרט אויך געפונען זיינע ברידער די מאַראַנען.

שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר, האָט דיעגאָ מיקעס, יוסף נשיא׳ס אַ פּעטער, געפועלט ביי דער רעגירונג אַרויסצופאָרן קיין אַנטווערפּן אויף צו גרינדן דאָרט אַ פיליאַל פון זיין באַנק אין ליסאַבאָן. קומענדיק אַהין, איז ער גלייך געוואָרן אַ שותף אין דער באַנק פון זיין פּלימעניק יוסף נשיא, און אָנגעהויבן צו מאַכן גלענצנדע געלט - אָפּעראַציעס. כואַן מיקעס (יוסף נשיא) איז געווען אַ העכסט געבילדעטער מאַן, באַזיצט עטלעכע שפּראַכן, גלייך זיך געאייגנעט מיט אַלע מאַנירן און אויפפירונג פון פירסטן און גראַפן, און געמאַכט מיט זיי באַקאַנטשאַפט. ער האָט אויך אזוי פיל נושא חן געווען ביי זיי, אַז זיי פלעגן אים איינלאַדן צו זיך און אים אָנפאַרטרויען זייערע געלט - געשעפטן. די סימפּאַטיע צו אים איז אויף אזוי פיל גרויס געווען, אַז ער איז פאָרגעשטעלט געוואָרן דער רעגענטין פון ניי-דערלאַנד, די וויטווע - קעניגין פון אונגאַרן, מאַריאַ, אַ שוועסטער פון קאַרל דער פינפטער. דורך דעם פראַנצויזישן פינאַנס-מיניסטער, איז כואַן מיקעס באַקאַנט געוואָרן מיט דעם געזאַנדטן פונם סולטאַן סוליימאַן דער ערשטער, וועלכער האָט וועגן אים און זיינע גרויסע באַנק-אָפּעראַציעס, מיטגעטיילט דעם-סולטאַן. דער סולטאַן האָט דורך זיין אמבאַסאַדאָר אין אַנטווערפּן אים געגעבן אָנצוהערן, אַז ער ווינטשט צו האָבן אַן אָפּטיילונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער באַנק אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אויף דער דאָזיקער איינלאַדונג האָט כואַן מיקעס געענטפערט, אַז ער וועט פריער אָדער שפּעטער געווים קומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אפשר אויך זיך באַזעצן דאָרט. אין 1536 איז זיין פעטער פראַנציסקאָ מיקעס געשטאָרבן אין ליסאַבאָן, און די רעגירונג האָט געוואָלט קאָנפיסקירן זיין פאַרמעגן, מאָטיווירענדיק, אַז זי האָט זיך איבערצייגט, אַז פראַנציסקאָ איז געווען אַ געהיימער איד. כואַן מיקעס האָט זיך דערוואוסט דערפון און האָט דורך

דער פֿאַרמיטלונג פֿון קאַרל דער ערשטער, קייזער פֿון דייטשלאַנד און קע־
ניג פֿון שפּאַניע, נישט דערלאָזט די קאָנפֿיסקאַציע. דאָניאַ גראַסיאַ, די
פֿרוי פֿונם געשטאָרבענעם פֿראַנציסקאָ, האָט מער ניט געקענט פֿאַרבלייבן
אין פּאָרטוגאַל. זי האָט אין געהיים פֿאַרקויפֿט אַלע אירע אומבאַוועג־
לעכע גיטער, צוזאַמענגענומען אַ גרויסן קאַפּיטאַל און אונטערקויפֿנדיק
אַ פּאָר מיניסטאָרן, איז איר געלונגען צו באַקומען אַ פּאַספּאָרט צו פֿאָרן
צו אירע קרובים אין אַנטווערפּן. דער פּאַספּאָרט איז איר אַרויסגעגעבן
געוואָרן אויף אַן אַנדער נאָמען: בעאַטריס דע לונא; זי האָט אויך
מיטגעבראַכט מיט זיך איר טאָכטער דאָניאַ רעינאַ, אַ פֿריילן פֿון אַ יאָר
15, און אירע אַ פֿאַרהייראַטע שוועסטער מיט איר מאַן און קינדער,
און אַ צווייטע שוועסטער, ניט קיין פֿאַרהייראַטע.

קומענדיק קיין אַנטווערפּן מיט אַ פֿאַרמעגן פֿון צוואַנציק מיליאָן דו־
קאַטן, און דערצו נאָך אַ העכסט געבילדעטע, האָט זי באַלד געוואונען די
סימפּאַטיע פֿון דער ווידווע - קעניגין מאַריאַ. זי מיט איר טעכטערל זיי־
נען געוואָרן אירע ליבלינגע, און זי האָט זיך מיט זיי זייער באַפֿריינדעט.
דאָניאַ גראַסיאַ איז אָבער געווען אַ עכט פֿרומע אידישע פֿרוי, און האָט
ניט געקענט דולדן, וואָס זי מוז זיך שטענדיק פֿאַרמאַסקירן אַלס פֿרומע
קריסטן, גיין אין דער קירכע און אויספֿאָלגן די קריסטלעכע צערעמאָ־
ניעס. זי האָט געזוכט אַ וועג ווי אַזוי אָפּצופֿאָרן פֿון אַנטווערפּן קיין קאָנס־
טאַנטינאָפּאָל און דאָרט ווערן אַ פֿרייע אידין. זי האָט מערערע מאָל גע־
בעטן איר שוואָגער דיעגאָ און איר פּלימעניק כואַן מיקעס, צו ליקווידירן
זייערע געשעפֿטן און צוזאַמען אָפּפֿאָרן קיין טערקיי. ס'איז זיי אָבער אונ־
מעגלעך געווען דאָס צו טון. די באַנק געשעפֿטן זיינען געווען זייער פֿאַר־
צווייגטע און זיינען געפֿירט געוואָרן אין פֿאַרשידענע לענדער, אין פֿראַנק־
רייך, איטאַליע, שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. דער הייליקער פֿאָטער אַליין
האָט געהאַט אַ גרויסע דעפּאָזיטאָ אין איינע פֿון די בענק. אָבער ווען
דיעגאָ מיקעס איז אין יאָר 1546 געשטאָרבן, און קאַרל דער פֿינפֿטער
האָט געוואָלט דורכאויס קאָנפֿיסקירן דאָס אונגעהייער גרויס פֿאַרמעגן
זיינס, און נאָכדעם ווי כואַן מיקעס'ן איז געלונגען נאָך אַלע פּראָצעסן און
פּראָטעקציעס צו קומען צו אַ קאָמפּראָמיס און אָראָפּנעמען די קאָנפֿיס־
קאַציע פֿאַר אַ סומע פֿון דריי מיליאָן דוקאַטן, האָט ער באַשטימט אָפּצו־
פֿאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ער האָט צוזאַמענגענומען אַ גרויסן קאַפּי־

טאַל און איבערגעגעבן עם זיין מומען דאָניאַ גראַסיאַ, וועלכע האָט אויס־
געוואַנדערט מיט אַ פּאַספּאָרט אויף אַ פרעמדן נאָמען. קומענדיק קיין
ווענעציע, האָט זיך די רעגירונג דערוואוסט, אַז זי איז כואַן מיקעסעס אַ
מומע, אַז זי האָט אַ גרויס פאַרמעגן און אַז זי איז אַ אידין... און אַזאַ
פּעטן ביסן האָט די רעגירונג געוואָלט אַראָפּשלינגען. ווען כואַן מיקעס
האָט זיך דערוואוסט דערפון, האָט ער מיט שוועריגקייט, דורך דער פּראָ־
טעקציע פונם סולטאַן סוליימאַן, וועלכער האָט געוואָרפן אַ שרעק אויף
ווענעציע, אַז ער וועט זיך מיט איר רעכענען ווען זי וועט קאָנפיסקי־
רן דאָס פאַרמעגן, איז דאָניאַ גראַסיאַ מיט איר פאַרמעגן אָפּגעפאָרן קיין
קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

אין יאָר 1553 האָט כואַן מיקעס ליקווידירט זיינע אַלע געשעפטן
אין אַנטווערפּן, און מיט מי זיך דערשלאָגן ביז קיין קאָנסטאַנטי־
נאָפּאָל. דער סולטאַן האָט געוואָלט אים זען און באַשטימט אַ אוידיענץ
פאַר אים. כואַן מיקעס איז ביז גאָר געפעלן געוואָרן דעם סולטאַן סוליי־
מאַן און דעם פּרינץ סעלים, און ער האָט באַקומען פולע צוטרויען אין סול־
טאַנס הויף. ער האָט באַזאָרגט אַלע געלט געשעפטן פונם סולטאַן און
דורכדעם אויף אַזוי פיל נושא חן געווען ביי אים, אַז ער האָט אים גע־
שענקט די שטאָט טבריה, און נאָך דעם, די צוועלף אינזלען אין עגעאישן
ים, וואָס האָבן זיך נאָכדעם גערופן דאָס פירסטענטום נאַקסאָס. פון כואַן
מיקעס, נאָכדעם ווי ער האָט זיך מל געווען, איז געוואָרן יוסף נשיא, גראַף
פון טבריה און פירסט פון נאַקסאָס. ווי געזאָגט, איז טבריה געווען אַ רו־
אינע, און יוסף נשיא האָט זיך פאַרנעמען זי אויפצובויען אויפסניי. ניט
אַזוי לייכט אָבער איז עס אים אָנגעקומען. ווען די אַראַבער האָבן זיך
דערוואוסט, אַז מען וויל ווידער אויפבויען טבריה און באַזעצן דאָרט אידן,
זיינען זיי ביז גאָר אויפגעבראַכט געוואָרן. אַ געוויסער שייך פון אַ
בעדואינער שבט האָט צונויפגערופן פיל שייכן פון אַנדערע בעדואינער
שבטים און זיי אויפגעפאָדערט ניט צו דערלאָזן קאָלאָניזירן אידן אין
טבריה, ניט צו אַרבעטן ביי דעם אויסבויען פון די מויערן און ניט צו לאָזן
קיין שטרייק־ברעכער, מעגן זיי אַפילו זיין ניט קיין אַראַבער. אויך איז
גערופן געוואָרן צו באַיקאָטירן אידן און ניט פאַרקויפן זיי קיין לעבנס־
מיטל. אַלס אַרכיטעקט פאַר דעם אויפבויען, איז באַשטימט געוואָרן דער
געלערנטער איד יוסף אבן אדרת, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ גאַנץ

טרויעריקער לאַגע. ווייל קומענדיק אַהין מיט זיינע אַרבעטער, האָט מען זיי אפילו אַ פונט מעל ניט געוואָלט פאַרקויפן. און ווען מען האָט מיט מסירת נפש אויפגעבויעט אַ שטיק וואַנט בייטאָג, פלעגן די אַראַבער זי צעשטערן ביינאַכט. ער האָט עס געמאָלדן צו יוסף נשיא אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און יוסף נשיא האָט זיך מיט אַ באַפעל פונם סולטאַן, געווענדעט צום פּאַשאַ פון דמשק, אָנצונעמען שטרענגע מיטלען. דער פּאַשאַ האָט אַרויסגעשיקט קיין טבריה אַ רעגימענט סאָלדאַטן. קומענדיק אַהין, האָט דער קאָמאַנדיר גלייך דערשאָסן צוויי שייכן אַגיטאַטאָרס, דערקלערנדיק זיי אין הויכפאַראַט. דאָס האָט אויף אַזוי פיל דערשראָקן די אַראַבער, אַז ניט נאָר זיי זיינען געוואָרן פּאַסיוו און ניט געשטערט די אַרבעט, נאָר אויך אַליין געוואָרן אַקטיווע אַרבעטער. איינזעענדיק אַז מען באַצאָלט זיי גאַנץ ערלעך. זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרקויפן די אידן לעבנסמיטל און געוואָרן די בעסטע גוטע פריינט פון דאָן יוסף נשיא. און אַזוי איז אויפגעבויעט און באַפעסטיקט געוואָרן די שטאָט טבריה, איבער וועלכע יוסף נשיא האָט געהערשט.

פיל היסטאָריקער, צווישן זיי אויך פּראָפעסאָר גרעץ, מאַכן פאַרוואָרפע דאָן יוסף נשיא, פאַר וואָס ער האָט פאַרנאַכלעסיקט די קאָלאָניזאַציע אין זיין גראַפשטאַט טבריה, און ניט נאָר די קאָלאָניזאַציע, נאָר אויך די אינדוסטריע, וועלכע ער האָט תחילת, איידער ער איז געוואָרן פירסט פון נאַקסאָס, אָנגעהויבן און נאָכדעם פאַרנאַכלעסיקט. דער אמת אָבער איז, אַז ניט ער איז שולדיק אין דעם, נאָר ווייל עס האָבן אים אויסגעפעלט די געלט מיטלען. די רייכע אידן פון יענער צייט האָבן אים ניט אונטערשטיצט, און אים אַליין, טראָץ זיין גרויס רייכקייט, איז געווען אוממעגלעך דורכצופירן אַ מאַסן קאָלאָניזאַציע. זיי האָבן אויף אים געזאָגט דאָס אייגענע וואָס די היינטיקע אנטיציוניסטן, אַז ער איז אַ טרוימער מיט פאַלשע אילוזיעס. די וועלכע האָבן אים יאָ אַמבעסטן פאַרשטאַנען זיינען געווען די רבנים און די גרויסע געלערנטע אידן פון ירושלים. צווישן די געלערנטע האָבן זיך געפונען רבי יוסף קאַרא, דער מחבר פונם בית יוסף; ר' משה אלשיך, דער באַרימטער אידישער פאָלקס רעדנער און מחבר; ר' משה אלמושנינו, איינער פון די טיכטיקסטע פאָלקס-עקאָנאָמען און נאַציאָנאַליסטן; רבי אליהו כהן, אַ איטאַליענישער רב, וועלכער האָט געפילט די טרויעריקע לאַגע פון די אידן אין איטאַליע, ווי ער האָט עס

אויסגעדריקט אין זיין ספר „עמק הבכא“; עס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז די גרויסע רבנים צו יענער צייט האָבן זיך ניט גערעכנט אַלס אַזעלכע, וואָס דאַרפן זיך אָפּגעבן מיט פּסקנ'ען שאלות פון כשר און טריפה, נאָר אויך אַלס פאַרטרעטער פונם אידנטום.

דאָן יוסף נשיא — ווי יעדער גרויסער מאַן — האָט אויך געהאַט פיל קעגנער ניט נאָר צווישן מאַכמעדאַנער, נאָר אויך צווישן אידן, און ביים בעסטן ווילן ניט געקאָנט פיל אויפטון פאַר אידן. ער האָט געטון וויפל עס איז אים מעגלעך געווען און וויפל די אומשטענדן האָבן אים דערלויבט צו טון. יוסף נשיא האָט אויך געאַרבעט אויפן ליטעראַרישן פעלד, ער האָט אָנגעשריבן א בוך אין דער פאָרטוגעזישער שפּראַך איבער רעליגיעזע פראַגן.

יוסף נשיא איז געשטאָרבן דעם צווייטן אויגוסט 1570. דער סולטאַן מוראַד דער דריטער, האָט קאָנפיסקירט זיין פאַרמעגן, צוליב פאָלגנדיקע צוויי מאָטיוון: ערשטנס, האָט ער עס דערוואָרבן אין טערקיי, און צווייטנס, האָט ער ניט איבערגעלאָזט קיין קינדער און ער אנערקענט ניט קיין אַנדערע יורשים...

ה. שכ"ט — 1569 — דער פויבסט פּיוס דער פינפטער, פארזיכערט אז אידן זיינען מכשפים און באפעלט זיי ארויסצוטרייבן פונם לאנד. נאר אין דער שטאט אנקאנא איז זיי דערלויבט געווארן צו פארבלייבן.

ה. ש"ל — 1570 — סעלים דער צווייטער, שיקט א אידן, מיטן נאָמען ר' שלמה, קיין ווענעדיג צו שליסן א פרידן טראַקטאַט מיט די רעפּובליקאנישע באַהערדע. — אין די צייטן פון פיליפּ דער צווייטער, באַזעצן זיך מערערע אידן אין שפּאניע. — ר' עזריה דע ראססי, פון מאנטאבא, גיט ארויס זיין בוך „מאור עינים“.

ה. של"א — 1571 — דער אידישער פארשטייער פון בראנדענבורג, לעאפאלד, ווערט געטויט דורך דעם פירשט יאהאן געארג, דער טראן באשטייגער נאָך יאאכים. ער דעקרעטירט אויך, אז אידן אין זיין לאנד זאלן זיך ענטוועדער טויפן, אדער פארלאָזן דאס לאַנד. אלע אידן פארקויפן זייער פאַרמעגן פאר א שפּאָט געלט און פיל פון זיי וואנדערן אוים קיין בעהמען און פילע אנדערע קיין פּוילן. — דער חבור פונם „שלחן ערוך“ און זיין פארשפּרייטונג צווישן אידן. — ר' שלמה לוריא פון לובלין (מהרש"ל) און דער רמ"א (ר' משה איסרלס) פון קראקא, זיינען מרבץ תורה ביי אידן.

ה. של"ג — 1573 — דער פויפּסט גרעגאר דער דרייצנטער, רעפאָרמירט דעם קאלענדאר, באמיט זיך צו באוואויגן אידן צו שמד'ן זיך, גיט ארויס א באַפעל, אז יעדער איד איז מחויב צו קור-

מען יעדן שבת אין קירכע אויסצוהערן די דרשות פון די גלחים. — דער טויט פון דעם גרויסן געלערנטן ר' דוד אבי זמרא, וועלכער איז געקומען פון מצרים קיין צפת, אין דער עלטער פון הונדערט צען יאָר. די צאָל פון אידישע רבנים אין טערקיי פאַרגרעסערט זיך פון יאָר צו יאָר; זיי צייכענען זיך אויס מיט תורה און חכמה, איבערהויפּט די רבנים פון צפת. — דער טויט פונם רמ"א (ר' משה איסרלס) דער „בעל המפה" אויפן שלחן ערוך פון ר' יוסף קארו.

**ה. של"ה** — 1575 — ר' יוסף הכהן ענדיקט זיין ספר „עמק הבכא". יונדב, א מאראקער הויכגעלערנטער מאַ־טעמאַטיקער און אסטראָנאָם, באַזיצט אכצן שפּראַכן, דער פאַרפאַסער פון מע־רערע וויסנשאַפטלעכע ספרים, ווערט גע־פאַנגען און פאַרקויפט פאַר א שקלאַף.

**ה. ש"מ** — 1580 — אין דער שטאָט אלקאהירא פאַרשפּרייט תורה דער רב ר' בצלאל פון דייטשלאַנד. — די אידישע קהלה אין סאַלאָניק האָט אויסגעבויט אויף איר חשבון א הויז פאַר א ישיבה אין חברון.

**ה. שמ"ה** — 1585 — דער פּויפּסט סיקסטוס דער פינפטער, איז מבטל אלע פריערדיקע גזרות אויף אידן. ער שאַפט פאַר זיי פריינטלעכע געזעצן. דער דאָקטאר מעדיצין און נאַטור־וויסנ־שאַפטסמאַן ה' דוד בן יצחק דע פּאָמוס, ווידמעט פאַר זיין כבוד וועגן זיין קאַנ־קאָרדאַנץ, וואס ער האָט פאַרפאַסט. — א גרויסע שרפה און א שרעקלעכע עפּי־דעמיע אין דער אידישער געטאָ פון סאַ־לאָניק. דורך דער שרעקלעכער געשעע־ניש, ווערט געשטערט די גייסטיקע אר־בעט פון די אידישע געלערנטע. — דער גרויסער מקובל ר' משה קארדאווערא ברענגט די ישיבה אין צפת צו א גלענ־צענדן שטאַנד.

**ה. שמ"ז** — 1587 — פיל אידן באַזעצן זיך אין פּערסיע און מאַכן דאָרט גלענצענדע געשעפטן.

**ה. שמ"ח** — 1588 — ר' גדליה בן יחייא לאָזט איבער נאָך זיין טויט איינאונצוואַנציק ספרים, פילאָזאָפישע און טעאָלאָגישע. אונטער זיי אויך דאָס ספר „שלשלת הקבלה".

**ה. שנ"ב** — 1592 — ר' דוד גאַנז, פון פּראַג, האָט דאָס יאָר געענדיקט צו שרייבן זיין ספר „צמח דוד". — דער מהר"ל פון פּראַג (ר' ליב בן בצלאל) דער הויפּט רב אין מעהרען, האָט א אוידיענץ ביים קעניג רודאָלף דער צווייטער, און באַקומט פון אים א דערלויבעניש צו זוכן מיטלען אויף צו פאַרזיכערן דעם עקזיסטענץ פון די ישיבות אין מעהרן, וועלכע זיינען פאַראַרימט געוואָרן אין די צייטן פון פערדינאַנד דער ערשטער.

**ה. שנ"ד** — 1594 — די ארויסגע־וויזענע אידן פון ברוינשווייג באַקומען א דערלויבעניש צוריק צו קערן זיך און באַ־זעצן זיך אין לאַנד. — דאָס ספר: „חזוק הדת" פון ר' יצחק בן אברהם פון טראָק, ווערט שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן די אידן אין דייטשלאַנד.

**ה. שנ"ה** — 1595 — דער סולטאַן מחמד דער דריטער, שליסט דורך דער פאַרמיטלונג פונם אידן גבריאל בוענאַ־ווענטורא, א וואַפנשטילשטאַנד מיט דעם שפּאַנישן קעניג.

**ה. שנ"ו** — 1596 — דער פּערסי־שער שאַך אבאס דער גרויסער, לייגט ארויף שווערע רעגירונגס שטייערן אויף די אידן פון זיין לאַנד. ער איז גוזר אויף

זיי, אז זיי זאָלן אים זאָגן, ווען עס וועט קומען דער משיח, אויף וועלכן זיי וואַרטן, ווען ניט, וועט ער זיי שטרענג באַ־שטראָפן. די אידן, כדי צו באַפרייען זיך פון דער שטראָף, זאָגן אים, אַז ער וועט קומען נאָך זיבעציק יאָר. דער שאַך וואַרנט זיי, אַז אויב ער וועט אין יענער צייט ניט קומען, מוזן זיי זיך אַלע באַ־קערן צום איסלאַם, און אויב יאָ, וועט ער מיט זיין פאָלק אָננעמען דאָס אידי־שע גלויבן.

**ה. שנ"ח** — 1598 — דער פויפסט קלעמענט דער אכטער, דערלויבט אידן צו וואוינען נאָר אין דריי שטעט: רוים, אנקאנא און אוניאָן. — דער קעניג פער־דינאַנד דער ערשטער, גרויס פירשט פון טאסקאנא, דערלויבט די אידן פריי צו האַנדלען אין אַלע צווייגן פון מסחר.

**ה. שנ"ט** — 1599 — דער איד חיים קאנסינא בן יצחק דמת, ווערט באַ־שטימט אַלס שפּאַנישער געזאַנדטער ביים סולטאַן אין מאַראָקאָ.

**ה. ש"ס** — 1600 — פאַרלאָגן פון אידישע ספרים עפענען זיך אין צפת און דמשק. — ר' דוד פּרדו, איינער פון די גרעסטע רבנים אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווערט אויפגענומען אַלס רב אין אמס־טערדאַם. — די אידן אין דאמבעאַ, אין אביסיניע, ווערן פאַרשקלאַפט צו די אַראַ־בער.

**ה. שס"ג** — 1603 — דער קעניג היינריך דער פערטער פון די בורבאָנען אין פראַנקרייך, דערלויבט פיר און צוואַנ־ציק אידישע פאַמיליעס צו באַזעצן זיך אין מעץ.

**ה. שס"ד** — 1604 — פיליפּ דער דריטער, קעניג פון שפּאַניע, דערלויבט פיל מאַראַנען צו ווערן עפנטלעכע אידן, און אויך צו מעגן ארויספאָרן אין די האָפנשטעט פון האָלאַנד.

**ה. שס"ה** — 1605 — די פראַנצוי־זישע רעגירונג טרייבט ארויס אַלע אידן פון אירע קאָלאָניעס אין אַמעריקע.

**ה. שס"ו** — 1606 — די אידן אין אמסטערדאַם, געקומענע פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, האָבן אויסגעבויט אַ פּראַכט־פולע שיל, וועלכע רופט זיך „בית יעקב", אויפן נאָמען פון יעקב טיראדא.

**ה. שע"ד** — 1614 — גרויזאמע עקסצעסן אויף די אידן אין פראַנקפורט אַם מאַין. די קריסטלעכע מאַסע, וועלכע איז אויפגערייצט געוואָרן פון דריי אַגי־טאַטאָרס, ברעכן זיך אַריין אין אידישע שילן, פאַרשוועכן אַלע היילִיקייטן, צע־רייסן אַלע ספרי תורות, צעברעכן מצבות אויף אידישע קברים, טרייבן ארויס די אידן פון שטאָט און פאַרשליסן די טויערן ניט אַריינצולאָזן זיי. דער קור־פירשט פון מאַינץ און דער פירשט פון דארמ־שטאט, גיבן ארויס אַ טויט־אורטייל אויף די קריסטלעכע אַגיטאַטאָרס. די שטאָט ווערט פריי פאַר אידן. — דער קייזער מאַטיאַס דערלויבט אידן צו באַזעצן זיך אין שטאָט און צו באַצאָלן זיי פאַר זייערע שאָדנס. מיט מוזיק ווערן אידן אַריינגעפירט אין שטאָט און עס ווערט זיי באַצאָלט הונדערט פינף און זיבע־ציק טויזנט ניין הונדערט ניינצן דינאַרן אַלס שאָדנערזאַץ. — די אידן פון פראַנקפורט האָבן אויף זיך גענומען צו פייערן דעם טאָג פון דער ישועה און ער ווערט אָנגערופן פורים פינץ.

**ה. שע"ה** — 1615 — שרעקלעכע רדיפות אויף אידן אין דער שטאָט וואָרמס. די קריסטלעכע בירגער פאַלן זיי איבער, טרייבן זיי ארויס פון דער

פאַרשטאַט וואו זיי האָבן זיך באַזעצט, פאַרניכטן די אידישע שיל, וועלכע האָט עקזיסטירט אכט הונדערט יאָר. אויפן באַפעל פונם קורפירשט פון פפאַלץ ווערט דער שטאָט־מער באַשטראָפט צו באַצאָלן טויזנט דינאַרן שאָדנערזאַץ און ווערט אראָפּגעוואָרפן פון זיין אמט.

**ה. שע״ו** — 1616 — דעם ניינטן יאַנואַר קערן זיך אידן אום צוריק קיין וואָרמס און באַזעצן זיך דאָרט. — ר׳ מרדכי מייזעל גיט פיל געלט אויף אויס־בויען א פראַכטפולע שיל אין פּראַג, שטיצט די לומדי תורה, און פאַרזיכערט דעם עקזיסטענץ פון די דאָרטיקע ישיבות.

**ה. שפ״ג** — 1623 — אין דער דער פרייער שטאָט האַמבורג באַזעצן זיך פיל אידן, און בויען אוים א שיל; דער קעניג פערדינאַנד דער צווייטער, מאַכט אַ שטרענגן פאָרוואורף דעם ראַט־הויז, פאַר דער דערלויבעניש אויף צו בויען די שיל.

**ה. שפ״ד** — 1624 — די האָלענ־דער דערלויבן אידן צו וואוינען אין בראַ־זיל.

**ה. שפ״ה** — 1625 — ר׳ יעקב בן יצחק פאַרפאַסט דעם צאינה וראינה פאַר פרויען. — אַ צווייטע גרויסע שרפה אין סאַלאָניק. — דער געבורט פון שבתי צבי אין סמירנא.

**ה. שצ״ד** — 1634 — אידן באַזעצן זיך אין די דערפער לאַנגען און ענדינ־גען, אין דער שווייץ.

**ה. שצ״ט** — 1639 — דוד נשיא גרינדעט א וואוינאָרט פאר די אידן אין קאַבעננע, אין זיד־אַמעריקע. — דער איד בענעדיקטוס דע קאַסטראָ ווערט באַ־שטימט אלס לייב - דאָקטאר פאר דער קעניגין כריסטינע פון שוועדן. די רבנים ר׳ יואל סירקים (ב״ח) ר׳ יהושע פאלק (מס״ע) אין קראקא, פאַרשפּרייטן די תורה צווישן אידן. — דאָס רבנות אין פּוילן האָט א גרויסן איינפלוס אויפן רוב אידן אין אייראָפּע.

**ה. ת״א** — 1641 — פון אַמסטער־דאַם וואַנדערן אוים פינף הונדערט אידן קיין בראַזיל, צווישן זיי די געלערנטע ר׳ משה רפאל דע אגילאר, און ר׳ יצחק אבוהב, וועלכע באַגלייטן זיי.

**ה. ת״ג** — 1643 — דער כבוד פון שבתי צבי ווערט פון טאָג צו טאָג גרע־סער ביי דער מאַסע. די צאָל פון זיינע תלמידים פאַרמערט זיך.

**ה. ת״ז** — 1647 — אוריאל אקאָס־טא ווערט געלייגט אין חרם פונם פּאָר־טוגעזישן רב אין אמסטערדאַם, פאַר זיין גרינגשעצן דאָס אידישע גלויבן. — ער טויטעט זיך מיט א רעוואָלווער שאָס.

אוריאל אַקאָסטאַ, איז דער היסטאָרישער העלד, וועלכער האָט פאַר זיינע פרייע אידייען ארויפגעצויגן אויף זיך דעם פאַרדרוס פון די גלויבי־קע, און איז פון זיי אויף אַזוי פיל פאַרפאָלגט געוואָרן אַז ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. אוריאל אקאָסטא, איז געבוירן געוואָרן אין פּאָרטוגאַל, זיי־נע עלטערן האָבן געשטאַמט פון די מאַראנען. ער איז דערצויגן געוואָרן ווי אַ פרומער קריסט, שטודירט טעאָלאָגיע און אין זיינע ערשטע יאָרן האָט ער זיך גערופן גבריאל דע קאַסטא.

זיין ביאָגראַפיע ווערט פון זאַנגווילן ראָמאַנטיש באַשריבן און איך האָב געפונען פאַר ניט איבעריק זי באַקאַנט מאַכן פאַר דעם לייענער.

„די פרילינגס זון האָט איר ליכטיקייט און ווארימעקייט אויסגע־שפרייט איבער דער נאַטור, און אויפגעלעבט איז געוואָרן דאָס גאַנצע באַשטאַנד. אַלעם אין דער נאַטור איז אויפגעשטאַנען תחית המתים און פאַרפוצט זיך לכבוד דעם ליבן פרילינג־גאַסט; די פעלדער האָבן זיך מיט אַ גרין־פאַרביקן מאַנטל איינגעהילט, די בוימער מיט אַ בלעטער־קלייד זיך אָנגעקליידט; די בלומען מיט זייער דופט זיך פּערפומירט; די פייגע־לעך האָבן פאַר שמחה זיך צעזונגען און צוטאַנצט לכבוד דעם ליבן און טייערן גאַסט, פרילינג.

אין איינעם אַזאַ טאָג, האָט זיך באַוויזן אַ יונגער רייטער אויף זיין גאַלאָפּירנדיק פערד, דורך די בוימער אַלעען, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון ביידע זייטן וועג. דער רייטער איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי נאָר גבריאל דע קאסטא.

דורך די אָפטע שפּאָרן־שטויסן אינם פערדס זייטן, איז עס אין גרעסטן גאַלאָפּ געלאָפן. דער רייטער האָט געזוכט דורך דעם האַסטיקן לויפן פונם פערד צו צעשטרייען זיך פון די געדאַנקען, וועלכע האָבן געבויערט זיין מח, און אים ניט געלאָזט רוען; געדאַנקען איבער הויכע פילאָזאָפישע ענינים אויף וועלכע ער האָט געזוכט אַ פּתרון וואָס זאָל אים צופרידנשטעלן און ניט געפונען. זיין פעסט־געבויעטער קערפּער, זיינע שוואַרצע אויגן, זיינע שוואַרצע לאָקן, וועלכע האָבן דערגרייכט ביז די אַקסלען, האָבן צוגעצויגן די בליקן פון די דורכגייענדע און אים באַוואונדערט. דאָס רייטן האָט אים אָבער ניט באַרואיקט. זיינע געדאַנקען זיינען ניט איבערגעריסן געוואָרן און זיין מח איז אַליין געבליבן פאַרנומען מיט זיי.

„ס׳איז אוממעגלעך — האָט ער צו זיך אַליין אַ זאָג געטון, — ס׳איז אוממעגלעך, אַז נאָר מיט ווערטער אַליין זאָל מען אימשטאַנד זיין צופרידנצושטעלן דעם אַלמעכטיקן, ער זאָל מוחל זיין אויף אַלע פאַר־ברעכן וואָס ווערן פון מענטשן באַגאַנגען... ווען דאָס גאַנצע גליק פונם מענטשן זאָל זיין אָפּהענגיק נאָר אינם אויספאָלגן וועלכע ס׳איז באַשטימטע געזעצן, וואָלטן דאָך די מענטשן שטענדיק גליקלעכע געווען... אָבער, האָב איך דען דאָס רעכט צו צווייפלען אין דעם אַלעם? איך פאָלג דאָך אוים אַלע חוקים מיט אַלע פּרטים, זאָל איך מיך ניט צופרידנשטעלן מיט

זיי? ווי גליקלעך וואָלט איך געווען ווען איך זאָל אימשטאַנד זיין אַרויס־צורייסן דעם צווייפל־וואָרעם פון מיין מח..."

אַזוי טראַכטנדיק האָט ער פלוצים דערזעען אַ קליין פייגעלע זיצנדיק אויף אַ בוים, און אַ משונהדיקער געדאַנק איז אים דורכגעפלויגן אין מח: אַז אין דעם פייגעלע איז מגולגל געוואָרן אַ נשמה פון אַן אַבער־גלויבער. און אין גרעסטן כּעס האָט ער אַרויסגעצויגן פונם גאַרטל אַ קליינעם רעוואָלווער, און אים אַנגעשטעלט אַקעגן דאָס פייגעלע. ער האָט אָבער גלייך חרטה באַקומען, זיין גוט הארץ האָט אים ניט דערלאָזט צו טויטן אַן אומשולדיק באַשעפעניש, צוליב אַ משונה׳דיקן געדאַנק וואָס איז אים אַריין אין מח. און ער האָט דעם רעוואָלווער אַ נויג געטון אין דער זייט, און דער שרויט איז געפאַלן אויף אַ צווייג און אים צע־שמעטערט.

„צו וואָס, צוליב וועלכן צוועק, האָט מיך מיין גאָטזעליקער פאָטער געווידמעט צו דער טעאָלאָגיע? אמת, פאַר דער יוגנט אין פּאָרטוגאַל, די אַדעליקע, איז די טעאָלאָגישע וויסנשאַפט דער בעסטער צווייג אויפן לעבנס־בוים. מעגלעך אַז פאַר זיי איז עס אַ צוועק, אָבער פאַר מיר, פאַר מיר מיט דער סקעפּטישער נשמה, וואָס פאַר אַ צוועק האָט עס? אָט טראָג איך אויף זיך דעם אמט פון אָבער־קאַסיר, אין איינער פון די קאַטוילישע רעליגיעזע אַנשטאַלטן, קאָן איך מיט מיין סקעפּטיציזם גאַראַנטירן צו קענען דערפילן מיין פליכט בשלמות? אָבער קאָן איך דען באַשולדיקן מיין פאָטער? ער איז שטאַרק צופרידן געווען, ווען ער האָט באַמערקט מיין פאַרטיפן זיך אין דעם שטודיום, און געגלויבט האָט ער אַז פון מיר וועט אויסוואַקסן איינער פון די באַרימטסטע טעאָלאָגן. האָט ער דען געקענט וויסן אַז צו מיין פאַרטיפן זיך האָט מיך געטריבן מיין סקעפּטיציזם?.. און וואָס מער איך פאַרטיף זיך, אַלץ מער וואַקסט דער צווייפל־וואָרעם אין מיין מח... פאַרוואָס, פאַרוואָס, בין איך אַזוי געשטראָפט?.. אַלע מיינע שול־חברים זיינען פאַרבליבן ערנסטע גלויביקער, נאָר איך אַליין בין אַן אויסנאַם... פאַרוואָס?!.."

אָבער פלוצים זיינען זיינע געדאַנקען איבערגעריסן געוואָרן, זיין פערד איז געבליבן שטיין, ער האָט עס אָנגעהויבן צו שטויסן מיט זיינע שפּאָרן, דאָס פערד האָט זיך אָבער ניט גערירט, ער איז גלייך אַראָפּגעשפּרונגען פון דעם, זיך צו דערוויסן די אורזאַכע דערפון, און האָט גלייך באַמערקט,

אַז ער געפינט זיך בײ א הויכן באַרג בײ דער זײט פונם טײך. ער האָט אויך באַמערקט אַז דעם פערדס זײטן זײנען פאַרבלוטיקט.

„אוי, אומגליקלעך אָרימע באַשעפעניש! מיט דיר איז געשעען דאָס זעלבע וואָס מיט בלעם'ס אײזעלינע, דער וועג איז פאַר דיר פאַרשטעלט געוואָרן, און איך האָב דיך ביז בלוט געשלאָגן"...

ער האָט גלײך אָנגענומען דעם צוים און לאַנגזאַם אָנגעהויבן צו פירן זײן פערד דורך שמאָלע שטעגן, צווישן די געדיכט צוזאַמענגעפלאָכטענע בוימער, דורך וועלכע עס האָט זיך קוים אַרויסגעזען דער בלויער הימל.

ווען גבריאל איז צוגעקומען צום מאַרק וואָס האָט זיך געצויגן אונטער דער שטאָט, האָט ער זיך צוריק אַרויפגעזעצט אויפן פערד מיט דעם געדאַנק ווײטער צו פאָרן. ס'איז אים אָבער אוממעגלעך געווען דורכצו־שטופן זיך דורך דער מענגע מענטשן וועלכע זײנען געקומען אין מאַרק קויפן און פאַרקויפן. דער גאַנצער מאַרק־פּלאַץ איז געווען פאַרנומען מיט צײטווײליקע בײדלעך, פאַרפולט מיט פאַרשידענע סחורות. דער גערויש און דער טומל איז געווען גרויס, און אָפּשטעלנדיק זיך בײ דעם ווינקל וואו פרויען פאַרקויפן בלומען, איז ער אַראָפּגעשטיגן פונם פערד.

„ווי גליקלעך זײנען די מענטשן — האָט דע קאָסטאַ אַ זאָג געטון — זײ ווײסן גאָרניט, פאַרשטײען גאָרניט, און גלויבן אויפריכטיק, אַז אויסער־לעכע רעליגיעזע צערעמאָניעס וועט זײ פירן צום אײביקן גליק; אָט זע איך נעבן מיר שטײן אַ פישער, און באַטראַכטנדיק זײן רואיק געזיכט און פרײלעך אויסזען, פיל איך אַז ער איז מער גליקלעכער פון מיר. ער, מיט זײן אָרימקײט, איז מער צופרידן ווי איך מיט מײן רײכקײט. נאָך זײן שווערן אַרבעטס־טאָג, וועט ער זיך מיט א פרײלעך האַרץ צוריקקערן אין אָוונט אַ היים, צו זײן פאַמיליע. זײן פרוי מיט זײנע קינדער וועלן זיך דערפרײען מיט אים, און ער מיט זײ. ער — דער פישער — האָט אַ גלויבן אין האַרצן, און מיט דעם גלויבן לעבט ער, און פון דעם גלויבן איז ער צופרידן. און איך? איך בין געבענטשט מיט רײכקײט, איך האָב אַ גרויסן נאָמען, אַ שײנעם באַרוף אין די הויכע ספערן, אָבער איך בין גאַנץ ווײט פון גליק... מײן גײסט איז נידערגעשלאָגן. איך וויל אויך גלויבן גלײך מיט דעם פישער, איך קען אָבער ניט... איך האָב מיך געלאָזט גײן אויף אַן אַנדער וועג, און דער וועג איז פול מיט שטײנער און די שטײנער דריקן מײן מח... און שטערן מײן גלויבן..."

רעדנדיק אזוי צו זיך, האָט ער דערהערט אַ ווײַ געשריי אונטער זיך, און ארומקוקענדיק זיך פון וואַנען דאָס געשריי קומט, האָט ער דערזען אַ שרעקלעך בילד פאַר זיך: אַ קראַנקער קריפּל ליגט אויף דער ערד און קאַרטשעט זיך פאַר ווייטיק; אַ דערשראָקענער, האָט ער ארויסגענומען פון טאַש עטלעכע מטבעות און זיי געגעבן דעם קראַנקן קריפּל און זיך געלאָזט פון דאָרט אַוועקגיין. אָפּגייענדיק אַ פּאָר טריט האָט ער דערהערט אַ שטימע וועלכע האָט געפרעגט שפּאָטיש:

— האָסטו שוין פאַרקויפט דאָס גאַנצע גרינצייג? און ווענדנדיק זיין געזיכט צו דער זייט פון וואַנען די שטימע האָט זיך געלאָזט הערן, האָט ער דערזען נעבן זיך אַ הויכן, ברייט-ביינערדיקן מאַן, וועלכער איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי דאָן דיעגאָ דע באַלטאזאר, דער וועלכער איז צופאַר מיט יאָרן געווען פּראָפעסאָר פון לאָגיק אין קעמברידזשער אוניווערזיטעט, און איצט דאָקטאָר מעדיצין אין פּאָרטוגאַל. דער אַלטער דאָקטאָר האָט שפּאַסיק און פריינטלעך גערעדט מיט אַן אַלטער גרינס-פאַרקויפערין.

— איך האָב מיין גרינצייג פאַרקויפט ביז מיטיק — האָט די אַלטע פאַרקויפערין מיט אַ שמייכל אים געענטפערט. — עס ווייזט אויס אַז די פּאָרטוגעזער האָבן אַלע צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז זיי זאָלן היינט אויסקויפן דאָס גאַנצע גרינס, איבערהויפּט דעם כריין. און דאָס טרעפט זיך יעדעס יאָר, ווען אַ וואָרעמער ווינט הויבט אָן צו בלאָזן פון מזרח-זייט... איך וויים גאָרניט — האָט די אַלטע פאַרגעזעצט — וואָס פאַר אַ טעם די מענטשן פילן אין דעם ביטערן קרויט, איך קאָן עס אין מויל ניט נעמען.

— דאָס ביטערע קרויט — האָט דער דאָקטאָר אַ זאָג געטון, עסן נאָר אַזעלכע מענטשן וואָס זיינען פולקאָם געזונט, אָבער ניט אַזאַ שוואַכע און בלוט-אָרימע פּרוי ווי דו, אַלטע, ביזט. און דערביי האָט ער שמייכלענדיק אַ דורכדרינגענדן בליק געוואָרפן אויף גבריאל׳ן.

אויך גבריאל האָט שמייכלענדיק אַ זאָג געטון: פאַר געוויס פילן די מענטשן אין האַרצן, דאָס וואָס זיי דאַרפן קויפן מיט די הענט...

— ריכטיק געזאָגט, סעניאָר דע קאָסטאַ, האָט דער דאָקטאָר געענט-פערט, מערק נאָר גוט אַז די מערצאָל פון די גרינצייג-קויפער זיינען פעסטע, געזונטע, מיט אייזערנע נערוון. די ווערטער האָט דאָן דיעגאָ ארויסגע-זאָגט אין דער לאטייניישער שפּראַך, און אַ מאָדנע קוק געטון אויף גבריאל׳ן.

— ביזטו אויך, דאָקטאָר, מיט דער מיינונג, ווי אלע וועגעטעריאנער, אַז דאָס פלייש עסן ברענגט מערערע מאָל א אויסצערונג? און ארוים־זאָגנדיק די ווערטער האָט ער אים געקוקט גלייך אין די אויגן.

פלוצים איז דאָן דיעגאָ בלאָס געוואָרן... נאָר ער האָט זיך אָנגעשטרענגט, צו זיין גלייכגילטיק, כדי ניט צו לאָזן דערקענען זיין פארווירונג.

— איך בין טיילווייז מודה אַז פלייש שאַפט מער הייטערקייט אין מענטשלעכן אָרגאַניזם. דאָ איז אבער אויך די צרה וואָס פלייש פאַר־אומרייניקט דאָס בלוט, און דעריבער האָט די הייליקע קירכע מתקן געווען די פאַסט־טעג.

ווען דאָן דיעגאָ האָט געענדיקט, האָט ער זיך אַנטשולדיקט פאַר דע קאסטאַ׳ן, זאָגנדיק אַז ער איילט זיך צו גיין אַ היים, און טאַקע באלד איז ער אהין אַוועק מיט דער צווייטער זייט...

אין אַ וואָך אַרום, נאָך דעם געשפּרעך וואָס ס׳איז פאָרגעקומען צווישן דאָן דיעגאָ און דע קאָסטאַ, האָט זיך דער לעצטער דערוואוסט אַז דאָן דיעגאָ דע באלטאזאר איז ארייגעזעצט געוואָרן אין געפענקעניש אויפן באַפעל פון דער אינקוויזיציע, ווייל מען האָט אים חושד געווען אַז ער פירט אוים אין געהיים אַלע אידישע מנהגים. די נאכריכט האָט דע קאסטאַ׳ן ווי א דונער געטראָפן, ער האָט זיך דערמאָנט, אַז צווישן די פיר און דרייסיק סמנים דורך וועלכע די אינקוויזיציע דערקענט די געהיימע אידן, איז אויך פאַראַן דער צייכן, אַז פאַר פסח קויפן זיי כריין און אנדערע גרינצייג. און מערקווירדיק, שטענדיק ווען ער האָט א טראכט געטון וועגן אידן, פלעגט זיך אין אים דערוועקן אַן עקל צו דעם פאָלק, איצט אָבער, האָט אין זיין הארצן אויפגעלעבט א רחמנות׳דיק געפיל צו דעמזעלבן. און ער האָט אָנגעהויבן אין הארצן צו באַוואונדערן דאָס דאָזיקע פאָלק, וועלכעס ליידט אַזוי פיל צרות צוליב זיין גלויבן, און זיין בלוט ווערט פאַרגאָסן אַ דאַנק זיינע דערהויבענע אידייען. „און דאָס פאָלק — האָט פלוצים אים א בליץ געטון אין מח — איז דאָך אמאָל זיין פאָלק געווען, זיינע גאָטזעליקע עלטערן האָבן דאָך פון דעם געשטאַמט”. און פאַר זיינע אויגן האָבן אנגעהויבן צו שוועבן די געשטאַלטן פון זיינע עלטערן. ער זעט זיי ווי זיי גיסן אוים זייער הארץ איז אַ געבעט פאַר דעם אַלמעכטיקן גאָט, אין דער צייט ווען זיי ווערן ארויסגעטריבן פון שפּאַניע און פאַר־טוגאַל. ער זעט זיי מיט זייער פעסטן גלויבן אין גאָט, אַז ער וועט זיי

ניט פארלאָזן אויך אין די גלות־לענדער. קוקנדיק אויף די פילע קויפערס פון גרינצייג אין די פּאָר פּסח־טעג, איז אים איינגעפאַלן אַ געדאנק, אז עס געפינען זיך נאָך פּיל, פּיל אידן אנוסים וועלכע פירן אויס אין געהיים אַלע אידישע טראדיציעס. און דאָן האָט ער פאַרשטאַנען פאַר וואָס דאָן דיעגאָ האָט מיט אים פאַרפירט אַ שמועס וועגן כריין און גרינצייג. ער האָט אים געווים גערעכנט פאַר איינעם פון די מאראנען... „אוי! גאָט, מיין גאָט!" האָט ער שטיל ארויסגעזאָגט און א ציטער האָט אים אַרומ־געכאַפּט. ער דערמאנט זיך אין דעם אויטאָ־דע־פע וואָס ער האָט געזען אין ליסאבאָן, ווען דער פראַנציסקאַנער גייסטלעכער דע לאַ אנסוקא איז אויף אים פאַרבּרענט געוואָרן. „איז עס מעגלעך אז אויך דאָן דיעגאָ זאָל אויף דעמזעלבן אומקומען?! און דער שולדיקער וועל איך דאָך זיין, ווייל איך האָב דאָך מיט אים וועגן דעם גרינצייג גערעדט. ניין! עס טאָר אַזעלכעס ניט געשען! איך וועל עס ניט דערלאָזן!"

מיט אַ שווער געמיט איז ער צוריקגעקומען צו זיין היים. ער האָט געוואָלט בלייבן אליין אין זיין צימער, און אונטערן אויסרייד אַז ער פילט זיך ניט גוט, האָט ער געבעטן זיין מוטער און זיינע ברידער זיי זאָלן אים מוחל זיין וואָס ער קאָן מיט זיי דעם היינטיקן אָוונט ניט פארברענגען צוזאַמען. פאַרבלייבנדיק אַליין אין זיין צימער, האָט ער געזוכט מיט עפּעס וואָס צו צעשטרייען און בארויקן זיינע צערייצטע נערוון. זיין בליק איז געפאַלן אויפן טיש און ער האָט דאָרט דערזען דעם תנ"ך, דער אלטער טעסטאמענט, אויף וועלכן ער, ווי יעדער פרומער קאטוליק, פלעגט קוקן אויף אים פון אויבן אראָפּ. און אצינד, אויפגערודערט פון דער געשעעניש, און מיט א מח פול מיט סקעפּטישע געדאנקען, האָט עס אים דאָך א צי געטון צום בוך. ער האָט גענומען דעם תנ"ך, אים געעפנט און אנגע־הויבן צו לייענען דאָס געשריבענע אויף לאטיין, די רייד פון דעם נביא עמוס: „קער אָפּ פון מיר דיינע פילע שירים, דאָס געזאַנג פון דיינע פידלען וויל איך ניט הערן, זאָל ווי וואַסער אנטפלעקט ווערן דאָס רעכט, און דאָס גערעכטיקייט ווי א שטאַרקער טייך". און גלייך דערויף מישט ער איבער געציילטע זייטן און טרעפט זיך אָן מיט די רייד פון מיכה המורשתי: „איך זאָג דיר, מענטש, וואָס גוט פאַר דיר איז, און וואָס גאָט פאָדערט פון דיר צו טון: רעכטפאַרטיקייט, ליב האָבן גנעדיקייט און אויפפירן זיך פרום קעגן דיין גאָט". די ארויסגעזאָגטע ווערטער פון די צוויי נביאים

האָבן אים דערשיטערט: — רחמנות, גערעכטיקייט און פרומקייט, פאַדערט גאָט פון אונז. ניט קיין ווערטער, ניט קיין בייכטע וואָס גיין ארויס פון די ליפּן...

נאָכדעם האָט ער אויפגעמישט דאָס חומש און אנגעהויבן לייענען אין דעם די הומאַנישע געזעצן וועגן די פּרעמדלינגע, וועגן אָרימע, און אויך וועגן בעלי החיים. ער לייענט: „זאָלסט ליב האָבן דיין חבר ווי זיך זעלבסט". מיין גאָט! האָט ער אַ געשריי געטון, — דער געדאַנק איז דאָך דער פּרינציפּ פון אַלע רעליגיעס, און דער איז גענומען געוואָרן פונם תנ"ך? און וויפיל נאָך אַזעלכע פּערל געפונען זיך אינם תנ"ך? מיין גאָט! וואָס פאַר אַן אומרעכט האָבן מיינע עלטערן געפונען אין דעם אידישן גלויבן וואָס זיי האָבן עס פאַרלאָזט. אויף ניט צו וועלן מער צוריקקערן זיך צו דעם? און ער דערמאָנט זיך אין די אַלע טרויעריקע געשיכטעס וואָס ער האָט געהערט: וועגן דאָס אַרויסטרייבן אידן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, אין דער צייט ווען ס'איז פאַר זיי פאַרגעלייגט געוואָרן איינס פון די ביידע, אָדער זיך טויפן, אָדער פאַרלאָזן דאָס לאַנד. „און מיינע עלטערן זיינען געווען די זעלבע פּייגלינגע, די זעלבע לייכטזיניקע ווי אַלע אַנדערע?" און באַלד טוט ער אַ טראַכט: „אפשר איז דאָס לעבן און דאָס גליק פון זייערע פאַמיליעס געווען ביי זיי טייער, און זיי האָבן זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם וואָס ס'איז ביי זיי אויך טייער געווען?.."

„איך וואָלט אָבער גליקלעך געווען ווען איך זאָל וויסן אויב מיינע אורעלטערן זיינען ניט געווען קיין פאַרמאַסקירטע... מיין פאָטער, געדענק איך פאַר אַ פרומען קריסט... דאָס איז אמווייניקסטן אַ טרייסט פאַר מיר, וויסנדיק, אַז מיין פאָטער איז ניט געווען קיין שווינדלער, ניט קיין פאַרמאַסקירטער, ניט געזאָגט מיטן מויל וואָס ער האָט ניט געפילט אין האַרצן..." און ער דערמאָנט זיך אַז זיין פאָטער האָט אים איינמאָל געזאָגט, אַז אויך זיינע עלטערן זיינען פרומע קאַטוילן געווען. „אויך איך וועל אין דעמזעלבן וועג גיין, און נאָר דער אמת וועט באַלייכטן מיין וועג".

מיט אַזעלכע געדאַנקען איז ער איינגעשלאָפן. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט ווען די ערשטע זון־שטראַלן האָבן באַלויכטן זיין שלאָף־צימער. אין די ערשטע מינוטן האָט ער זיך געפילט אַ באַרואיקטער, די געדאַנקען האָבן אים ניט געפּייניקט, עס האָט אָבער פיל ניט געדויערט, און אַ נייער געדאַנק האָט אים אָנגעהויבן צו פּלאָגן:

„ווי אַזוי, און אויף וועלכן אופן — האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן — האָט זיך גאָט באַוויזן צו משה׳ן? איז ווירקלעך געווען אַ געטלעכע אַנט־פּלעקונג אויפן באַרג סיני?" און גלייך איז אים געקומען אויפן געדאַנק דאָן דיעגאָ, ווי ער איז אריינגעוואָרפן געוואָרן אין געפענקעניש. דער גע־דאַנק האָט אים ביז גאָר געפייניקט. „און ווער ווייסט! אויב איך בין ניט דער שולדיקער... דורך מיין ניט פאַרזיכטיקייט, האָט ער אויף זיך אַרויפ־געצויגן דעם חשד אַז ער איז אַ געהיימער איד". ער האָט שנעל זיך אָנגעטון, און אַ זאָג געטון: „איך מוז ריכטיק זיך דערוויסן די סבה פון דעם אַרעסט", און איז גלייך געגאַנגען צום סעקרעטאַר פון דער אינקוויזיציע. קומענדיק אהין, האָט דער סעקרעטאַר אים העפלעך באַגריסט, און אים אַ פרעג געטון: „— האָסטו אפשר, גנעדיקער הער, געפאַנגען אַ ליסטיגן פוקס?.." גבריאל׳ס געזיכט איז פון אַזאַ פראַגע בלאַס געוואָרן, און אויך ניט ווייניק אים אַריינגעבראַכט אין צאָרן. די פראַגע האָט אים ווי מיט אַ שפּיז אין האַרצן געטראָפן. ער האָט זיך אָבער באַזינט און זיך געשטאַרקט צו ענטפערן: „ניין, מיין הער, ניט וועגן דעם בין איך געקומען, איך בין געקומען זיך דערוויסן פאַר וועלכן פאַרברעכן איז דאָן דיעגאָ אַרעסטירט געוואָרן? בין איך אפשר געווען די אורזאַכע דערפון?"

— רעכנסטו דען דאָס פאַר אַ פאַרברעכן? — האָט דער סעקרעטאַר אַ פאַרוואונדערטער אים אַ פרעג געטון,—דו האָסט זיך דערמיט דאָך פאַר־דינט דעם גרעסטן דאַנק פון דער אינקוויזיציע, און דיין נאָמען וועט פון יעדן באַרימט ווערן.

— אָבער, מיין הער, איך קאָן דאָך ניט דולדן אז א אומשולדיקער זאָל ליידן צוליב אַ שפּאַס וואָס איך האָב געמאַכט וועגן דער גרינצייג־און־כריין פראַגע...

— ריכטיק, אפשר האָסטו געשפּאַסט, אָבער „יוסי", אונזער געהיים־אַגענט, האָט בייגעוואוינט אייער געשפּרעך, און ער איז פון דעם איבער־צייגט געוואָרן אַז דאָן דיעגאָ איז שולדיק...

— וויל עס, הייסט עס, זאָגן, אַז דאָן דיעגאָ איז אַ געהיימער איד?..

— געווים איז ער א איד פון די פיס ביז צום קאָפּ, און דאָך ווי איינגעשפּאַרט ער איז, מען קען ביי אים ניט אַרויסבאַקומען דעם אמת. שוין דריי מאָל האָבן מיר אונזער פּרואוו אויף אים געמאַכט; מיר האָבן אים אויך אונזער טרייע עצה געגעבן, ער זאָל זיך מודה זיין, ער האַלט

זיך אָבער ביי זיינעם: אַז ער פילט זיך ניט שולדיק אין קיין שום זינד. מיר וועלן מוזן אָננעמען אַנדערע מיטלען...

— וועט איר אפשר אָנווענדן די פּאַלטער אינסטרומענטן קעגן אים?!

דער סעקרעטאַר האָט עס באַשטעטיקט מיט זיין קאָפּ-באַוועגונג.

— ווי אַזוי קאָנט איר נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט, צו פייניקן אַ מענטשן איידער איר זענט איבערצייגט אין זיין שולד? פּילייכט וועט ער פון די ריכטער פאַר אומשולדיק דערקלערט ווערן?

— שרעקט זיך ניט. אונזערע פּאַלטער אינסטרומענטן וועלן אים צווינגען צו זאָגן דעם אמת, וועלכן ער פאַרבאָרגט. אָבער ווי בלאָס איר זענט געוואָרן... ווייסט איר דען ניט אַז דער איינגע׳עקשנ׳טער איד האָט פאַרדינט די שטראָף? און כּדי זיך איבערצייגן, אין אונזער גערעכטיקייט, ווילן מיר האָבן דאָס פאַרגעניגן איך איינצולאַדן ביי׳צוזיין, ביים פאַרהער פון דעם עקשן...

— איך קאָן אייער איינלאַדונג צום באַדויערן ניט אָננעמען. זעענדיק מיך, וועט דער אַרעסטירטער געווים גלויבן אַז איך פריי זיך אויף זיינע ליידן.

— צו דעם איז אויך דאָ אַ עצה, האָט דער סעקרעטאַר זיך צע-שמייכלט, מיר וועלן אייך געבן אַ מאַסקע.

ווילנדיק זיך איבערצייגן אין דער ווירקלעכקייט פון דעם פייניקונגס-סיסטעם ווי מען האָט עס אים איבערגעגעבן, האָט ער איינגעוויליקט, כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז דאָס וועט אים פאַרשאַפן די גרעסטע שמערצן. און אנטועענדיק די מאַסקע איז ער מיטן סעקרעטאַר, צוזאַמען מיט די אינקוויזיציאָנס-ריכטער, אַראָפּ אין דער אונטערערדישער געביידע. שרעקלעך איז פאַר דע קאַסטאַ׳ן געוועזן דאָס אויסזעען פון דער פינסטערער הייל... די וועגט פייכטע און פאַרשימלטע, די טירן פאַראַסטעטע, איין איינציק ליכט האָט באַלייכטן דאָס פינסטערניש. אין אַ ווינקל פון דער הייל, איז געשטאַנען אַ הויכער לייטער אויף וועלכן ס׳האָט געהאַנגען אייזערנע רעדער מיט שאַרפע צוועקעס און נאָך אַנדערע פּאַלטער-אינסטרומענטן; אין דער מיט איז געשטאַנען אַ קליין טישל, אויף וועלכן ס׳איז געלעגן דאָס שרייב-געצייג.

ווי דערשיטערט דע קאַסטאַ איז געוואָרן פון אלעם וואָס ער האָט אין דער הייל געזען, האָט עס אָבער אויף אים ניט געמאַכט אַזאַ פיינלעכע

ווירקונג, ווי ווען ער האָט דערזען דאָן דיעגאָ׳ן זיצנדיק אויף דער ערד, אַ דערשלאָגענער און אַ פאַר׳חלש׳טער.

— שטיי אויף, דאָן אברהם באלטאזאר! — האָט דער ריכטער אַ געשריי געטון.

דאָן דיעגאָ האָט אָבער דעם רוף אין אַכט ניט גענומען, און איז גע־בליבן זיצן אויפן פלאַץ. מיט דער האַנט האָט ער פאַרשטעלט די אויגן, ווייל ער האָט ניט געקענט פאַרנעמען דאָס ליכט וואָס איז אין דער שטענדיק פינסטערער הייל אַנגעצונדן געוואָרן.

— מיין נאָמען איז דאָן דיעגאָ, און ניט דאָן אברהם! — האָט ער אַ פאַרצאַרנטער אַ זאָג געטון.

— פאַר אונז איז אַלץ איינס ווי אזוי דו רופסט זיך, אפשר האָב איך גאַר אַ טעות געהאַט, און דיך אָנגערופן אברהם אָנשטאָט יצחק... איך באַפעל אָבער, זאָלסט גלייך זיך שטעלן אויף די פיס! — האָט דער ריכטער, מיט פייער־שפּריצנדיקע אויגן אַ געשריי געטון.

דאָן דיעגאָ איז אויפגעשטאַנען, און מיט ציטערדיקע ליפּן כמעט ווי אויסגעשריען:

— ווי וואַגט איר צו באַשולדיקן איינעם פון די פרומסטע קאַטויליקן, וועלכער היט אָפּ אַלע אונזערע קריסטלעכע געבאָטן, און פאַרנעמט אַזאַ בכבוד׳יקן אמט אין אונזער הויכער אוניווערזיטעט? ווער איז עס דער נידערטרעכטיקער וועלכער האָט אויף מיר אַזאַ שרעקלעכן בלבול געמאַכט, ווייזט מיר אים, וועל איך אים איבערצייגן זיין נידערטרעכטיקן ליגן.

— דאָס איז אוממעגלעך, די אינקוויזיציע געזעצן דערלויבן עס ניט, — האָט דער סעקרעטאַר ארויסגעזאָגט.

— זאָל מען אמווייניקסטן מיר פאַרלייענען דעם באַשולדיקונגס־אַקט. זאָל איך וויסן ווי אזוי און אויף וועלכער ארט איך ווער באַשולדיקט.

— דעם באַשולדיקונגס־אַקט וועט מען פאַר דיר לייענען אינם אוידיענץ־זאַל. מיר אָבער גיבן דיר אונזער עצה, זאָלסט חרטה האָבן אויף דיינע שווערע זינד... האָט דער ריכטער צו אים געזאָגט.

— ווער עס פילט זיך זינדיק דער זאָל חרטה האָבן; איך אָבער, פיל מיך ניט אין קיין שום זינד, אויסער די אויף וועלכע איך האָב מיך גע־בייכטעט אין די פאַסט־טעג פאַרן גייסטלעכן... איך ווייס, איך ווייס, אַז גבריאל דע קאסטא האָט אויף מיר דעם בלבול געמאַכט. ער — דער

פילאָזאָף, — מיט זיין גאַנצער פילאָזאָפיע האָט ניט פאַרשטאַנען אַז איך האָב נאָר געשפּאַסט מיט מיין געשטעלטער פראַגע דער אלטער גרינציינג-פּאַרקויפערן, וועלכע האָט זיך באַרימט אַז זי האָט איר גאַנצע סחורה פאַרקויפט צו די פאַרשאָלטענע אידן. אָבער אין דער ווירקלעכקייט בין איך אַזאַ איד ווי דער סעניאָר דע קאַסטאַ...

דערהערנדיק די ווערטער, האָט גבריאל פאַרשטאַנען אַז דאָן דיעגאָ איז דער זעלבער איד ווי ער, ביידע שטאַמען זיי פון אידן... ווען אויך ער האָט זיך אַזוי איינגע׳עקשנ׳ט און ניט געוואָלט מודה זיין זיך.

— ווי ס׳איז צו זען, וועסטו מיט גוטן ניט מודה זיין אויף דיין פאַר-ברעכן, און מיר מוזן, צום באַדויערן, באַנוצן זיך מיט די אינקוויזיציע-אינסטרומענטן.

— שרעקלעך, שרעקלעך, צו וועלן פייניקן אַ אומשולדיקן. אַזעלכעס וועט דאָך אפילו אַן אומוויסנדער פאַרשטיין אַז ס׳איז אַן אומרעכט.

— שווייג, טייערער, דענק ניט אַז דו געפינסט זיך אין אַ אוניווער-זיטעט...

— נעמט גלייך די פאלטער-אינסטרומענטן, — האָט ער אַ זאָג געטון צו איינעם מיט אַ מאַסקע — און הויבט אָן אייער ארבעט.

גלייך איז דער מאַן צוגעגאַנגען צו דאָן דיעגאָ, פון אים שנעל אַראָפּ-געריסן די קליידער און אָנגעהויבן אים שרעקלעך צו פייניקן.

דאָס פייניקן איז געווען שרעקלעך, דאָן דיעגאָ האָט אָבער געדולדיק איבערגעטראָגן און קיין קרעכץ ניט ארויסגעלאָזט.

ווען דאָס פייניקן האָט זיך מיט דער גרעסטער אכזריות אָנגעהויבן, האָט דער דאָקטאָר פאַראָרדנט אָפּצושטעלן, דערקלערנדיק אַז דער גע-פייניקטער וועט באַלד שטאַרבן אויב מען וועט אויף דעם אופן אים מאַטערן...

דאָס שרעקלעכע בילד האָט אויף דע קאַסטאַ׳ן אַזוי שטאַרק גע-ווירקט, אַז ער האָט געמוזט פאַרלאָזן די אינקוויזיציאָנס-הייל...

ווען ס׳זיינען פאַריבער צען טעג, האָט דע קאַסטאַ זיך דערוואוסט אַז דאָן דיעגאָ איז באַפרייט געוואָרן.

די נאַכריכט האָט אים אויף אַזוי פיל איבערראַשט, אַז ער האָט באַ-שטימט צו באַזוכן אים, און פון אים זיך דערוויסן ווי אַזוי ארום ער האָט זיך ארויסגעריסן פון די שאַרפע נעגל מיט וועלכע די אינקוויזיציע

קלאַמערט זיך אײַן אין אירע קרבנות. ניט אַזוי לײַכט איז דע קאַסטאַ'ן אָנגעקומען ביז ער האָט זיך אין געהיימניס דערשלאָגן צו זײַן וואוינונג. אַרײַנקומענדיק אין צימער וואו דער צעשלאָגענער, צע'מזיק'טער דאָן דיעגאָ איז געלעגן, האָט ער באַמערקט אַז צוקאָפּנס פונם חולה, העגגט דאָס בילד פון יעזוס, ווי עס פּאַסט פאַר יעדן גלויביקן קאַטויליק.

— אַנטשולדיקט מיר דאָן דיעגאָ, וואָס איך האָב מיך אַזוי ניט דזשענטלמעניש אַרײַנגעריסן אין אײַער צימער. מײַן אומגעדולד צו דער־וויסן זיך פון אײַער צושטאַנד, און אויך פון דעם וואונדער ווי אַזוי איר זענט באַפרײַט געוואָרן, האָט מיך געטריבן צו מײַן אומהעפלעכקייט.

דאָן דיעגאָ האָט מיט פאַרדאַכט אויף אים אַ קוק געטון און געזאָגט:

— ווען אויך די ריכטער זײַנען ווי געטרײַע הינט צו דער אינקווי־זיציע, האָבן זיי אָבער ניט דעם שאַרפן הינטישן חוש צו קענען פילן און אונטערשיידן פון א שולדיקן ביז אַן אומשולדיקן, און אַזוי אַרום לײַדט דער לעצטער צוליב דעם ערשטן. איך אָבער — אַלס אַ געטרײַער קריסט — באַקלאָג מיך ניט אויף זיי — האָט ער מיט דער גרעסטער רואיקייט אַרויסגעזאָגט, — דאָס איז דאָך דער דעוויז פון יעדן גלויביקן קריסט: צו לײַדן און צו פאַרצײַען דעם אָדער די וואָס פאַרשאַפן אים די לײַדן...

— אויף אַזאַ אופן גלויב איך אַז איר וועט מיר אויך פאַרצײַען פאַר מײַן פאַראורזאַכן אײַך די שמערצן, און בײַ די ווערטער א טראַכט געטון: „ווי פאַרזיכטיק איז דער אַלטער, וואָס אפילו בײַ זיך אין צימער האָט ער די מאַסקע ניט אַראָפּגענומען". איך שווער אײַך, פרײַנט, אַז איך וואָלט זיך בעסער געלאָזט אויסרײַסן אַלע צײַן פונם מויל אײדער אַרויסגעבן דעם סוד פון אײנעם פון מײַנע אידישע רעליגיאָנס־גענאָסן.

— איך האָב דאָך אײַך געזאָגט — האָט דאָן דיעגאָ אַ געשריי געטון אין גרעסטן כעס — אַז איך בין אַ פרומער קריסט, און ניט קײן איד...

— ווי וואונדערבאַר קומט עס מיר פאָר, אַז אויך פאַר אַ זון פון דײַן פאָלק ווילסטו ניט אַראָפּנעמען די פאַלשע מאַסקע...

אומזיסט באַמיט זיך דער קלוגסטער יעגער צו וועלן פאַנגען דעם פויגל וועלכער פאַרשטייט אַז מען וויל אים פאַנגען...

— ניין, פרײַנט, דו ביזט ניט קײן איד, נאָר אַ קריסט גלײַך מיט מיר. אינקענגנפאַל, וואָלסטו דאָך געדאַרפט וויסן אַז אידן קויפן אויף פסח גרינ־צײַג, און וואָלסט די פראַגע מיר ניט געשטעלט.

— אויף מיין ערן־וואָרט זאָג איך דיר, אַז איך האָב ניט דאָס רעכט זיך אָנרופן מיטן נאָמען פון איינעם פון די ביידע. ווירקלעך, איך בין דערצויגן געוואָרן קריסטלעך, אבער זייט אייניקע טעג פלאָגן מיך מיינע געדאַנקען, און פאַרשידענע פראַגן פילן אָן מיין מח. זעסט, פריינט, איך האָב מיין געהיימנים פאַר דיר פאַרטרויעט, און דו שרעקסט זיך אַלץ פאַר מיר...

דאַן דיעגאָ האָט זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן און אַלץ זיך גע־האַלטן אַלס אַ גלויביקער קריסט. פלוצים אָבער, האָט ער זיך קראַנקערהייט אויפגעהויבן פונם בעט, צוגעגאַנגען צו דער טיר, אַריינגעקוקט אין שליסל־לאָך כּדי זיך איבערצייגן, אַז קיינער שפּירט אים ניט נאָך, און פאַר־שליסנדיק זי, האָט ער מיט ציטערניש אין קול אַ געשריי געטון:

— דע קאַסטאַ! דיין לעבן איז איצט אין מיינע הענט, און מיינס — אין דיינע, און נעמענדיק די צוויי כּוסות וועלכע זיינען געשטאַנען אויפן טיש האָט ער זיי אָנגעפּולט מיט וויין, און איבערגעבנדיק איינעם אין דע קאַסטאַ׳ס האַנט האָט ער אויסגעשריען: זאָלן מיר טרינקען אויף דער מפּלה פון דער מערדערישער אינקוויזיציע! זאָל גאָט געבן דאָס זי, צוזאַמען מיט אַלע יעזואיטן און אינקוויזיטאָרן, זאָלן פאַרשוואונדן ווערן פון דער וועלט!

דע קאַסטאַ האָט דערפילט ווי מען וואָלט פון זיין האַרץ אַראָפּגענומען אַ שווערע לאַסט, און דאַן דיעגא האָט פאַרגעזעצט: איך בין געראַטעוועט געוואָרן פון דער נעץ וועלכע איז פון דער אינקוויזיציע פאַר מיר פאַר־שפּרייט געוואָרן, אָבער ניט אַזוי שנעל וועל איך מיך קאָנען אויסהיילן פון די וואונדן וואָס איך האָב פון איר באַקומען.

— אוי! ווי שרעקלעך דו האָסט געליטן, מיין פריינט!

— אָבער ניט אויף די פיזישע וואונדן באַקלאָג איך זיך, נאָר מיין האַרץ ווייטיקט אויף מיין פאַרמעגן וואָס איז פון מיר צוגענומען געוואָרן, ווייל נאָר אַ דאַנק דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט אַלץ געוואָרנט די מערדערס זיי זאָלן מיך ניט קוועלן, ווייל איך וועל שטאַרבן, בין איך באַפרייט געוואָרן. דער דאָקטאָר, וואָס איז אויך איינער פון אונזערע רע־ליגיאָנס־גענאָסן, האָט מיך געראָטן, איך זאָל פאַר מיין באַפרייאונג מיין גאַנץ פאַרמעגן אָפּגעבן.

— איז דער דאָקטאָר אויך אַ געהיימער איד?! — האָט דע קאָסטאַ אַ איבערראַשטער אויסגעשריען.

— שטילער, מיין פריינט... מיר דאַרפן זיך היטן אפילו פאַר די שטיינער פון די ווענט... אַנטשולדיק מיר, פריינט, איך האָב אָבער פאַר־געסן פאַר דיר דעם געהעריקן כּבוד געבן. יאַנטאַ! יאַנטאַ! — האָט דאָן דיעגאָ אַ רוף געטון, און גלייך האָט זיך באַוויזן אויף דער טיר דאָן דיעגאָ׳ס טאָכטער, אַ יונגע פריילין, אַ אויסערגעוויינלעכע שיינקייט, וועלכע איז געבליבן פאַרווירט פאַר דעם פרעמדן מענטשן און אַראָפּגע־לאָזט די אויגן.

— טאָכטער מיינע, גיי ברענג די מצות וועלכע ליגן אין קאַסטן, און מיר וועלן היינט מיטשפּייזן מיט אונזער א י ד י ש ן גאַסט. פאַרגעס אָבער ניט צו פאַרשליסן צוריק דעם קאַסטן.

אין אייניקע מינוטן אַרום האָט זיך באַוויזן יאַנטאַ, טראָגנדיק די מצות אין אַ שיסל איבערגעדעקט מיט אַ טישטוכל.

דע קאָסטאַ האָט מיט נייגעריקייט אַ קוק געטון אויף די מצות, וועלכע ער האָט זיי צום ערשטן מאָל דערזען.

— האָסטו שוין אַמאָל פאַרזוכט פון די מצות? — האָט דאָן דיעגאָ אים געפרעגט.

— ניין, מיין פריינט.

— האָסטו קיינמאָל ניט געהערט וועגן דער באַדייטונג פון די מצות?

— איך האָב יאָ וועגן זיי געלייענט אין דער ביבל, אָבער, עס דוכט מיר אַז די מצות איז איינע פון די סמנים וועלכע די אינקוויזיציע דער־קענט דורך זיי דעם געהיימען אידן. איך האָב זיי אָבער מיר פאַרגע־שטעלט גאָר אַנדערש.

— ווייסטו, פריינט, — האָט דאָן דיעגאָ אַ זאָג געטון, — אַז די מצות זיינען מיר אין געהיים געבראַכט געוואָרן פון אַמסטערדאַם?..

— איז דען אַמסטערדאַם אַ אידישע שטאָט?

— עס וואוינען דאָרט אויך קריסטן, און דאָך ווערט זי ביי אונז פאַררעכנט ווי ירושלים פון מערב, ווייל פיל געלערנטע און וויסנשאַפט־לעכע אידן וואוינען אין איר. פון דער צייט וואָס די האָלענדישע רעגירונג האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שפּאַנישן יאָך, הערשט דאָרט פולקאמע פרייהייט אויף אַלע געביטן, און זי איז געוואָרן אַ צופלוכטס־אָרט פאַר

די געיאָגטע און געפּייניקטע אידן. אויך פון אונזער שטאָט האָבן אויס־געוואַנדערט פיל אידן און דאָרט זיך באַזעצט.

— פאַרוואָס זשע האָסטו אויך ניט אויסגעוואַנדערט אַהין צוזאַמען מיט זיי?

דאָן דיעגאָ האָט טרויעריק אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— איך האָב ניט אויסגעוואַנדערט, ווייל איך האָב ליב פּאָרטוגאַל אויף אַזוי פיל, אַז איך קאָן מיך ניט שיידן פון איר. דאָ בין איך געבוירן און דאָ וועל איך שטאַרבן. איך האָב ליב אירע וואונדערבאַרע משוררים, אירע באַוואוסטע פּאָעטן. מיין פאָטער איז אויך געווען איינער פון זיי וועלכער האָט זיך געמאַכט אַ גרויסן נאָמען. אויך איך אַליין האָב פאַר־פאַסט אַ בוך אין דער פּאָרטוגעזישער שפּראַך.

— ווירקלעך! די בענדער מיט וועלכע דו ביזט צוגעבונדן צו דעם לאַנד זיינען גאַנץ שטאַרקע, אָבער דאָך זיינען זיי ניט גענוג שטאַרק קעגן דאָס קענען זיך אָפּזאָגן פון דעם פאַרגעניגן צו קענען לעבן פריי, און פון קיינעם ניט געשטערט צו גיין אינם וועג ווי די עלטערן זיינען געגאַנגען.

— איך בין ניט איינשטימיק מיט דיר, מיין ליבער דע קאָסטאַ. דו ביזט נאָך יונג, דיין בלוט איז פיל הייסער פון מיינעם, און ווילסט ניט וויסן פון די לעבנס־פאָדערונגען, וועלכע שטערן און לאָזן ניט רעאַליזירן די לויבנסווירדיקע אידייען.

אויף דע קאָסטאַ'ן האָט אָבער די פאַרגעקומענע אינקוויזיציע־פאַלטערונג אויף דאָן דיעגאָ אויף אַזוי פיל געווירקט, אַז דער צווייפל אין דעם קריסטלעכן גלויבן איז שוין מער קיין צווייפל ניט געווען, נאָר אַ איבערצייגונג, אַז אירע אָנהענגער האָבן זי אַזוי פאַרקריפּלט, אַז ס'איז אַ שאַנדע אין דעם זיך צו האַלטן. ער האָט באַשטימט דורכאויס צו אָפּזאָגן זיך פון דעם און פאַרלאָזן פּאָרטוגאַל, פאָרן קיין אמסטערדאַם און דאָרט ווערן עפנטלעך אַ איד.

איך וועל דורכלאָזן אַלע געשעענישן, ווי זיי ווערן איבערגעגעבן פון זאַנגוויל'ן, ביז דע קאָסטאַ איז געוואָרן אַ איד, און אין קורצן שרייבן, אַז ער, צוזאַמען מיט זיין ברודער זיינען געקומען קיין אמסטערדאַם, דאָרט זיך מל געווען און זיך אַ נאָמען געגעבן אוריאל, און זיין ברודער ווידאל — יוסף.

אָבער זיין ברויזנדע נאַטור, האָט ניט געקענט זיך צופרידנשטעלן מיט דעם באַנייטן גלויבן, ער האָט אָנגעהויבן צו געפונען חסרונות און ארויסקומען אין דער עפנטלעכקייט מיט פּראָטעסטן. אים זיינען ניט געפעלן די אַמסטערדאַמער אידן, און אויך אידישע מנהגים, און זיך אָנגעהויבן צו רעכענען, אַלס דער וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף אויס־צובעסערן און ארויפפירן אויפן אמת'ן אידישן וועג. און ער איז ארויס־געטרעטן עפנטלעך צו קריטיקירן און פּראָטעסטירן קעגן אַלעם וואָס אים איז ניט געפעלן.

ווען די רבנים פון אמסטערדאם האָבן זיך דערוואוסט אַז אוריאל אקאסטא, ניט נאָר ער אַליין זאָגט זיך אָפּ פון מערערע אידישע טראַ־דיציעס, נאָר ער זוכט אָפּצורייסן אויך אַנדערע פון זיי, האָבן זיי אים געשיקט רופן, און אויסהערן פון זיין מויל דאָס אַלעס וואָס ווערט וועגן אים געזאָגט.

ווען ער איז געקומען, און די רבנים האָבן אים אָנגעהויבן אויסצו־פרעגן, איז אוריאל אויף אזוי פיל אויפגערעגט געוואָרן, אַז ער האָט די רבנים זעלבסט אָנגערופן שווינדלער, באַטריגער.

די רבנים האָבן באַשטימט אים אַריינצולייגן אין חרם.

און ס'איז געשען, דאָס זעלבע וואָס ס'איז פאָרגעקומען מיט שפּינאָזאָן: ער איז אין חרם אַריינגעלייגט געוואָרן.

פאַרשפּיגן, פאַראַכטעט פון יעדן, איז ער געוואָרן ווי א מצורע, ווי אַ מחוץ למחנה'דיקער.

און ווען אוריאל אקאסטא האָט שוין מער ניט געקענט איבערטראָגן דאָס פאַרבאַנטע לעבן, און ער האָט געוואָלט ווערן אַ חוזר בתשובה, איז עס נאָר געווען לפנים. ווען דער חרם איז פון אים אַראָפּגענומען געוואָרן, איז דאָס פאַר אים געווען נאָך אַ גרעסערע שאַנדע ווי דאָס אַרויפ־לייגן, און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון מענטשלעכער געזעלשאַפט, זיך פאַרשלאָסן אין זיין צימער, און כסדר געשריבן.

אויסער פילאָזאָפישע שריפטן, האָט ער אויך זיין, אייגענע ביאָגראַפיע געשריבן אונטער דעם נאָמען: „דער אינהאַלט פונם מענטשנס לעבן". און נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט דאָס בוך, האָט ער זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ.

**ה. ת״ח** — 1648 — שבתי צבי דערקלערט זיך עפנטלעך פאר משיח און באפרייער פון די אידן. די רבנים אין סמירנא זיינען אים מחרים און מתיר דם. שבתי צבי אנטלויפט קיין סאלאניק. די דארטיקע רבנים פארמשפטן אים צום טויט און ער אנטלויפט קיין ירושלים. דארט פארשפרייט ער די קבלה'שע תורה. — אידן שטיצן מיט גרויסע סומען געלט די בירגער פון דער שטאט פראג, ווען זי ווערט באלאגערט דורך די שוועדן. די לעצטע אנערקענען די טובה און טוען פיל גוטס מיט זיי. — ביים פרידן אפ־מאך אין וועסטפאלן, ווערט עלזאס אי־בערגעגעבן צו פראנקרייך. די לאגע פון די דארטיקע אידן בעסערט זיך ניט.

**ה. ת״ח־ת״ט** — 1648-9 — כמעל־ניצקי מיט א גרויסע באנדע קאזאקן, פאלט איבער פוילן, מאכט דארט א שרעקלעכע בלוט־באד אויף די פוילישע שליאכטעס און אידן. די פוילישע אידן וועלכע זיינען געראטעוועט געווארן פון זיין האנט, רופן אן די דאזיקע עפאכע מיטן נאמען ,,גזרת כמעלניצקי״. הונדערטער טויזנטער אידן זיינען צו יענער צייט אומגעקומען. צוליב די רדיפות, אנטלויפן פון דארט פיל אידן קיין דייטשלאנד. צווישן די אנטלאפענע געפינען זיך אויך גרויסע לומדי תורה וועלכע ווערן אין א קורצער צייט ארום אויפגענומען אלס רבנים אין די גרעסטע שטעט פון דייטש־לאנד.

**ה. ת״י** — 1650 — ר' דוד אפפענ־היימער פון פראג, גרינדעט א גרויסע אי־דישע ביבליאטעק. — אן אסיפה פון דריי הונדערט רבנים ווערט פאררופן אין אונ־גארן. — אין אמסטערדאם גרינדעט זיך א גרויסע ישיבה אונטער דעם נאמען: ,,תלמוד תורה״. — אין מערערע אייראָ־פעאישע שטעט גרינדן זיך שולן און ישיבות.

**ה. תי״ד** — 1654 — א דאנק די מאכטלאזיקייט פון די האלענדער, ווערן אידן אויסגעוויזן פון בראזיל.

**ה. תט״ו** — 1655 — ר' מנשה בן ישראל, געבוירן אין ליסאבאן און גע־וואוינט אין אמסטערדאם, ווערט פון דער געמיינדע געשיקט קיין לאנדאן אויסצו־ווירקן ביי קראמוועל'ן, דער הערשער פון ענגלאנד, צו דערלויבן אידן זיך צוריקצו־קערן אהין. ער פארפאסט א בוך אונ־טערן נאמען ,,תשועת ישראל״. — נייע רדיפות אויף אידן אין פוילן און ליטא דורך די קאזאקן. טויזנטער אידן פון ווילנא ווערן דערמארדעט. דער גרויסער גאון ר' שבתי כהן (ש״ך) וואנדערט אויס פון ווילנא צוזאמען מיט נאך אידן קיין העלישוי, אונגארן. ר' משה רבקש (באר הגולה) פון ווילנא, באזעצט זיך אין אמסטערדאם.

**ה. תט״ז** — 1656 — אידן באזעצן זיך אין ניו־יארק.

**ה. תי״ז** — 1657 — לודוויג דער פערצנטער, קעניג פון פראנקרייך, גיט א דערלויבעניש די אידן אין מעץ, אין דעם באשטאנד פון ניין און ניינציק פאמי־ליעס, צו פירן וואס פאר א מסחרים זיי פארלאנגען נאר.

**ה. תכ״א** — 1661 — נאכדעם ווי די האלענדער האבן דעראבערט אסט־אינדיע, האבן זיי צוריקגעקערט אידן דאס רעכט, וואס איז ביי זיי צוגענומען גע־ווארן דורך די פארטוגעזישע באאמטע.

**ה. תכ״ג** — 1663 — אונטער דער

הערשאַפט פון קאַרל דער צווייטער, קעניג פון ענגלאַנד, בויען אויס די אידן אַ שיינע שיל אין לאָנדאָן. — עס באַווייזט זיך דער פאַלשער נביא נתן העזתי. די פאַרשפּרייטונג פון נתן העזתי׳ס פאַלשע נביאות דורך שבתי צבי׳ס אַ ברודער.

**ה. תכ״ד** — 1664 — די פראַנצויזן צעשטערן דעם אידישן ישוב אין קאַיענע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך דוד נשיא. אונטער דער שוץ פונם ענגלישן קעניג אַנטלויפט דוד נשיא צוזאַמען מיט זיינע פריינט, קיין סורינאַם. — די טערקישע אידן וואָס וואוינען אין ווין, באַקומען אַ דערלויבעניש צו בויען אַ שיל, מיט אַ תנאי אַריינצוטראָגן יעדעס יאָר אין דער קירכע־קאַסע, הונדערט טויזנט ריינישׁ.

**ה. תכ״ה** — 1665 — שבתי צבי דערקלערט זיך עפנטלעך אַלס משיח. די רבנים אין ירושלים פאַרמשפּט׳ן אים צום טויט. ער אַנטלויפט פון דאָרט און די רבנים צעשיקן בריוו מיט דער אויפפאָדערונג, אַז וואו מען וועט אים נאָר כאַפּן זאָל מען אים טויטן. די בריוו זיינען געשיקט געוואָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און סמירנא, אָבער קיינער פון די איינוואוינער אין יענע שטעט וואַגט ניט צו טויטן אים. פאַרקערט, אָנקומענדיק קיין סמירנא ווערט שבתי צבי אויפגענומען מיט גרויס כבוד פון פיל אידן, עס ברעכט אויס אַ גרויס מחלוקת צווישן זיינע אָנהענגער און די קעגנער. די סמירנער רבנים האָבן מורא פאַר די ערשטע און אַנטלויפן פון דער שטאָט. שבתי צבי׳ס אָנהענגער פאַרגרעסערן זיך אין אַ גרויסער צאָל, אין סאַלאָניק, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און פיל אַנדערע שטעט אין טערקיי. ער ווערט פון זיי באַשאָנקען מיט קאָסטבאַרע מתנות. אין אַלע שילן ווערן אָפּגעהאַלטן תפילות און מזמורים פון זיין כבוד וועגן.

וועגן שבתי צבי, וועלכער האָט זיך קונה שם געווען דוקא ניט מיט קיין גרויס געלערזאַמקייט, ווי זיין פאָרגענגער שפּינאָזא, נאָר מיט פינסטערע סודות פון דער קבלה, און האָט ניט ווייניק שאַנדע פאַרשאַפט דעם אידנטום, קאָן אין קורצן איבערגעגעבן ווערן פאָלגנדעס:

שבתי צבי איז געבוירן געוואָרן — ווי ס׳איז שוין געווען אָנגעדייטעט אין דער כראָנאָלאָגיע — ענדע יאָר 1625, פּונקט אין תשעה באב, ביי אָרימע עלטערן, וועלכע האָבן געוואוינט אין סמירנא. ער איז געווען אַ תלמיד ביים סמירנאר רב, ר׳ יוסף אשקופא. קיין חברים האָט ער ניט געהאַט. פון קינדווייז אָן האָט ער זיך שוין גערעכנט אַלס אַן אויסנאם פון אַנדערע, און האָט אָנגענומען אַ באַזונדערע ריכטונג אין זיין לעבנסוועג. ער האָט זיך דערווייטערט פון מענטשן, פלעג אַרומגיין אַ פאַרטראַכטער ביי זיך אין חדר, אָדער זיך מתבודד זיין אין די געדיכטע וועלדער אונטער דער שטאָט. אַזאַ אויפפירונג, און דערצו נאָך דאָס וואָס

ער איז געבוירן געוואָרן אין תשעה באב, אַן אָנגענומענער טאָג אין דער קבלה פאַרן געבורט פון אַ גואל. האָט געפירט צו דעם, אַז די מקובלים זאָלן אים אָננעמען אַלס אַזעלכן, וואָס ווען ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער ברענגען אַ ישועה דעם אידישן פאָלק.

ווען ער איז עלטער געוואָרן, און נאָכדעם ווי ער האָט צוויי מאָל חתונה געהאַט, און האָט זיך פון די פרויען פורש געווען, ניט געוואָלט אַפילו אויף זיי אַ קוק טון, איז שוין ביי די מקובלים גאָר קיין ספק ניט געווען, אַז שבתי צבי איז דער משיח אויף וועלכן אידן האָפן. איבערהויפּט לויטן חשבון וואָס ווערט צוזאַמענגעשטעלט אין דער קבלה, מוזן אידן גע־האָלפן ווערן אין די יאָרן פון 1648 ביז 1666. און ער — שבתי צבי — מוז פאַר געוויס זיין דער אַרויסהעלפער.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ווען מען הויבט אָן אַ מענטשן אויפצו־הויבן, הויבט ער זיך אַליין נאָך העכער. און זיין צעדרייטע פאַנטאַזיע האָט געפועלט ביי אים, אַז ער זאָל זיך עפנטלעך דערקלערן אַלס משיח. ווען מען האָט אים אויפגערופן שבת אין שול צו דער תורה, האָט ער אויף אַ הויך קול דייטלעך אַרויסגעזאָגט דעם שם המפורש. ווען די רבנים האָבן דאָס דערהערט, זיינען זיי פאַרציטערט געוואָרן פאַר דעם גרויסן חלול השם. זיי האָבן שוין אַרויסגעזען, אַז קיין גוטס וועט פון דעם משוגע'נעם פאַנטאַזיאָר ניט אַרויסקומען, און זיי האָבן צום ערשטן געוואָלט גיין מיט גוטן און אים בעטן ער זאָל זיך נעמען אויף אַן אַנדער וועג. ער האָט אָבער זיך אויסגעלאַכט פון זיי און פאַרגעזעצט צו מחלל השם זיין. ווען די רבנים האָבן אים מחרים געווען, איז ער פון סמירנא אַוועק קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. מיט אים זיינען נאָכגעפאָרן פילע פון זיינע אָנהענגער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען ר' משה פינײַרא, אַ איד אַ גרויסער עושר און דערצו נאָך אַ למדן, אַ מקובל, וועלכער איז פון שבתי צבי באַאיינפלוסט געוואָרן און אים גערעכנט פאַרן גואל.

קומענדיק קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַן אָרעמען דרשן, אברהם יכיני, און, מצא מין את מינו... אברהם יכיני האָט פאַרשטאַנען אַז מען קען דורך שבתי צבי האָבן שיין פרנסה, דאָס פאָלק לאָזט זיך איינרעדן, אין ער האָט אָנגעהויבן — ווי מען זאָגט — פירן דאָס רעדל. ער האָט ביז גאָר פאַרשטאַנען ווי אַזוי עס צו פירן. שבתי צבי, האָט ער זיך געטראַכט, איז טאַקע דער וואָס מיט זיין פערזענלעכקייט קאָן

ער פאַרכּשוּפ'ן און היפּנאָטיזירן: אַ הויכער, מיט אַ אויסערגעוויינלעכער שיינקייט, שוואַרצע האָר, ווייס געזיכט, פייערדיקע אויגן. מען דאַרף אָבער צוטראַכטן אַ מופת. פון אַ מופת וועט דאָס פאָלק פאַרצאַפּלט ווערן און וועט זיך צוקלעפּן צו שבתי צבי אויף ניט אָפּצורייסן זיך און זיינע קעגנער וועלן גאָרניט קענען קעגן טון קעגן דעם. צו אברהם יכיני'ן ווערט צוגערעכנט אַז ער האָט געפעלשט אַ מאַנוסקריפּט אין אַרכאַישן שריפט, וועלכן ער זאָל כּלומרשט האָבן געפונען און איז כּלומרשט אָנגעשריבן געוואָרן צופאַר מיט הונדערטער יאָרן. אין דער דאָזיקער מגילה איז געווען אָנגעשריבן אַ נביאות, אַז אין יאָר 1625 וועט אין סמירנא געבוירן ווערן אַ זון בּיי אַ מאַן מיטן נאָמען ר' מרדכי צבי, וועלכער וועט זיך רופן שבתי צבי, און ער וועט בּאַפרייען די אידן אָן אַ מלחמה. דער ליגן מיט דעם אויסגעטראַכטן און דורכגעטראַכטן מאַנוסקריפּט, האָט אַ גרויסע ווירקונג געהאַט אויף דער מאַסע, וואָס האָט אים אָנגענומען פאַרן אמת'ן משיח, וועלכער וועט בּרענגען די גאולה. און מען האָט אָנגעהויבּן עפנטלעך צו רעדן וועגן איר. שבתי צבי האָט אָבער פאַרשטאַנען אַז דאָס וועט אים גאָר קיין טובה ניט טון. דער סולטאַן וועט זיך דערוויסן דערפון און אים רעכענען פאַר אַ מורד בּמלכות, און ער האָט זיך פון דאָרט אָפּגעטראָגן קיין סאַלאָניק, ערשטנס, איז עס אַ קלענערע שטאָט, און די רעגירונג וועט פון אים אַזוי פיל ניט וויסן, און אויף אים קיין אכט ניט לייגן; צווייטנס, איז סאַלאָניק די נעסט פון מקובלים, און ער וועט זיי קאָנען פאַרדרייען די קעפּ... און ער האָט זיך ניט אָפּגענאַרט. מען האָט אים דאָרט אויפגענומען ווי אַן אבן טוב. מען האָט זיך מיט אים משמח געווען. ער אַליין האָט געמאַכט אַ יום-טוב פאַר דער מאַסע, און זיך בּאַוויזן מיט אַ תּורה אין די הענט, און זיך געהייסן אָפּגעבן „מזל טוב", ער איז אַ חתן געוואָרן פאַר דער תּורה. דערמיט האָט ער פאַרבּלענדעט די אויגן ניט נאָר פון דער מאַסע, נאָר אויך פון די פאַנטאַסטישע מקובלים. די אמת'ע רבּנים פון סאַלאָניק זיינען אָבער גאָרניט צופרידן געווען פון דער הנהגה. און ווען ס'איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון סמירנא, אַז מען האָט שבתי צבי פון דאָרט אַרויסגעטריבן ווייל ער איז אַ שווינדלער, וועלכער וועט בּרענגען אַ צרה אויף אידן און אידנטום, און די סמירנאַר רבּנים האָבן געבּעטן אַז מען זאָל אים אויך מחרים זיין, האָבן די סאַלאָניקער גלייך געפאָלגט און אים אַריינגעלייגט אין חרם. שבתי צבי איז אָבער אויף אַזוי פיל פרעך געווען,

אַז ער האָט קיין וועזן זיך ניט געמאַכט פונם חרם. ער איז פון דאָרט אַוועק און אָנגעגאַנגען מיט זיין טעטיקייט אין קאירא. דאָרט האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיטן באַרימטן מקובל רפאל יוסף חלבי, אַ גרויסער עושר, און דערצו אַ רעגירונגס־באַאַמטער מיטן טיטל שאראף באַשי, און ס'איז אים גאַנץ לייכט אָנגעקומען צו פאַרשפּרייטן זיין משיחיזים־שגעון... רפאל יוסף חלבי האָט אים אָנגענומען פאַר דעם אמת'ן משיח, ער האָט אים געשטיצט מיט גרויסע סומען געלט. און אַזוי ווי עס האָט זיך דערנענטערט דאָס יאָר 1666, וואָס איז פון די מקובלים אָנגענומען געוואָרן אַלס דאָס יאָר פון דער גאולה, האָט שבתי צבי זיך פאַרמאָסטן צו פאָרן קיין ירושלים און דאָרט פּראָקלאַמירן די אמת'ע גאולה...

רפאל יוסף חלבי האָט אים געגעבן אַ גרויסע סומע געלט, און ווען ער איז געקומען קיין ירושלים האָט מען אים מיט גרויס כבוד אויפגענומען, גלויבנדיק אַז ער וועט באַלד באַווייזן מופתים, און דאָס אידישע פאָלק וועט פונם גלות באַפרייט ווערן. שבתי צבי האָט זיך נאָך מער קונה שם געווען מיט דער גרויסער טובה וואָס ער האָט געטון די ירושלים'ער אידן, מקיים זייענדיק די גרויסע מצוה פון „פדיון שבויים", אויסלייזנדיק פיל אידן פון דער תפיסה וואו זיי זיינען געווען פאַרשפּאַרט, פאַר ניט קענען באַצאָלן די רעגירונגס־שטייערן וואָס זיינען אויף זיי ארויפגעלייגט געוואָרן. שבתי צבי האָט זיך געווענדעט צו רפאל יוסף חלבי, און יענער האָט אים צוגעשיקט אַ גרויסע סומע געלט מיט וועלכער ער האָט די אַרעסטירטע באַפרייט. און דאָ האָט אים צוגעשפּילט די הצלחה, דורך אַ פרוי וואָס האָט אים געהאָלפן אין אַלע זיינע מעשים. אין דער צייט ווען כמעלניצקי האָט געבושעוועט אין פּוילן, און דאָרט געמאַכט די גרויזאַמסטע שחיטה איבער אידן, איז אין אַ קליין שטעטל געבליבן אַ קליין אידיש מיידעלע פון זעקס יאָר, אַ יתומה, וועלכע איז פאַרבליבן אַן עלנדע, אָן עלטערן און אָן קרובים. די קריסטן האָבן אויף דעם מיידעלע רחמנות געהאַט און עס אַריינגעגעבן אין אַ מאָנאַסטיר. דאָרט איז עס דערצויגן געוואָרן אין דער קריסטלעכער רעליגיע. דער אידישער פונק איז אָבער אין איר ניט פאַרלאָשן געוואָרן, און טראָץ די צען יאָר וואָס זי האָט זיך געפונען אין מאָנאַסטיר, האָט זי דאָך ניט פאַרגעסן איר אָפּשטאַמונג און עס האָט איר געצויגן צו אידן. אין אַ פרימאָרגן האָט מען דאָס מיידל, וועלכע איז שוין דאַן אַלט געווען זעכצן יאָר און אַ גרויסע

יפת תואר דערצו, געפונען אין איין העמד אויפן אידישן בית עולם. די אידן האָבן זי אָנגעהויבן אויספרעגן ווער זי איז און ווי זי קומט אויפן בית עולם, האָט זי זיי דערציילט פון וואַנען זי שטאַמט, און ווי אַזוי ס'האָט איר געצויגן צו דער אידישער אמונה, און דערביי האָט זי אויסגעטראַכט אַ ליגן: אַז דער פאָטער איז איר געקומען צו חלום און זי איבערגעטראָגן אויפן אידישן בית עולם. מען האָט זי גלייך אוועקגעפירט קיין אַמסטערדאַם. דאָרט האָט זיך אָפגעזוכט איר ערער אַ ברודער, און זי איז צוריק געוואָרן אַ אידיש קינד און זיך אָנגערופן שרה. קיין גרויסע צניעות האָט מען אָבער פון איר אויפפירן זיך, ניט ארויסגעזען. זי אַליין האָט זיך ניט אויסבאַהאַלטן און עפנטלעך געזאָגט, אַז זי האָט דאָס רעכט צו לעבן פריי. די שבתי צבי־באַוועגונג האָט זי אויך מיסטעריעז געמאַכט און זי האָט זיך איינגערעדט אַז זי דאַרף זיין משיח'ס פרוי... און קיינער וועט דעם שדוך ניט צעשטערן.

פון אַמסטערדאַם איז זי אָפגעפאָרן קיין ליוואָרנא און דאָרט געהאַלטן דרשות אַז משיח איז שוין געקומען, און ער איז איר זיווג. ווען שבתי צבי האָט זיך פון דעם מיידל דערוואוסט, האָט ער פאַרשטאַנען אַז זי קען אים גאַנץ גוט צונוץ קומען. ער האָט גלייך געשיקט אַ שליח קיין ליוואָרנא מען זאָל אים ברענגען די כלה. שרה'ס שיינקייט האָט אים פאַר אויס פרוש געמאַכט... יוסף רפאל'ס אוצרות, וואָס זיינען פאַר אים אָפן געווען, און שרה'ס שיינקייט, האָבן אים געגעבן די מעגלעכקייט צו פאַרטומלען קעפ, און פאַרדרייען און פאַרקרומען די גלייכסטע מחות... באַלד האָט זיך אָפגעזוכט אַ דריטער אוצר: אויסער אברהם יכיני, איז צו אים צוגעשטאַנען נתן בנימין הלוי מיט וועלכן ער האָט זיך באַקאַנט אין גאַזא. יענער איז אויך אַזוי פיל אנטציקט געוואָרן פון שבתי צבי, אַז ער האָט זיך אונטערגענומען מיטן גאַנצן האַרצן צו דינען דעם מלך המשיח... און ווי עס געשעט שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, איז ער פון גרויס התפעלות, וואָס ער האָט געהאַט פון שבתי צבי, געוואָרן היסטעריש און געהאַלטן אין איין שרייען אַז ער איז אליהו הנביא, וועלכער איז געשיקט געוואָרן אָנצוזאָגן די בשורה פונם משיח'ס אָנקום, וועלכער איז ניט קיין אַנדערער ווי נאָר שבתי צבי, און ס'האָבן זיך געפונען נאַראָנים וואָס האָבן אים געגלויבט. עס האָבן זיך אָבער געפונען אין ירושלים לומדים וועמען שבתי צבי, מיט זיין גאַנצער פיפיקייט און מיט אַלע זיינע שווינדלערישע

משרתים, האָבן ניט געקענט פאַרטומלען; זיי האָבן אנערקענט דעם שווינדל, און האָבן אים געלאָזט וויסן אַז אין ירושלים איז ניטאָ קיין אָרט פאַר זיינע מעשים, און ער זאָל זיך גלייך אָפּטראָגן, ווען ניט וועט ער שלעכט אָפּשניידן. שבתי צבי האָט פאַרשטאַנען אַז קיין עקשן דאַרף ער ניט זיין, און נאָכדעם ווי ער האָט פריער אַוועקגעשיקט זיינע משולחים קיין סמירנא, צו דערציילן דאָרט די נסים ונפלאות פון אים, איז ער אהין געקומען, מיטברענגענדיק מיט זיך דעם בעל סוד זיינעם, שמואל פרימאָ, וועלכער איז געווען געגוג קלוג צו פאַרשטייען ווי אַזוי מען קען פאַר-פירן מענטשן. ער האָט אנגעהויבן אַזוי אונטערצוהיצן די דאָרטיקע אידן, אַז זיי זיינען געוואָרן ווי היפּנאָטיזירטע. ווען ער האָט אינם יאָר 1665, ראש השנה ביי די תקיעות, געלאָזט אויסרופן אַז ער איז משיח, איז גע-וואָרן אַזאַ שמחה, אַז מען האָט אָנגעהויבן טאַנצן אין די גאַסן. די סמירנער אידן האָבן זיך אָפּגעלאָזט פון אַלע זייערע געשעפטן, און זיך צוגעגרייט צו דער גאולה, און קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן אַז די טערקישע רעגירונג פאַרשטייט אַז שבתי צבי איז געשיקט געוואָרן פון גאָט צו די אידן, ווי מאַכמעד צו זיי, און אקעגן גאָט קאָן מען זיך ניט אַקעגנשטעלן. שבתי צבי מיט זיינע געטרייע תלמידים האָבן אונטערגעקויפט די סמירנער באַ-אַמטע מיט אַ גרויסער סומע וואָס זיי האָבן באַקומען פון יוסף רפאל, און די באַאַמטע האָבן זיך ניט וויסנדיק געמאַכט פון דער באַוועגונג, און אַזוי אַרום האָט שבתי צבי אויסגעפירט אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט. די מאַסע האָט אים בלינד געפאָלגט. און ווען דער אַלטער רב ר' אהרן דע לא פּפּא איז אַרויסגעטרעטן קעגן שבתי צבי, און אים געוואָלט מחרים זיין, האָט מען אים באַלד אָפּגעזאָגט פון דינות, און ער האָט געמוזט אנטלויפן פון סמירנא. און ווען דער גביר ר' חיים פּניא האָט געפּרואווט רעדן קעגן שבתי צבי, איז מען איבערגעפאַלן זיין הויז, און געוואָלט פאַרניכטן זיין גאַנץ פאַרמעגן. זיין גליק איז געווען וואָס ס'איז געשען פּריטיק פאַר-נאַכט, ווען מען האָט שוין געדאַרפט גיין אין שול דאַווענען, און ר' חיים פּניא, אַרויסזעענדיק אַז ער וועט שלעכט אָפּשניידן, האָט אָנגעהויבן שרייען אַז ער האָט חרטה, און וועט שוין מער אַזעלכע ווערטער ניט רעדן. אויף אַזאַ אופן האָט שבתי צבי פאַרטומלט מחות און פאַרדרייט קעפּ פון טויזנטער און צען טויזנטער אידן. און ווען אפילו ער זאָל ניט געווען זיין קיין שווינדלער, וואָלט אים דער געטומל זיין אייגענעם קאָפּ

פאַרדרייט, ער וואָלט זיך אַליין אָפּגענאַרט און וואָלט געגלויבט אַז ע־
איז דער משיח אויף וועלכן אידן וואַרטן.

צו יעדן שווינדל מוז קומען אַ סוף, און דער סוף איז אויך געקומען
צו שבתי צבי'ס שווינדל. מען האָט זיך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל דערוואוסט
פון זיינע דרכים און מען האָט אים אויפגעפּאַדערט צו קומען אַהין.
קומענדיק אַהין האָט מען אים געשלאָסן אין קייטן און ווען ער איז צוגע־
שטעלט געוואָרן צום קאָנסטאַנטינאָפּאָלער פּאַשאַ מוסטאפא, האָט ער גע־
לייקנט און זיך געשוואוירן, אַז ער האָט זיך קיינמאָל ניט אָנגעגעבן אַלס
משיח, ער איז מער ניט ווי אַ רב וואָס פאָרט אַרום צונויפנעמען נדבות
פאַר ארץ ישראל, און ער איז ניט שולדיק וואָס אידן לויפן אים נאָך און
מאַכן אים פאַר משיח. מוסטאפא האָט אויף זיינע רייד ניט געשטעלט, און
ער איז פאַרבליבן אין דער תּפיסה.

דער משיחיזם טומל איז אָבער ניט רואיקער געוואָרן. די מאַסע האָט
שבתי צבי'ן אַליין פאַררעכנט פאַרן משיח, וועלכער דאַרף ביז דער רעכטער
גאולה פיל ליידן, און ווען דער גרויס וויזיר האָט פאַראָרדנט אים איבער־
פירן אין דער פעסטונג קאסטיא, ביי די דארדאנעלן, האָבן זיינע חסידים
א נאמען געגעבן די פעסטונג „מגדל עוז”, און ער אַליין האָט זיך איינ־
גערעדט אַז די געפאַנגענשאַפט זיינע איז דער לעצטער שריט צו דער
פרייהייט פונם אידישן פאָלק. צווישן די טויזנטער אורחים וואָס פלעגן
יעדן טאָג קומען פון ווייט און נאָענט מקבל פנים זיין שבתי צבי, האָבן
זיך אויך געפונען צוויי לומדים פון פוילן וועלכע זיינען פון די לעמבערגער
רבנים געשיקט געוואָרן קיין קאסטיא, זיי זאָלן זיך איבערצייגן אין דעם
אמת פון דער שבתי צבי באַוועגונג.

פון די צוויי לומדים האָט זיך שבתי צבי דערוואוסט, אַז אין פוילן
פאָרט אַרום אַ נביא, נחמיה כהן, און שרייט, אין אַלע גאַסן אַז די גאולה
וועט באַלד קומען, ער דערקלערט אָבער ניט אַז שבתי צבי איז דער משיח
וואָס דאַרף ברענגען די גאולה. שבתי צבי איז ביי זיך פון די ווערטער
ניט אַראָפּגעפאַלן, ער האָט מיט שטאָלץ אָנגעזאָגט די צוויי לומדים, ביי
זייער אָפּפאָרן א היים, זיי זאָלן צו אים שיקן נחמיה כהן. ווען נחמיה
כהן איז צו אים געקומען, האָט אים שבתי צבי אויפגענומען מיט גרויס
כבוד, און אים געוואָלט געווינען אויף זיין זייט. נחמיה כהן האָט זיך
אָבער ניט געלאָזט איבעררעדן און זיך געהאַלטן פעסט ביי זיין מיינונג

אַז ער איז ניט משיח, און פריי, ניט דערשראָקן, האָט ער עס געלאָזט ווייסן אַלע שבתי צבי'ס אָנהענגער. זיי זיינען אויף 'אים זייער אויפגע־בראַכט געוואָרן, און באַשטימט אים צו טויטן. נחמיה האָט זיך דערפון דערוואוסט און איז אַנטלאָפן קיין אדריאַנאָפּאָל צום פּאַשאַ. דאָרט האָט ער אָנגענומען דאָס מוסולמאַנישע גלויבן און איבערגעגעבן דעם פּאַשאַ וואָס עס קומט פאָר מיט שבתי צבי אין דער פעסטונג קאַסטיא, אַז ער האַלט זיך פאַר אַ קעניג, אַז דער אויפזעער קוקט גלייכגילטיק אויף אַלעם און אַז סוף כל סוף וועט שבתי צבי'ס דרך ברענגען צו אַ מרידה פון די אידן קעגן דעם סולטאַן.

דער פּאַשאַ האָט עס גלייך מיטגעטיילט דעם סולטאַן, און דער זעלבער האָט זיך באַראָטן מיט זיינע מיניסטאָרן, וואָס מען זאָל טון מיט שבתי צבי, ווייל טויטן טאָר מען אים ניט, ווייל ער האָט פיל אָנהענגער אויך צווישן די טערקן, און נאָך זיין טויט קען זיך נאָך שאַפן אַ נייע טערקישע סעקטע. אַ מופטי האָט אַן עצה געגעבן אַז מען זאָל באַוועגן שבתי צבי אָנצונעמען דאָס מוסולמאַנישע גלויבן. די עצה איז זייער געפעלן געוואָרן, און מען האָט באַשטימט דעם סולטאַנס לייב־דאָקטער, דידאַן, אַ געוועזענער איד, ער זאָל נעמען אויף זיך די מיסיע. דידאַן איז גלייך אָפּגע־פאָרן קיין אדריאַנאָפּאָל. שבתי צבי איז אהין געבראַכט געוואָרן. דידאַן האָט די מינדעסטע שוועריקייט ניט געהאַט צו באַוועגן שבתי צבי אָנצו־נעמען דאָס מוסולמאַנישע גלויבן, און דער אידישער משיח איז גלייך גע־וואָרן אַ מאַכמעדאַנער. קומענדיק קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט אים דער סולטאַן מיטן גרעסטן כבוד אויפגענומען, אים געבענטשט מיט אַ נייעם נאָמען „מאַכמעד עפענדי", און אים געגעבן אַן אַמט אין הויף מיט אַ שיין געהאַלט. אויך זיין פרוי שרה האָט אָנגענומען דאָס טערקישע גלויבן און באַקומען דעם נאָמען פאומא קאַדין. זי איז געוואָרן די ערשטע הויף־דאַמע ביי דער סולטאַנין, וועלכע האָט איר געגעבן טייערע מתנות. צום באַדויערן האָט זיך דערמיט נאָך ניט געענדיקט די שבתי צבי באַ־וועגונג. שוין אַלס מאַכמעדאַנער האָבן זיך זיינע אָנהענגער ניט מיאש געוועזן פון אים, און די סעקטע שבתי־צבי'ניקעס האָט נאָך פיל, פיל יאָרן פּאַקטיש עקזיסטירט, און זיין קבליסטישער מיסטיציזם האָט לאַנגע, לאַנגע יאָרן פאַרבלענדעט די אויגן פון די גרעסטע געלערנטע, וועלכע האָבן זיך מיט זיין נאָמען באַנוצט אין די מיסטעריעזע קמעות, וואָס איז פון זיי גע־

שריבן געוואָרן. דאָס האָט געבראַכט צו שאַרפע מחלוקת צווישן די גרעסטע גאונים וואָס האָבן חושד געווען איינער דעם צווייטן אין שבתי צבי׳איזם... די נאָכווייענישן האַלטן נאָך אָן ביז היינטיקן טאָג. אין טערקיי געפינט זיך נאָך ביז היינט די סעקטע וועלכע רופט זיך „דונאמע״, מיט באַזונדערע מנהגים און תפילות.

שבתי צבי איז געשטאָרבן אין דולציניאַ, אַ קליין שטעטל אין אלבאניע, אין יאָר 1676, און מען ווייסט ניט וואו זיין געביין איז אַהינגע־קומען. דער צונאָמען שבתי צבי, איז פאַרבליבן אלס אַ שימפף־וואָרט מיט וועלכן עס ווערט באַטיטלט יעדער איינער וועלכער באַהאַלט זיך אונטער אַ מאַסקע פון פרומקייט און אין עצם איז ער פאַלש און באַטריגעריש. מען רופט אַזעלכן: שבתי צבי׳ניק...

**ה. תכ״ו** — 1666 — דער טויט פון יעקב קאנסינא, שפאַנישער גע־זאנדטער אין מאראקא. — ביים ביי־שטייגן דעם טראָן, פאַראָרדנט קאַרל דער צווייטער אַרויסצוטרייבן אין אַ טערמין פון אַכט טעג, אַלע אידן פון דער שטאָט אראן, אַלגיר. די אידן קומען קיין ניצא, אין ליווארנא, און ווערן דאָרט פריינט־לעך אויפגענומען. — מולעי ארכעי פון טאפילעט, דער הערשער פון מאראקאָ, טרייבט ארויס פיל אידן פון דער פּראָ־ווינץ זוס; אין טעדולא צעשטערט ער פיר אידישע געבעט־הייזער, און לייגט ארויף גרויסע שטייערן אויף די דאָרטיקע אידי־שע איינוואוינער. — גרויסע הריגות אויף אידן אין פערסיע. פיל אנטלויפן קיין טערקיי און אינדיע, און נעמעז אָן לפנים דאָס מאכמעדאַנישע גלויבן. — אין אי־טאליע, פוילן און דייטשלאַנד, ווערן פאַר־שפּרייט בריוו וועגן דאָס גרויסקייט פון שבתי צבי און די וואונדער זיינע. פיל אידן ווערן זיינע אָנהענגער. אויך קריסטן שטייען צו צו דער סעקטע. אַ פּוילישער איד, ר׳ נחמיה, אַ גרויסער מקובל, איז זיך מתוכח מיט שבתי, און דערקלערט אַז ער איז אַ פאַלשער משיח. ער ווערט צוליב דעם באַדראָעט מיט טויט. — ר׳ יעקב ששפורטס, פון נאָרד־אַפריקא, פאָרט אַרום אין אייראָפּאַ, איבערצוצייגן דאָס פאַלשקייט פון שבתי צבי.

**ה. תכ״ז** — 1667 — די האָלענדער דעראָבערן די שטאָט סורינאם, די דאָר־טיקע אידן ווערט געגעבן רעליגיע־פריי־הייט און נאָך פאַרשידענע רעכטן.

**ה. תכ״ח** — 1668 — די אידן אין ווין ווערן באַשולדיקט אין אונטערצינדן די שטאָט־פעסטונג. די סטודענטן פונם אוניווערזיטעט פאַלן איבער אידישע גאַסן, מיט דער כונה צו הרג׳ענען די אידן. די לעצטע פאַרטיידיקן זיך, פאַרוואונדן פיל פון די סטודענטן און פאַרטרייבן זיי פון דאָרט. אידן בעטן שוץ פון דער קעניגין, די פרוי פון לעאָפּאָלד דער ערשטער, פּרעזענטירן איר אַ קאָסטבאַר גאָלדן־וויגעלע. זי אַנטזאגט זיך אָנצונעמען די מתנה, און דערפילט ניט זייער פאַרלאַנג.

**ה. תכ״ט** — 1669 — אידן ווערן

אויסגעוויזן פון ווין, און נאָכדעם פון גאַנץ עסטרייך.

**ה. ת"ל** — 1670 — טויזנט פיר הונדערט אידן פאַרלאָזן די שטאָט ווין. די צוויי שילן זייערע ווערן פאַרוואַנדלט אין קלויסטערס. פיל אידן קומען קיין בערלין, פאַסטדאַם, פראַנקפורט אַם אָדער און נאָך מערערע דייטשע שטעט. — דער קורפירשט פון בראַנדענבורג, פרידריך ווילהעלם, נעמט זיי אויף פריינטלעך, און דערלויבט זיי צו וואוינען אין לאַנד אויף אַ משך פון צוואַנציק יאָר.

**ה. תל"א** — 1671 — די פּאָרטוגעזישע אידן אין אמסטערדאַם בויען אויס אַ פּראַכטפולע שיל פון מאַרמאָר.

**ה. תל"ג** — 1673 — דער טויט פון ברוך שפּינאָזאַ. אַ טייל היסטאָריקער ווילן האָבן אַז ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1677.

מיר וועלן דאָ ברענגען אַ לענגערע באַשרייבונג וועגן דעם גרויסן פילאָזאָף, וועלכער האָט שרעקלעך געליטן פאַר זיינע אידייען.

ברוך שפּינאָזאַ איז געבוירן געוואָרן אין שפּאַניע, אין 1632, ביי גאַנץ פרומע עלטערן און גרויסע קאָמערציאַנטן, וועלכע זיינען פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע אַנטלאָפן קיין אַמסטערדאַם, ניט וועלנדיק אָננעמען דאָס קריסטלעכע גלויבן, אַפילו נאָר לפנים. זייער קינד ברוך האָבן זיי געדענקט צו מאַכן פאַר אַ סוחר, אַרויסזעענדיק אָבער זיין גרויס חשק צו לערנען, און אויך די גיגאַנטישע גייסטיקע אַנטוויקלונג אין זיינע נאָך גאַר קינדערשע יאָרן, האָבן זיי באַשטימט צו פאַרפאָלקאָמען אים אין גמרא און פוסקים, כדי ער זאָל נאָכדעם ווערן רב. דאָס קינד ברוך, אַ אָפּגעשוואַכטס און אויסגעצערטס פון גרויס התמדה, פלעגט פון צייט צו צייט בלייבן זיצן אַ פּראַטראַכטער. די וועלט ווי זי איז, איז אים ניט געפעלן. מורא'דיקע פראַגן האָבן אָנגעהויבן בויערן זיין מח: „פאַר וואָס? פון וואַנען? וואוהין?"

שפּינאָזאַ האָט זיך גענומען פאַרטיפן אויסער אין תלמוד, אויך אין תורת משה, אין נביאים און כתובים, און געלערנט האָט ער מיט זיין אייגענעם פירוש... זיין שאַרפזיניקייט האָט קיין גבול ניט געהאַט. זיין ערשטער רבי אין תלמוד, פוסקים, דקדוק און ליטעראַטור, איז געווען ר' מנשה בן ישראל, וועמען ער האָט איבערגעשטייגט מיט זיין שאַרפן שכל. ווען דער הויפּט רב פון אַמסטערדאַם, ר' שאול הלוי מאָרטייראַ, האָט זיך דערוואוסט פון דעם וואונדער-אינגל ברוך, האָט ער זיך אָנגענומען צו ווערן זיין לערער. און ווען ער איז אַלט געוואָרן פערצן יאָר, איז ער שוין געווען אַ יחיד בדורו אין דער למדנישער וויסנשאַפט.

אויסער זיינע עלטערן, האָט אויך די אמסטערדאמער אידישע געזעל־שאַפט, געלייגט אויף אים גרויסע האָפנונגען, אַז ער וועט זיין אַ ליכטיקער שטערן און דער גרעסטער גאון ביים גאַנצן אידישן פאָלק. זיי זיינען אָבער גאָר אין גיכן אנטוישט געבליבן.

ברוך האָט זיך אָנגעהויבן ארויסווייזן מיט זיין פלאַמפייער־דיקן שכל, און מיט זיין שטאַרקן, אומדערשראָקענעם כאַראַקטער. פלעגט ער זיך אָקעגנשטעלן אַלע געלערנטע און זיי אַריינברענגען אין אַ פארלעגנהייט מיט זיינע שאלות. אויך זיינע דערקלערונגען האָבן זיי ניט נאָר ניט גריגטלעך פאַרשטאַנען, נאָר עס האָט זיי אַריינגעבראַכט אין אַ שרעק אַז ער צילט מיט זיי אין דער נקודת עליונה... און גלייך האָבן זיך שוין געפונען קנאים וואָס האָבן אים פאַר'מסר'ט פאַר די ראשי הקהל, אַז ער איז ארוים לתרבות רעה.

זיי האָבן אים געשיקט רופן, און שפינאָזאַ האָט זיך אַ אומדער־שראָקענער, פאַרגעשטעלט פאַר די ראשי הקהל און פאַר די רבנים וועלכע האָבן זיך פאַרזאַמלט אים אויסצוהערן.

ברוך שפינאָזא האָט אויף אַלע זייערע פראַגן געענטפערט ווי אַזוי זיין שכל האָט אים דיקטירט, און ווען זיי האָבן אים אויפמערקזאַם גע־מאַכט אַז פאַר אַזעלכע דערקלערונגען, ווען ער וועט די ווערטער ניט צוריקציען, וועלן זיי אים אַריינלייגן אין חרם, האָט ער זיך ניט דער־שראָקן, און שפּאָטיש זיי אָפּגעענטפערט. ער האָט אויך ניט גענומען אין אַכט די ווערטער פון זיין רבין ר׳ שאול הלוי מארטייראָ, וועלכער האָט אים געבעטן ער זאָל ניט פאַרשעמען זיין עלטער.

שפינאָזאַ האָט אים געענטפערט: „רבי! איך רעספּעקטיר אייך אַלס מיין רבי, איך שעץ אייער גרויסקייט, איר זענט ביי מיר זייער טייער, דער אמת אָבער, איז מיר נאָך טייערער. און איך האָב באַשטימט אַז איך וועל פונם אמת ניט אָפּנויגן".

דערהערנדיק אַזעלכע ווערטער, איז ר׳ שאול הלוי ביז גאָר אויפגע־בראַכט געוואָרן, און אין אויפגערעגטער פאַר כעס, אַ זאָג געטון: „ברוך! וועסטו זיך ניט צוריקקערן צו אונזער אמתן וועג, וועל איך דיך אריינ־לייגן אין חרם. און איך שווער, אַז אויב דו וועסט ניט ווערן אַ חוזר בתשובה, וועל איך מיין וואָרט האַלטן!"

שפינאָזאַ, טראָץ דעם וואָס ער האָט געוואוסט, אַז די רבנים וועלן האַלטן וואָרט און אַז ער איז אויסגעשטעלט צו ליידן פונם חרם וואָס וועט אויף אים ארויפגעלייגט ווערן, איז דאָך פאַרבליבן דער זעלבער, ניט נאָכגעבנדיק אויף גאָרניט די רבנים. פאַרקערט, ער האָט מיט פאַראַכטונג פאַרלאָזט דאָס געמיינדע־הויז וואוהין ער איז פאַררופן געוואָרן; זייער דראָאונג האָט אים ניט אָפּגעשראָקן, זיינע ליידן האָבן אים ניט געקימערט. די אַמסטערדאַמער קהלה האָט געמאַכט נאָך אַ פּרואוו. זי האָט געזוכט אונטערצוקויפן שפינאָזאַ'ן און אים באַשטימט צו געבן אַ יערלעכע פענסיע פון טויזנט זילבערשטיק, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל ניט באַאיינפלוסן אַנדערע מיט זיינע אידייען. דערמיט אָבער, האָבן די אַמסטערדאַמער אידן נאָך מער צערייצט שפינאָזאַ'ן און ער האָט זיי דערפאַר עפנטלעך געטאַדלט. אין איין נאַכט איז ער געווען אין אַ סכנה דערשטאָכן צו ווערן פון אַ קנאי, און גאָר בדרך נס איז ער געראַטעוועט געוואָרן.

דער טאָג וועלכער איז באַשטימט געוואָרן מחרים זיין שפינאָזאַ'ן איז געקומען, די רבנים האָבן אים פריער א התראה געגעבן, אַז אויב ער וועט ביז דעם באַשטימטן טאָג ניט תשובה טון, וועט מען אויספירן אויף אים דעם חרם. הונדערטער מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין שיל, וואו עס האָבן זיך שוין געפונען די רבנים צוצוזען דעם חרם־ספּעקטאַקל. צום אַלעם ערשטן האָט מען אָנגעצונדן שוואַרצע וואַקסענע ליכט, נאָכדעם האָט מען אויפגעעפנט דעם ארון־קודש. ר' שאול הלוי, דער געוועזענער רבי פון שפינאָזאַ, שטעלט זיך אויף דער בינע, אַ טרויעריקער און אַ דערשלאָגענער, און גלייך נאָך אים דער חזן, איינגעהילט אין טלית, און לייענט פאָר פון אַ פּאַפּיר דעם אָנגעשריבענעם חרם. פון רעכטס און לינקס לאָזט זיך הערן פון פייפעלעך, יאָמערלעכע קולות וואָס מישן זיך אוים מיט די תקיעות און תרועות וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן פון אַלע פיר ווינקלען פון דער שיל, און גלייך זיינען איבערגעקערט געוואָרן די שוואַרצע וואַקסענע ליכט איבער אַ כלי פול מיט בלוט, און אַהין אַריינגעטריפט טראָפּנס וואַקס. א אומבאַשרייבלעכע שרעק איז באַפאַלן אַלע פאַרזאַמלטע. ווען דאָס פייפן און די תקיעות האָבן אויפגעהערט, איז נאָך אַמאָל פאַרגעלייענט געוואָרן דער חרם. און ביי דער לעצטער קללה האָט מען אַריינגעוואָרפן די וואַקסענע שוואַרצע ליכט אין דער מיט בלוט אָנגעפולטער כלי. אַ שוידערלעכע קללה האָט זיך געלאָזט הערן, אויף

וועלכער אַלע פאַרזאַמלטע האָבן אויסגעשריען מיט פאַרביטערקייט: „אמן!“...

אַזוי איז שפינאָזאַ דערוויטערט געוואָרן פון אידן. אַלע זיינע קרובים, פריינט און גוטע באַקאַנטע, זיינען געוואָרן פרעמד צו אים. אַליין, עלנט און פון יעדן פאַרלאָזן, ווי דער אומגליקלעכער ענגלישער פּאָעט שעללי, וועלכער האָט אָנגענומען זיין פילאָזאָפישע שטה און איז גלייך מיט אים פאַרפאָלגט געוואָרן, איז ער אויך זיין לעבנס-וועג געגאַנגען. לכתחילה האָט ער צווישן אַנדערע געזוכט נייע פריינט, ער האָט אָבער אין זיי קיין טרייסט ניט געפונען פאַר זיין פאַרוואונדעטער נשמה, פאַר זיין ליידנדיקער נשמה, וועלכע האָט געלעכצט צו אַן אַנדער אמת, נישט דער וואָס איז פון אַלעמען אָנגענומען. און כּדי צו פאַרלייכטערן זיינע ליידן, האָט ער באַשטימט צו חתונה האָבן פאַר דער טאָכטער פון זיין פריינט און פרעמדע שפּראַכן לערער, וואַן-דען-ענדען. וואַן-דען-ענדען איז געווען אַ מעדיקער און אַ פילאָלאָג. ער האָט געעפנט אַ שולע אין וועלכער ס'האָבן זיך געלערנט פרעמדע שפּראַכן, די אַריסטאָקראַטישע אַמסטערדאַמער קינדער. שפינאָזאַ האָט דאָרט געלערנט לאַטיין, און ער האָט געמאַכט אַזאַ גע־וואַלדיקן פאָרשריט, אַז וואַן-דען-ענדען האָט אים פאָרגעשלאָגן צו ווערן זיין געהילף אין דער שולע, און אונטעררריכטן די שילער די לאַטיינישן שפּראַך. צווישן תּלמיד און לערער האָט זיך פאַרקניפּט אַ גרויסע פריינט־שאַפט; שפינאָזאַ האָט באַשטימט חתונה צו האָבן מיט וואַן-דען-ענדען'ס טאָכטער, וועלכע איז אויך געווען זיין לערערין נאָך איידער ער איז אָנ־געקומען אין איר פאָטערס שולע. די פריערדיקע לערערין זיינע האָט אויך איינגעווילינגט צו ווערן זיין פרוי, אָבער ווען עס האָט זיך פאַר איר פאָר־געשטעלט דער אַמסטערדאַמער אריסטאָקראַט קערקערלינג, האָט זי אים אין איר לייכטזיניקייט, פאַרביטן אויף שפינאָזאַ'ן. ווען שפינאָזאַ האָט זיך פון דעם בייט דערוואוסט, האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון פרויען־ליבע און האָט זיין ליבע געווידמעט דער וויסנשאַפט, איבערהויפּט צו דער פילאָזאָפיע. שפינאָזאַ האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרפאָלקאָמען אין דער פילאָזאָפיע, נאָכדעם ווי ס'איז אים געקומען צו דער האַנט די פילאָזאָפישע ביכער פון דעקאַרט. אַ נייע וועלט האָט ער אין זיי דערזעען. אַלע מעטאַ־פיזישע פאַרבאָרגענישן זיינען פאַר אים אַנטפּלעקט געוואָרן. שפינאָזאַ האָט אָבער אין אַכט גענומען דעם מאמר התּלמוד, „טוב תּורה עם

ד'רך ארץ", אַז יעדער איד איז מחויב צו לערנען זיך אַ מלאכה פון וועלכער ער זאָל זיך דערנערן. און ער האָט זיך אויסגעלערנט גלאָז־שלייפעריי. אין דער דאָזיקער מלאָכה האָט ער זיך ביז דער גרעסטער מדרגה פאַר־פאָלקאָמט.

וועגן דער מלאכה וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט, האָט דער גרויסער נאַטור־פאָרשער און פילאָזאָף לייבניץ אים געשריבן: „צו אַלע לויב־געזאַנגען וועלכע דיינע פריינט ווידמענען דיר א דאַנק דיין גרוים ווי־סנ־שאַפט, דאַרפן זיי צורעכענען נאָך איינעם, וואָס דו ביזט דער גרעסטער ספּעציאַליסט אין גלאָז־שלייפעריי". שפינאָזאָ'ן איז אויך ניט פרעמד געווען די מאַלערישע קונסט. אינם מעמאָריום־בוך פון קאָלערוס, געפינען זיך פיל בילדער וואָס שפינאָזאָ האָט קינסטלעך געמאָלן.

ווען שפינאָזאָ איז אַלט געוואָרן אַכט און צוואַנציק יאָר, האָט ער פאַרלאָזט אַמסטערדאַם, און זיך באַזעצט אין דער שטאָט ריינסבערג, ניט ווייט פון ליידען. אין ריינסבערג האָט ער דעם גאַנצן טאָג געווידמעט צו זיין מלאכה, און ביינאַכט — דער פילאָזאָפיע. אין יענער צייט האָט ער אַרויסגעגעבן זיין בוך: „דער אינהאַלט פון דעקאַרט'ס לאָגיק". ער האָט אָבער אין דעמזעלבן ווערק צום ערשטן מאָל אַרויסגעזאָגט די פּרינציפּן פון זיין פילאָזאָפישער שטה. אין די ערשטע אַרויסגעזאָגטע פילאָזאָפישע גע־דאַנקען זיינען אויך פאַראַנען טיילווייזע גרונט־געזעצן פון זיין בוך „די עטיק". שפינאָזאָ, ליב האָבנדיק דעם אמת, האָט אויך ניט געשווינט דעם פון אים פאַרגעטערטן דעקאַרט, און ער דערקלערט, אז ניט אַלעס וואָס דעקאַרט זאָגט, קאָן געשווינט ווערן פון דער קריטיק. צוליב די דאָזיקע ווער־טער האָט ער אויף זיך אַרויפגעצויגן דעם כעס פון דעקאַרט'ס אָנ־הענגער. ער האָט זיך אָבער דערוואָרבן אומצייליקע פריינט און אָנ־הענגער פון זיין פילאָזאָפישער שטה, וועלכע איז פון זיי באַוואונדערט געוואָרן אַ דאַנק דעם ריינעם פאַרנונפט און טיפזיניקע געדאַנקען מיט וועלכע זי צייכנט זיך אויס. פיל תלמידים פלעגן קומען צו אים אויסהערן זיינע פילאָזאָפישע דערקלערונגען. זיינע פריינט האָבן אים געראַטן צו באַזעצן זיך אין דער שטאָט האאַג, און ער האָט זיי געפאָלגט, און שוין דאָרט פאַרבליבן ביז זיין טויט. ניט נאָר געלערנטע האָבן געזוכט זיין פריינטשאַפט, נאָר אויך פּאָליטיקער פלעגן זיך מערערע מאָל ווענדן צו אים נאָך אַן עצה. ווען די פראַנצויזן האָבן מלחמה געפירט מיט האָלאַנד, און

האָבן עס רואינירט, האָט דער פּרינץ קאָנדע זיך געוואָלט באַקענען מיט שפּינאָזאַ'ן און אים איינגעלאַדן צו זיך און אים צוגעטיילט גרויס כּבוד. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט, און די האָלענדער האָבן זיך דערוואוסט פון זיין וויזיט ביים פראַנצויזישן פּרינץ, האָבן זיי אים אָנגענומען פאַר אַ שפּיאָן. איינער פון זיינע פריינט האָט אים איבערגעגעבן אַז די מאַסע זוכט אים דערפאַר צו טויטן און אים געראָטן צו אַנטלויפן.

— „שרעק זיך ניט, מיין פריינט, — האָט שפּינאָזאַ אים באַרואיקט — איך וועל זיי לייכט איבערצייגן אַז איך בין ניט דער פאַר וועלכן זיי האָבן מיך אָנגענומען”.

און אַזוי איז טאַקע געשעען. ווען די מאַסע האָט אַרומגערינגלט זיין הויז, מיט דער כּוונה אים צו לינטשן, איז ער אַן מורא ארויסגעגאַנגען צו איר און מיט זיינע קלוגע ווערטער איבערצייגט אַז ער איז ריין פון דעם חשד אין וועלכן מען איז אים חושד! דער המון איז זיך רואיק פונאַנדערגעגאַנגען.

קאַרל לודוויג, דערוויסנדיק זיך פון שפּינאָזאַ, האָט אים איינגעלאַדן צו קומען אין דער שטאָט היידעלבערג און אננעמען דאָרט דעם אַמט אַלס פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אינם דאָרטיקן אוניווערזיטעט. שפּינאָזאַ האָט זיך אָבער פון דעם אָנטזאָגט, ווייל ער האָט געוואוסט אַז זיין פילאָזאָפישע שטה גרעניצט זיך מיט דער טעאָלאָגישער, און ער וועט בשום אופן ניט קענען אויסמיידן ניט איבערצוטרעטן דעם גרעניץ, און וועט דאַרפן באַרירן טעאָלאָגישע יסודות נאָך זיין פאַרשטאַנד נאָך.

טראָץ די מלאכה וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער דאָך געלעבט אַ שווער און אָרים לעבן. נאָך זיין טויט האָט מען צווישן זיינע שריפטן געפינען פאַרשידענע חשבונות, וויפיל עס איז ביי אים אַוועקגעגאַנגען אויף זיין לעבנסמיטל.

„היינט, דעם דריטן — איז דאָ פון אים אַ חשבון — האָב איך געגעסן אַרבעס, באַשמעלצטע מיט רינדערן שמאַלץ, אויף וועלכן איך האָב אויסגעגעבן צוויי מיט אַ האַלבן סענט, און געטרונקען אַ גלאָז ביר פאַר פינף סענט.”

„היינט, דעם פירטן — האָב איך געגעסן אַ געמיזע פון גערשטענע גרופּן, געפּרעגלט אין בוימל מיט ראָזינקעס, אויף וועלכעס איך האָב אויסגעגעבן פינף סענט”.

אַזוי בצמצום האָט ער זיך דערנערט און ניט געוואָלט געניסן פון דאָס שענסטע און בעסטע ביי דעם טיש פון זיינע פריינט צו וועלכן ער איז פיל מאָל געווען איינגעלאַדן. און אָט דעם גרויסן וויסנשאַפטס-מאַן, דעם ערלעכן און גערעכטן, האָבן קנאים אויף א שרעקלעכן אופן פאַרבי-טערט זיין לעבן, און אים אנערקענט פאַר אן אטעאיסט, א גאָטס-לעסטע-רער. אָבער אויך צו יענער צייט האָבן זיך געפונען דוקא רעליגיעזע אידן וועלכע האָבן אים פאַרגעטערט, און אים אָנגערופן: „ברוך שפינאָזא, דער געטלעכער מאַן".

**ה. תל"ד** — 1674 — יאהאן סאַבעסקי גיט איבער אין ארענדע צו די אידן אַלע זיינע הכנסות.

**ה. תל"ן** — 1676 — דער טויט פון שבתי צבי אין דער שטאָט דולציניאָ. נאָך זיין טויט האָבן זיינע אָנהענגער געשאַפן אויף זיין נאָמען א סעקטע אָנגעפירט פון זיין שוואָגער, דער פילאָזאָף יעקב. אין זיינע רייזעס איבער די אריענטאַלישע לענדער שאַפט ער פיל אָנהענגער. מע-רערע פריערדיקע קעגנער ווערן אָנהענגער, צווישן זיי שבתי צבי'ס געוועזענער שונא נחמיה, וועלכער ווערט אריינגעלייגט אין חרם פון די פוילישע רבנים. — אין דער שטאָט סמירנא האָט איינער פון שבתי צבי'ס תלמידים פאַרשפּרייט א קלאַנג אַז שבתי צבי איז לעבעדיקערהייט אריין אין הימל און אין קורצן וועט ער זיך באַווייזן נאָכאמאָל אויף דער וועלט.

**ה. תל"ד** — 1677 — די אידן שמואל אפּענהיימער און שמשון ווערטהיימער, צוויי ארטיסטן אין קעניגלעכן טעאַטער, ווערט דערלויבט אויף שטענדיק צו וואוינען אין עסטרייך. דורך זייער השתדלות באַקומען אויך מערערע אידן די דערלויבעניש דאָרט צו וואוינען. — פון מאלאבאר, ביים מערב-פּאָרט פון אָסט-אינדיע, איז דערהאַלטן געוואָרן אין אמסטערדאַם א ידיעה, אַז אין מערערע שטעט פון אינדיע וואוינען ווייסע און שוואַרצע אידן, וועלכע האָבן אויסגע-בויעט גרויסאַרטיקע שילן און פירן זיך לויט די מנהגים פון די פּאָרטוגעזישע אידן; זיי האָבן אויך גרויסע רבנים.

**ה. ת"ם** — 1680 — דער ספר „שבט יהודה" פון ר' שלמה ווירגאָ דרוקט זיך צום ערשטן מאָל אין אמסטער-דאַם. — שבתי רפאל פאָרט אַרום איבער די שטעט פון איטאַליע און דייטשלאַנד פאַרשפּרייטנדיק די תורה פון שבתי צבי; דורך קבלה-לערע און קמיעות געלינגט אים צו ציען פיל אָנהענגער.

**ה. תמ"ג** — 1683 — די אידישע לאַגע אין אוקראינא האָט זיך פאַרבע-סערט פון דעם טאג וואָס זיי זיינען ארונ-טער אונטער דער הערשאַפט פון יאהאן סאבעסקי. — אין דער פּאָרטוגעזישער געמיינדע אין אַמסטערדאַם, האָבן זיך גע-בילדעט פינף חברות מיט רעליגיעזע צוועקן, און צען — פאַר פילאנטראָפּישע.

**ה. תמ"ד** — 1684 — יוסף דע טאָלעדאָ ווערט מיניסטער אין מאראקא, און דורך זיין אינטערווענץ, ווערט גע-

שלאָסן אַ פרידנס־בונד צווישן מאראָקאָ און האָלאַנד.

**ה. תמ"ה** — 1685 — דער פויפּסט אינאצענץ דער צוועלפטער, רופט אָפּ די גזרה וואָס גרעגאָר דער זעכצנטער האָט ארויסגעגעבן אויף אידן צו גיין איינמאָל אין וואָך אין קירכע, אויסצוהערן די דרשות פון די גלחים. — די שטאָט אפען אין אונגאַרן, ווערט באַלאַגערט דורך די עסטרייכער. די אידן שטעלן זיך אויף דער זייט פון די אונגאַרן און שטרענגען זיך אָן צו באַשיצן די פאָרשטאָט וואו זיי וואוינען.

**ה. תמ"ו** — 1686 — ר' משה, אַן אמסטערדאַמער איד, רייזט אַרום אָסט־אינדיע, אינטערעסירט זיך צו שטודירן די דאָרטיקע אידישע לאַגע, און פארפאסט אַ בוך פון דעם מאַטעריאַל וואָס ער האָט געזאַמלט אויף זיין רייזע.

**ה. תמ"ז** — 1687 — נאָך דעם אָפּ־געהאלטענעם נצחון פון די עסטרייכער איבער די אונגאַרן, ווערן אידן אונטער־דריקט פון די זיגער צוליב דעם, וואָס בשעת דעם קריג זיינען די אידן געשטאַ־נען אויף דער זייט פון די אונגאַרן.

**ה. תמ"ט** — 1689 — די אידישע קאָלאָניע אין סורינאַם בליט אויף. דער גרויסער געלערנטער ר' דוד פון אמסטער־דאַם, ווערט דאָרט אויפגענומען אַלס רב.

**ה. תנ"ה** — 1695 — קאַרל דער עלפטער, דער קעניג פון שוועדן, דער־לויבט ניט אידן צו באַזעצן זיך אין זיין לאַנד.

**ה. תנ"ז** — 1697 — אין איינער פון די ווינער פאָרשטעט אָרגאַניזירט זיך צום צווייטן מאָל אַ אידישע קהלה.

**ה. תנ"ח** — 1698 — פרידריך אוי־גוסט דער ערשטער, קעניג פון פוילן, נעמט אָפּ ביי אידן די אלע ארענדעס וועלכע ער האָט זיי פריער געגעבן, אי־בערלאָזנדיק די אלטע רעכטע. — דער געבורט פון ר' ישראל בעל שם טוב.

אין דער זעלבער צייט ווען דאָס שבתי צבי'איזם האָט זיך אָנגע־הויבן — ווי געזאָגט — צו פאַרשטאַרקן, אויסברייטערן און פארשפרייטן איבער פוילן און דייטשלאַנד, איז געבוירן געוואָרן ר' ישראל בעש"ט.

ר' ישראל בעש"ט, איז אָן צווייפל געווען איינער פון די אָריגינעלע נאַציאָנאַלע גאונים, וועלכער האָט געשאַפן אַ גייסטיקע רעוואָלוציע אינם לעבן פון פיל צענער טויזנטער אידן, פון וועלכער עס זיינען נאָך ביז היינט צו טאָג ניט פאַרשוואונדן די סימפּטאָמען. דער וועג אויף וועלכן דער בעש"ט האָט זיך געלאָזט גיין די רעוואָלוציע צו מאַכן, איז ניט געווען, אַזוי צו זאָגן, געשפּרייט מיט בלומען, און אים איז אויך ניט לייכט אָנגעקומען די מעגלעכקייטן און די מיטלען צו ווערן דער גייס־טיקער רעוואָלוציאָנערער געניע. פון קינדוויַיז אָן האָט ער שוין געדאַרפט פירן אַ שווערן קאמף פאַר זיין עקזיסטענץ. נאָך אַלס כמעט אַ קינד, איז ער געבליבן אַ יתום פון פאָטער און מוטער, און זיך געדאַרפט דערנערן

פון בזוי'דיקע פּראָפעסיעס, ווי א באַהעלפער, אַ שמש, אַ דרדקי מלמד. דער רעוואָלוציאָנערער גייסט איז אָבער אין אים אַזוי גרויס געווען, אַז ער האָט מיט מסירת נפש דורכגעבראָכן אַלע פעסטונגען וועלכע זיינען אים אויפן וועג געשטאַנען, און מיט דער גרעסטער קראַפט אַוועקגע־שליידערט די שטיינער וואָס האָבן אים געשטערט צו גיין אין דעם וועג וואָס ער האָט פאַר זיך אָנגעצייכנט.

ר' ישראל בעש"ט איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט אָקופּ, ביי דער גרעניץ פון וואלאכיע. זיינע עלטערן זיינען געווען גרויסע אָרימע לייט און ניט קיין מפורסמים. די היסטאָריע האָט וועגן זיי ניט מער צו זאָגן ווי נאָר אַז זיין פאָטער, אליעזר, איז געווען אַ פּראָסטער איד, און זיין מוטער, שרה, איז געווען אַ הייבאַמע. ווען ר' ישראל בעש"ט האָט אָנגעהויבן מפורסם ווערן, האָט דער בּראָדער רב ר' חיים סאנדזער זיך אויסגעדריקט וועגן אים: „איז שוין דער הייבאַמעס זון אויך געוואָרן אַ בעל מופת?" די לעגענדע דערציילט אונז אז ר' ישראל איז געווען אַ בן יחיד ביי זיינע עלטערן, אויסער אים האָבן זיי קיין קינדער ניט געהאַט. און געבוירן געוואָרן איז ער ביי זיי אין דער טיפער עלטער, קרוב צו די הונדערט יאָר... אליהו הנביא האָט צו זיין פאָטער מבשר געווען וועגן זיין געבורט, איבער אַ נסיון וואָס ער איז ביינגעשטאַנען. און אָט וואָס די לעגענדע דערציילט וועגן דעם נסיון: ר' אליעזר איז געווען אַ געפאַנגענער ביי איינעם פון דעם מלך'ס ראַטגעבער, און ער האָט ביי אים אויף אַזוי פיל נושא חן געווען, אַז ער האָט אים געגעבן זיין טאָכטער פאַר אַ פרוי. ר' אליעזר האָט אָבער כובש געווען דעם יצר הרע, און זי ניט אָנגערירט.

וועגן דעם בעש"ט'ס אָפּשטאַמונג, זאָגט אונז זיין אייניקל, ר' נחמן בּראַצלעווער, אַז ער האָט אַ מסורה אַז ער שטאַמט אָפּ פון דוד המלך. אין לקוטי מהר"ן (ב' ק') פאַרגלייכט ער עס צו דעם מאמר וואָס געפינט זיך אין זוהר (נשא קמ"ו): „מלכו ירית דוד לבנוי בתרוי", „זיין קעניגרייך וועט דוד מאַכן ערבן צו זיין זון נאָך אים"... און ס'איז ניט ווייט די השערה, אַז אויך זיין תלמיד רבי בער, האָט זיין אָפּשטאַמונג פון דוד המלך באַמערקט אין די ווערטער וואָס ער ברענגט אין זיין „אור המאיר", רות": „מיום שנחלקה מלכות בית דוד, מכאן נשמך המחלוקת", „פון דעם טאָג וואָס ס'איז צעטיילט געוואָרן די מלוכה פון בית דוד, ווערט פאַרגע־זעצט דאָס מחלוקת" און דאָס איז דאָס מחלוקת פון די חסידים מיט די

מתנגדים. אויך ר׳ נחמן קאסאווער דריקט זיך אוים וועגן דאָס מחלוקת: „דאָס מחלוקת וואָס עס קומט פאַר בײַ אונז, איז אַן אַלט מחלוקת וואָס ס׳איז פאָרגעקומען צווישן שאול מיט דוד׳ן”. דאָס אַלעס, ווי געזאָגט, זײַנען נאָר לעגענדעס, די היסטאָריע ווייסט ניט פון זיי.

געציילטע יאָרן נאָך זײַן געבורט, איז זײַן מוטער געשטאָרבן, און גלײַך נאָך איר אויך זײַן פאָטער, און זייער טויט האָט געמאַכט אויפן קינד אַ שווערן אײַנדרוק. ער איז פאַרבליבן אַ קלייניטשקער יתום, אָן דער מינדעסטער אויסזיכט צו קענען פאַרזאָרגן ניט נאָר זײַן צוקונפט, נאָר אויך זײַן קעגנוואַרט. ווײַל וואָס קאָן דען אַ קינד טון אָן אַ טאַטן, וועלכער זאָל זיך זאָרגן פאַר אים, און אָן אַ מאַמען, וועלכע זאָל אים מיט איר מוטער־ליבע צערטלען און טרייסטן?..

פאַרן שטאַרבן האָט אים זײַן פאָטער צום לעצטן מאָל גענומען אויף די הענט און אים געזאָגט:

„איך האָב ניט זוכה געווען בײַ גאָט דיך מגדל זײַן, איך זע אָבער מיט מײַנע גײַסטיקע אויגן, אַז דו וועסט זײַן אַ גרויס ליכט בײַ אידן. געדענק זשע, מײַן קינד, דאָס גאַנצע לעבן דײַנס די ווערטער: שטענדיק זאָלסטו זיך פאַרלאָזן אויף גאָט, און האָבן בטחון אין אים, און פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט האָבן”.

די דאָזיקע ווערטער האָט ער ניט פאַרגעסן, און פון זיי האָט ער דער־פילט אַז אַ גרויסע אויפגאַבע שטייט אים פאָר. א אויפגאַבע אַ דרײַ־פאַכיקע. ערשטנס: ער דאַרף שטרעבן צו זײַן דאָס ליכט וואָס דער פאָטער האָט געוואונטשן, כּדי צו מאַכן אים ליכטיק אויף יענער וועלט, און אויך צו פאַרשפּרייטן דאָס ליכט פאַר אַלע אידן; צווייטנס: שטענדיק געדענקען אַז גאָט איז מיט אים; דריטנס: ניט מורא האָבן פאַר קיין זאַך. אָט די דרײַ גײַסטיקע טריבוטן האָט ער אויף זיך גענומען דורכצופירן, און דאָס האָט אים אויף אַזוי פיל דערמונטערט און געשטאַרקט, אַז ער האָט זיך מתבודד געווען אין וואַלד אָן דער מינדעסטער שרעק. יעדעס מאָל ווען פאַרשידענע אויסערגעוויינלעכע געשעענישן, וואָס פלעגן פאָרקומען אין וואַלד, אָדער ערגעץ אַנדערש וואו, וואָס קענען אויף יעדן מענטשן ארויפ־ווארפן אַ שרעק, פלעגט ער דעם שרעק פון זיך פאַרטרײַבן נאָר מיט די ווערטער: „איך האָב מורא נאָר פאַר גאָט”. און אָט די אײַנגעאיבטע, און

אין זיך איינגעזאַפּטע מדה, פאַר קיינעם נישט מורא צו האָבן, אויסער פאַר גאָט אַליין, האָט אים געפירט צו דער מדרגה.

עס האָבן זיך אַפילו געפונען בעלי טובות וואָס האָבן זיך געזאָרגט פאַר זיין נשמה... אים אַריינגעגעבן אין חדר. ער, אָבער, מיט זיין שאַרפן שכל און פיין־פילנדע נשמה, האָט פאַרשטאַנען אַז די בעלי טובות מיט זייער זאָרג פאַר אים, מיינען ניט אויף אַזוי פיל זיין טובה, ווי זייער אייגענע: מען זאָל זיי לויבן אין אלע גאסן, און זיי האַלטן פאַר גרויסע פילאנטראָפּן. ער איז אויך פון זיין מלמד גאָרניט צופרידן געווען. מיט זיין שטאַרק אנטוויקלטן פאַרשטאַנד, האָט ער פאַרנומען אַז ניט אַזוי דאַרפן קינדער געלערנט און דערצויגן ווערן. דאָס חדר צוזאַמען מיטן רבי׳ן זיינען אים נמאס געווען און ער פלעגט פון צייט צו צייט, ביי יעדער געלעגנהייט, אנטלויפן פון דאָרט, און ווען מען האָט אים אָנגעהויבן זוכן, פלעגט מען אים שטענדיק טרעפן אין וואַלד, אַן איינזאַמען און א פארטראכטן.

פיל פאַרשידענע געדאנקען פלעגן אים קומען אויפן מח, פיל פלענער פלעגן זיך פאַר אים אָנצייכענען, און פיל נייע לעבנס־פעדים פלעגן זיך פאַר זיינע אויגן וועבן. און יעדן פלאַן פלעגט ער באטראכטן מיט באדאכט. צו ער איז ניט קיין זינלאָזער, יעדן פאָדים־געוועב, צו ער איז ניט קיין שפינוועבס... געזוכט האָט ער נאָר אין זיי דעם אמת און דאָס נוצלעכע, ניט נאָר פאַר אים, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט.

און עס קומען אים שטענדיק אויף די געדאנקען צו ווערן דער, וועלכער האָט אַ נייעם ליכטיקן וועג אויסגעטראָטן און זיין נאָמען זאָל פאַר־אייביקט ווערן אין דער היסטאָריע.

ביי זיין התבודדות אין וואַלד האָט ער אָבער פאַרשטאַנען אז מיט דעם אַליין קען מען זיך זאָרגן נאָר פאַר דער נשמה, דער מענטש האָט אָבער אַ קערפּער אויך, און מען מוז זיך פאַר אים אויך זאָרגן. און זייענדיק כסדר אין וואַלד, וועט דער וואַלד אים ניט געבן ניט קיין ברויט אויף צו עסן, און ניט קיין קליידער אויף צו קליידן זיך, און ער באַשטימט צו זוכן פאַר זיך אַ פרנסה. וויסנדיק אָבער, אַז די אַטמאָספערע אין וועלכע פאַר־שידענע פרנסות געפינען זיך איז א פאַרדאָרבענע, האָט ער ביי זיך ניט געקענט פועלן אנצונעמען די פרנסות וואָס געפינען זיך דאָרט. ער האָט זיך ניט געוואָלט שטעלן פאַר קיין משרת אין א וועלכן ס׳איז געשעפט

ווייל ער האָט געוואוסט אַז דער עלעמענט איז דאָרט אַ שלעכטער. ער האָט אויך ניט געוואָלט ווערן אַ געזעלן ביי אַ בעל־מלאכה, ווייל ער האָט גוט געוואוסט אַז אַלע געזעלן זיינען פאַרגרעבטע און פאַרדאָרבענע, וועמען עס וועט זיין שווער אַרויפצופירן אויפן דרך הישר, און זיי וועלן אים אויך שטערן צו גיין אין דעם וועג וואָס ער האָט זיך פאַרנומען. האָט ער ביי זיך באַשלאָסן צו ווערן אַ באַהעלפער. ס'איז טאַקע ניט קיין געהויבענער אמט, און מען קאָן פון דעם אויך קיין גרויסע פרנסה ניט האָבן, אָבער דער דאָזיקער אמט וועט אים פירן צום ציל וואָס ער האָט זיך געשטעלט. ער איז געוואָרן אַ באַהעלפער און די דאָזיקע פראָפעסיע איז אים באַליבט געוואָרן.

ער האָט גוט פאַרשטאַנען די ווערטער פון די חכמים: „ומצדיקי הרבים ככוכבים אלו מלמדי תנוקות", „די וואָס באַרעכטיקן און באַלייכטן פיל מענטשן ווי די שטערן, די זיינען די מלמדי תנוקות" (ב"ב ח. ב.) און ווי טריי, ווי איבערגעבן איז ער צו זיין פאַך געוואָרן, ווי ליב זיינען אים די קליינע קינדערלעך געווען! יעדן טאָג פלעגט ער זיי ברענגען מיט פרייד, מיט געזאַנג אין חדר אַריין, און פון דאָרט פירן זיי אין שיל אַריין, און זאָגן מיט זיי: „אמן יהא שמיה רבה מברך", און ניט נאָר אין חדר און אין די שילן פלעגט ער די קינדער פירן, נאָר אויך אין די גאסן, און אויף דער פרייער לופט מיט זיי שפּאַצירן, און פאַרשידענע לידער מיט זיי זינגען...

און ווי שיין דריקט זיך אוים די לעגענדע וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן: אַז די עבודה פונם בעש"ט שטייט נאָך העכער פון דער עבודה פון די לויים. זיין געזאַנג מיט די קינדער, האָט מער נחת רוח פאַרשאַפט דעם רבונו של עולם, ווי דער שיר וואָס די לויים פלעגן זינגען אין בית המקדש.

דער בעש"ט איז עלטער געוואָרן און אנגעהויבן זוכן פאַר זיך אַ פרנסה אין אַ מקום תורה. ער האָט געוואוסט אַז קומען צו אַ העכערע מדרגה, מוז מען פיל לערנען און זיך שטענדיק געפונען צווישן לומדים. זאָגן דאָך די חכמים אויף רי"ב"ח: „אשרי יולדתו", וואויל איז זיין מוטער וואָס האָט זיין וויגעלע אַריינגעשטעלט אין בית המדרש, ער זאָל איינזאַפּן אין זיך די הייליקע לופט (אד"ר"נ). זאָגט דאָך אויך דער זוהר (שמות ה', ב'): ממעונות אריות, אינון תלמידי חכמים דעסקי באורייתא במעונו׳ין

המדרשות דאינון אריון ונמרין באורייתא: די ווערטער ממעונות אריות לערנען אונז, אַז דאָס זיינען די תלמידי חכמים וואָס באַשעפטיקן זיך אין דער תורה און די בתּי מדרשות, וועלכע זיינען די לייבן און טיגערן אין דער תורה. און דער בעש"ט איז געוואָרן שמש אין א בית המדרש. ער איז אָבער געווען, ווי מען זאָגט, אינקאָגניטאָ, ניט געלאָזט זיך דערקענען. ווען אויך ער איז שוין געווען אַ למדן, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט פאַר א עם הארץ, און פלעגט נאָר לערנען ווען קיינער האָט ניט באַמערקט. אין יענער צייט, דערציילט די לעגענדע, איז אים צו דער האַנט געקומען כתבים פון סתרי תורה און קבלה, און ער האָט זיך מיט זיי באַהאַלטן אין וואלד און דאָרט זיי געלערנט. ער האָט אויך דאָרט אין וואלד גע־לערנט גמרא, פוסקים און אויך כתבי הקדש.

טראָץ זיין פאַרבאָרגן זיך, כּדי מענטשן זאָלן פון זיין למדנות ניט וויסן, האָט מען דאָך דערקענט אין אים זיין ערלעכקייט און אויפריכ־טיקייט וועלכע זיינען די מדות פון א תלמיד חכם, און מען האָט זיך געזאָרגט אים חתונה צו מאַכן, ער זאָל חלילה ניט עובר זיין אויף דעם מאמר, פון בן שמונה עשרה לחופה. און מען האָט אים חתונה געמאַכט ווען ער איז אלט געווען זיבעצן יאָר. ער איז אָבער גאָרניט גליקלעך געווען מיט דער חתונה. זיין פרוי, וועמען ער האָט היים געליבט, איז באַלד נאָך דער חתונה אָפּגעשטאָרבן, און ער איז איבערגעבליבן עלנט, אָן אַ פרוי, אָן א נאָענטן גוטן פריינט וועלכער זאָל אים מיט גוטע ווערטער טרייסטן. דער בעש"ט איז אָבער ניט געווען פון די וועלכע ווערן פאַר־צווייפלט פון אַן אומגליק. ער האָט זיין אומגליק פאַרשטיקט אין זיך, און זיך געשטאַרקט דורכצופירן דעם אידעאַל וועלכן ער האָט אנגעצייכנט פאַר זיך, און האלטן זיך ביים מאמר חז"ל: מאן דביש ליה בהאי מתא, ליזל למתא אחריתא: וועמען ס'איז שלעכט אין דער שטאָט, זאָל ער אַוועק פאָרן אין אַ צווייטער שטאָט (ב"מ עה. ב.). האָט ער זיך באַזעצט אין אַ דאָרף נעבן בראָד, און געוואָרן דאָרט אַ מלמד. אַזוי ווי דער ערענדאר איז געווען אַ פּראָסטער ערלעכער איד, האָט ער געפאָלגט דעם רבין, ער זאָל וועגן אים וואָס ווייניקער רעדן, ווייל ער האָט נאָך ניט דערגרייכט צו דער מדרגה צו קענען דורכפירן דעם אידעאַל, די מיסיע, וועלכע ער האָט אויף זיך גענומען.

דאָרף זיך טרעפן, אַז ר' אפרים קיטעווער, אַ גרויסער למדן, האָט

זיך בײ א נסיעה אָפּגעשטעלט אין דעם דאָרף, און צופעליגערװײַזע האָט ער זיך דערװאוסט אַז דער מלמד לערנט בײנאַכט און אין געהײם, אַז ער איז אַ גרױסער תּלמיד חכם, און אַזױ װי ער האָט געהאַט אַן אײנציקע טאָכטער, האָט ער אים אױף צומאָרגנס פאָרגעשלאָגן אַז ער װיל איבנעמען פאַר אַ אײדעם. װי די חסידישע לעגענדע דערצײלט, האָט דער בעש״ט געװאוסט אַז זי איז זײַן בת זוג, װעלכע איז אָפּגעהאַלטן געװאָרן ביז אין דער צײַט. ער האָט אײנגעשטימט צו דעם פאָרשלאָג, נאָר בתּנאי, ער זאָל די תּנאים שרײַבן דאָ אין דאָרף, און ניט דערמאָנען אין זײ קײן שום בכּבוד׳יקן טיטל פאַר אים, נאָר פּשוט שרײַבן ישראל בר׳ אליעזר. ער האָט פאַר אים מגלה געװען דעם דרך אין װעלכן ער האָט זיך פאַרנעמען צו גײן, און די צײַט איז נאָך ניט געקומען צו פאַרעפנטלעכן. ר׳ אפרים קיטעװער איז באַשטאַנען אױף דעם תּנאי. די תּנאים זײַנען אין דאָרף געשריבן געװאָרן. און ער האָט אײן עקזעמפּליאַר מיט זיך מיטגענומען. ער איז אָבער אױפן װעג געשטאָרבן, און װען זײַן זון ר׳ גרשון קיטעװער איז געקומען אים מקבר זײַן, האָט ער צװישן דעם פאָטערס כּתבים געפונען אױך די תּנאים, און װי פאַרװאונדערט איז ער געװאָרן, דערװיסנדיק זיך פון זײ אַז דער פאָטער האָט זײַן שװעסטער פאַרקנסט פאַר אַ יונגן מאַן װעלכער האָט קײן נאָמען ניט אין דער למדנישער װעלט. ער האָט עס דערצײלט דער שװעסטער. זי אָבער, האָט אים געענטפערט: „װאָס דער פאָטער האָט געטון דאַרפן מיר אױספאָלגן. ער האָט מסתּמא געװאוסט װאָס ער האָט געטון.״

נאָך אַ קורצער צײַט איז דער בעש״ט געקומען קײן קיטעװ פאַרשטעלט װי אַ דאָרפישער יונגערמאַן, און װײַזנדיק די תּנאים האָט ער פאַרלאַנגט, מען זאָל זײ מקײם זײַן. ר׳ גרשון איז פאַרציטערט געװאָרן באַטראַכטנדיק זײַן צוקונפטיקן שװאָגער, און געװאָלט דורכאױס די תּנאים מבטל זײַן. די שװעסטער זײַנע האָט אָבער איר פאָטערס װאָרט געהאַלטן פאַר הײליק, און ניט דערלאָזט מבטל זײַן די תּנאים און פאַר אים חתונה געהאַט.

פאַר דער חופּה — דערצײלט אַ חסידישע לעגענדע — האָט דער בעש״ט מגלה געװען דער כּלה װער ער איז, װעלכע מיסיע ער האָט אױף זיך גענומען דורכצופירן אין לעבן, און זי געבעטן צו האַלטן עס אין געהײם ביז אין דער צײַט װען ער װעט זײַן אימשטאַנד זיך צו אַנטפּלעקן.

ר׳ גרשון קיטעווער האָט אויך נאָך דער חתונה געזוכט אָפּצו׳גט׳ן זיין שוועסטער פון דעם גראָבן יונג. און פאר גרויס פּארדרוס וואָס די שוועסטער האָט אים ניט געוואָלט פאָלגן, האָט ער זיי פאַרטריבן פון זיך, געקויפט פאַר זיי אַ פערד און וועגעלע, און זיי משלח געווען פון קיטעוו. דער בעש״ט האָט זיך מיט זיין פרוי באַזעצט אין אַ דאָרף צווישן קיטעוו און קאסעוו.

די התבודדות איז אָנגענומען נאָך אין די צייטן פון די איסיים, אַלס איינע פון די וועגן דורך וועלכע מען קומט צו קדושה, און דאָס זיכערסטע מיטל צו דערגרייכן דורך דעם די העכסטע מדרגה. ר׳ שמעון בן יוחאי, דער פאָטער פון די מיסטיקער, האָט ניט דערגרייכט די גרויסע מדרגה ביז ער איז ניט געווען צוזאַמען מיט זיין זון אַ מתבודד אין אַ הייל, אין אַ משך פון צען יאָר. אויך ר׳ יצחק לוריא, דער גרינדער פון דער טעאָרע־טישער קבלה איז געווען פריער אַ מתבודד. ווי די חסידישע לעגענדע דער־ציילט, האָט זיך אליהו הנביא באַוויזן צו ר׳ יצחק לוריא, און אים פאַר־זאָגט ער זאָל זיך מתבודד זיין גאַנץ ווייט פון מענטשן און ניט האָבן קיין שום עסק מיט אַ בן אדם, און ר׳ יצחק לוריא האָט אים געפאָלגט, ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פון מענטשן, זיך באַזעצט אין אַ שטיבל ביים טייך נילוס, און דאָרט איז ער געווען אַ מתבודד זיבן יאָר נאָכאַנאַנד. פלעגט נאָר קומען אַ היים אין שטאָט פון ערב שבת צו ערב שבת.

דער בעש״ט האָט אויך דעם זעלבן דרך אָנגענומען און אַ לאַנגע צייט געווען אַ מתבודד. די פרוי פלעגט זיך מתפרנס זיין פון פירן ליים, וואָס ער האָט פאַר איר אָנגעגראָבן יעדן פרימאָרגן, און אליין אַוועק־געגאַנגען, און זיך מתבודד געווען צווישן די קאַרפּאַטן בערג. דאָרט, אויף די הויכע בערג, האָט ער געלעבט אַ הימלישעס לעבן. אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם ערדישן לבוש, און ניט ווייסנדיק פון זיין אונטערוואַרפן און זיך מכניע זיין פאַר יעדן לומפּ, פאַר יעדן חוצפּה׳דיקן, פאַר יעדן געוויסנלאָזן און הארטנעקיגן, אויסווירקן ביי אים וועלכע ס׳איז טובה, האָט ער זיך געפילט פריי ווי אַ פויגל, און זיך דערהויבן מיט זיינע גייסטיקע פליגל אַלץ העכער און העכער אין די עולמות העליונים. דער אדם הגדול, דער גאון, דאַרף זיין אָריגינעל, — זאָגן פילאָזאָפן. ער דאַרף זיין געניאַליטעט ניט שעפּן פון פרעמדע קוואַלן, נאָר פון זיין אייגענעם קוואַל. פון דער אינערלעכקייט פון זיין נשמה, די אומבאַפלעקטע, מיט וועלכער ער איז

באשאַנקען געוואָרן, דאַרף ער דאָס פאַרבאָרגענע ליכט אַרויסנעמען כּדי דערמיט צו באַלייכטן דאָס גייסטיקע פינסטערניש, און דאָס פינסטערניש אַליין צו פאַרטרייבן. ווער עס האָט ניט קיין אורשפּרינגלעך ליכט, אין זוכט עס צו באַקומען פון אַן אַנדער קוואַל, איז געגליכן צו דער לבנה, וואָס אַליין איז זי פינסטער, און מוז אָנקומען צו דער זון נאָך ליכט. איר ליכט איז שוואַך, טונקל, לייכט ווייניק, און וואַרעמט ניט...

דאָס אַלעם האָבן אויך פאַרשטאַנען אַלע גייסטיקע העלדן, אַלע גדולים, אַלע גאונים אונזערע, וועלכע פלעגן זיך מתבודד זיין. און דאָס האָט אויך פאַרשטאַנען דער בעש״ט. ער האָט דעם דראַנג צו דערפילן די מיסיע וועלכע ער האָט אויף זיך גענומען, ניט געקאָנט אָפּהאַלטן. דעם אידעאַל צו שאַפן אַ נייע שטה, אינם אידנטום, ניט געקענט אין זיך פאַרשטיקן, און צו דערגרייכן די מדרגה דורכצופירן דעם אידעאַל, וועלכער איז געווען פאַרבאָרגן אין זיין נשמה, אַרויסצונעמען דאָס ליכט פון דער נשמה און צוזאַמען מיטן אידעאַל עס אַנטפּלעקן, מוז ער פריער זיין אַ מתבודד. און ער איז אַזעלכער געוואָרן.

זיין התבודדות איז אָבער געווען אַנדערש פון דעם פון אַלע איבעריקע מתבודדים. ווען ר׳ שמעון בן יוחאי האָט זיך באַפרייט פון זיין התבודדות, האָט ער זיך פעסימיסטיש באַצויגן צום לעבן. ער האָט דערזען ווי מענטשן אַקערן און זייען, האָט ער אויסגעשריען: „מניחים חיי עולם, ועוסקים בחיי שעה״: „פאַרלאָזן דאָס אייביקע לעבן און באַשעפטיקן זיך מיטן עולם הזה׳דיקן״. אויך ר׳ יצחק לוריא האָט נאָך זיין התבודדות געלערנט, אַז דער מענטש דאַרף זיך דערווייטערן פונם ערדישן לעבן, ניט קיין הנאה האָבן פון דער וועלט, זיך פייניקן און כּסדר פאַסטן; דאַקעגן אָבער דער בעש״ט, ווען ער האָט זיך באַפרייט פון זיין התבודדות, האָט געלערנט ליב האָבן און הנאה האָבן פונם לעבן; אָבער דאָס לעבן מוז זיין אַ טהרה׳דיקס... „דער רבונו של עולם וויל — זאָגט דער בעש״ט — מען זאָל אים דינען אויף אַלע אופנים, נאָר ניט מיט פייניקן זיך...״ אַנדערע מתבודדים ווערן פאַרגעשטעלט אַלס מענטשן וואָס וואו נאָר זיי האָבן זייער בליק געווענדעט, איז דאָרט אַלעם צעשטערט געוואָרן, דער בעש״ט אָבער, ווערט פאָרגעשטעלט אַלס אַזעלכער, וואָס מיט זיין יעדן בליק פלעגט ער ברענגען מזל און ברכה. דער בעש״ט האָט געהאַט די זעלבע אַנשויאונג אויף דער וועלט ווי ר׳ אליעזר, ר׳ שמעון בן יוחאי׳ס

זון, אויף וועלכן עס ווערט געזאָגט אין תלמוד (שבת ל״ג): „אַלעס וואָס דער פאָטער פלעגט מיט זיין קוק פאַרוואונדן, פלעגט ער היילן... ניט פאַר־וואונדן דאַרף מען די מענטשהייט, נאָר היילן זי...״

אינטערעסאַנט איז ווי אַזוי די חסידישע ליטעראַטור שילדערט דעם בעש״ט פערזענלעכקייט, איידער ער איז נתגלה געוואָרן:

„זיצט זיך דער בעש״ט אַן איינזאַמער אויף די הויכע בערג, און פון זייער הויכקייט קוקט ער אַראָפּ אויף דער ערד. די גאַנצע נאַטור מיט איר ערלעכער שיינקייט און צויבער אַנטפּלעקט זיך פאַר זיינע אויגן. אַלע וועזנס קוקן שטראַלנדיקע, און דרינגען אַריין טיף אין זיין האַרצן. ער אינטערעסירט זיך מיט אַלעם: פונם נידעריקן גרעזעלע ביז דעם העכסטן בוים, פון דעם קלענסטן פליגעלע ביז דעם גרעסטן פויגל, פון דעם קריכנ־דיקן ווערימל ביז דער גרעסטער חיה. אַלעם און אַלע באַטראַכט ער אין באַוואונדערט, מיט אַלעם און אַלע איז ער זיך משמח. אין האַרצן ברויזט אויף אנגענעמע געפילן, ער פילט זיך ווי אדם הראשון אין גן עדן איידער ער האָט געזינדיקט. ער לעבט אַ לעבן פון יחיד, אַ לעבן פון עולם הבא׳דיקע מנוחה. ער פילט זיך אויף די בערג, ווי אַ באַפרייטער ארעס־טירטער, און ווי אַ קראַנקער וועלכער איז ארויס אַ פאַלקאָם געזונטער פון אַ בית החולים...

„דער בעש״ט הויבט אויף זיינע אויגן ארויף צום הימל, באַטראַכט זיין בלויע לויטערקייט און זעט דאָרט דאָס געטלעכקייט. ס׳קומט אים אויפן געדאַנק אַלע וואונדערלעכע דערשיינונגען, וועלכע קומען דאָרט פאָר אין פארלויף פונם יאָר, די בליצן, די דונערן, און אנדערע נאַטור־קרעפטן. זיין האַרץ ווערט אָנגעפולט מיט ליבע צו אַלעם און צו אַלעמען, און אַ יראת הכבוד צום אלהי הכבוד. ער זעט פאַר זיך דעם גרויסן וואַלד וואָס איז פול מיט ביימער, בלומען און גראָזן און ער זעט מיט זיינע גייסטיקע אויגן דאָס געטלעכקייט, וואָס ברענגט אין באַוועגלעכקייט פונם גרעסטן און דיקסטן בוים, ביז דעם קלענסטן און צאַרטן גרעזעלע. אינם געזאַנג פון די פויגעלעך, אינם זשומען פון פאַרשידענע פליגעלעך הערט ער גאָטס שטימע. דער בעש״ט פאַראייניקט זיך מיט אַלע גאָטס באַשע־פענישן, און מיט אַ איבערפילט האַרץ פון ליבע און באַוואונדערונג, שרייט ער אויס: „מה רבו מעשיך ד׳, כלם בחכמה עשית, ברכי נפשי את ד׳.״

„ווי גרויס זיינען דיינע מעשים, אָ, גאָט! אַלעס האָסטו מיט חכמה באַ־שאַפן, ליבּ, מיין זעל, גאָט!"

זיבּן יאָר האָט דער בעש"ט פאַרבּראַכט אין התבודדות, און ווען ער איז אַלט געוואָרן זעקס און דרייסיק יאָר, איז ער נתגלה געוואָרן. אויספירלעך וועגן זיין התגלות איז אין דער היסטאָריע ניט פאַרצייכנט געוואָרן. פון דער חסידישער ליטעראַטור דערוויסן מיר זיך אַז גלייך ווי ער האָט פאַרלאָזן די בערג, איז ער נאָך אַמאָל מגולגל געוואָרן אין אַ באַהעלפער, אַ מלמד, אַ שוחט, און אויך א מוכסן... ערשט נאָך די גלגולים האָט ער דערהערט אַ געטלעכע שטימע: „גיי, אַנטפּלעק זיך!"

וועגן דער שטה וואָס ער האָט געשאַפן קאָן נאָר געזאָגט ווערן דאָס וואָס ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט, ווען ער האָט א ופּוח געהאַט מיט אַ רב: „איך האָב געשאַפן חסידות, דער וואָס זאָגט אָבּער אַז דאָס חסידות איז א פרעמדע נטיעה אינם אידישן גאָרטן, איז זיך טועה. איך האָבּ קיין נייעס געדאַנק ניט מחדש געווען, איך האָבּ נאָר אויסגעבּרייט און פאַר־טיפט דעם אַלטן געדאַנק... מיין וועג אין דער אמונה און עבודה, איז ניט קיין נייער, איך האָבּ קיין שום הוספה ניט געמאַכט צו דעם וואָס ס'איז צו אַלע באַוואוסטזיניקע און אויפריכטיקע מאמינים באַקאַנט און אַנגענומען פון אונזערע רבּי'ס און עלטערן. איך האָבּ נאָר דערמאָנט, און פאַרשטאַרקט, דאָס וואָס ס'איז פאַרגעסן און שוואַך געוואָרן. אין תּנ"ך, איז שוין געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פונם חסידות, אין דער תּלמוד'ישער אגדה האָט זי באַקומען אַ מער אַנטוויקלטע פאָרמע, און מיט רעכט זאָגט זיך אין „ספרי עקב": „ווילסטו קענען דעם וועלט־באַשאַפער, לערן אגדה". צום העכסטן פונקט ווערט דאָס חסידיזם געשטעלט אין א מיסטעריעזער פאָרמע, אין דער קבּלה, וועלכערס ערשטער מקור איז דער זוהר. אינם זוהר הערן מיר דעם אָפּקלאַנג פון דער נשמה וועלכע בענקט און גלוסט צום אור־קוואל פונם אמת'ן לעבּן. צו באַהעפטן זיך אינם בּורא עולם, און דורכדעם צו פאַרפאַלקאָמען זיך כּדי צו קענען אים משיג זיין...

„האלהים — זאָגט זיך אין זוהר — סובב כל עלמין, וממלא כל עלמין, ולית אתר פנוי מיניה, ואנן ברחימותא תליא מילתא". „גאָט נעמט אַרום אַלע וועלטן, פילט אָן אַלע וועלטן, קיין ליידיק אָרט אויסער דער געט־לעכקייט איז ניטאָ (אַ שפּינאָזישער געדאַנק) און פון אונז פאָדערט זיך נאָר ליבּע."

דער בעש״ט האָט אָבער אויך געהאַט פיל קעגנער צוליב זיין שטה. דאָס קעגנערשאַפט האָט זיך געשאַפן ערשטנס צוליב דער שרעק פאַר דעם שבתי צבי׳איזם, ווייל יעדע נייע שטה האָט מען דאָ חושד געווען אין דעמזעלבן, און צווייטנס, צוליב די פילע גוזמאות און שקרים וואָס חסידים האָבן אָנגעהאַנגען דעם בעש״ט. ס׳האָט זיך דערפאַר געשאַפן צוויי פיינט־לעכע לאַגערס, פון מתנגדים און חסידים, וועמענס פיינטשאַפט האָט דער־גרייכט ביז מתיר דם זיין איינע די אַנדערע.

דער בעש״ט האָט געפילט אַ גרויסע ליבע צו ארץ ישראל; זיין גאַנץ לעבן האָט ער געשטרעבט צו קומען אַהין און קושן די שטיינער גלייך ווי ר׳ יהודה הלוי, און טראָץ אַלע שטערונגען האָט ער זיך געלאָזט אויף דער עלטער פאָרן אַהין. זיין פרוי האָט שוין דעמאָלט ניט געלעבט, האָט ער זיך אין ווינטער, כמעט מיט מסירת נפש, געלאָזט פאָרן אַהין, צוזאַמען מיט זיין טאָכטער האָדל און זיין סופר ר׳ צבי. אויף פסח זיינען זיי געקו־מען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דאָרט האָבן זיי זיך אויפגעזעצט אויף אַ שיף צו פאָרן קיין ארץ ישראל. אויפן וועג איז אָבער געוואָרן אַ שרעקלעכער שטורעם, און די שיף איז געווען אין אַ גרויסער סכנה אויף אונטערצוגיין, האָט ער פאַרשטאַנען — זאָגן חסידים — אַז פונם הימל האָט מען ניט געלאָזט ער זאָל פאָרן און ער האָט זיך צוריקגעקערט.

דער בעש״ט האָט געהאַט צוויי קינדער, אַ זון מיט אַ טאָכטער. זיין זון ר׳ צבי, וועלכער איז געשטאָרבן ביי זיין לעבן, איז געווען רבי שמואל חסיד׳ס איידעם, ער האָט זיך ניט אויפגעפירט אויף א רבנישן שטייגער. ר׳ צבי האָט געהאַט צוויי זין: ר׳ אהרן טיטיוב׳ער און ר׳ דוב אולאַנאבער. זיין טאָכטער האָדל האָט געבוירן דעם באַוואוסטן ר׳ נחמן בראסלעווער, וועלכער האָט געשאַפן א נייעם דרך אין חסידות, און זיך דערפאַר פיל קעגנער דערוואָרבן.

**ה. ת״ם** — 1700 — די פאַרשטאַר־קונג פון דער שבתי צבי סעקטע דורך דער פּראָפּאַגאַנדע פון חיים מלאך און נחמיה חיון. — די מאַסע אין ווין פאַלט איבער דאָס הויז פון דעם אידישן רע־גירונגס־מאַן שמואל אפּענהיים, און רויבן עם אויס. די רעגירונג פאַראורטיילט די אנטיילנעמער צום טויט. — דער אידן־פיינט יאהאַן אנדרעאוס אייזענמענגער פאַרעפנטלעכט זיין בוך „ענטדעקונג דעם יודענטהומס״. דער קייזער לעאָפּאָלד פאַרבאָט די פאַרשפּרייטונג פון דעם בוך. דער קורפירשט פון פרייסן דרוקט עס

אויף זיינע הוצאות. — דער טויט פון אייזענמענגער.

**ה. תס"ד** — 1704 — דער מיסיאָנער, פּאַטער גאַזאַני, דערקלערט, אַז אויף זיינע רייזעס אין כינא, האָט ער געטראָפן אין דער שטאָט קאיפאנג־פו אַ גרויסע אידישע געמיינדע מיט אייגענע שיינע שילן.

**ה. תע"א** — 1711 — אַ גרויס פייער האָט אויסגעבראָכן אינעם הויז פון דעם רב און גרויסן מקובל ר' נפתלי הכהן, אין דער שטאָט פראנקפורט אם מאין, און פאַרברענט אַלע הייזער אינעם אידישן קוואַרטאַל. פיל קריסטן האָבן געהאָלפן די אָפּגעברענטע אידן.

**ה. תע"ח** — 1718 — עס האָט זיך געגרינדעט אַ גרויסע ישיבה אין דער שטאָט מעץ. נאָר אַכטציק אידן האָט מען דערלויבט צו וואוינען דאָרט.

**ה. ת"פ** — 1720 — דער געבורט פונם גאון ר' אליהו, דער ווילנער גאון.

דער ווילנער גאון איז געבוירן געוואָרן דעם ערשטן טאָג פסח, ה. ת"פ. נאָך אַלס קינד האָט ער שוין אַרויסגעוויזן זעלטענע פעאיקייטן. צו זיבן יאָר האָט ער געלערנט ביים קיידאנער גאון ר' משה, וועלכער האָט פאַר־פאַסט אַ פירוש אויף ירושלמי, אונטערן נאָמען „פני משה". צו צען יאָר איז ער שוין געווען אַ חבר מיטן שיכנאוויצער אב בית דין, דער גרויסער באַרימטער גאון ר' אריה ליב. ווען ער איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר דערציילט די לעגענדע — האָט ער זיך פאַרנומען צו שאַפן אַ גולם, נאָכן „ספר יצירה", אָבער ווען ער האָט געהאַלטן אין מיטן שאַפן, האָט דורכ־געשוועבט פאַר זיינע אויגן אַ געשטאַלט פון אַ מלאך. און ער האָט דערפון פאַרשטאַנען, אַז דער מלאך איז פונם הימל געשיקט געוואָרן אים צו וואָרנען ער זאָל דעם גולם ניט מאַכן, און ער האָט אים ניט דערענדיקט...

אין דער הקדמה פון „ספרא דצניעותא", פון ר' חיים וואלאזשענער, זאָגט ער: אַז דער פאַקט פון ניט ענדיקן דעם גולם האָט ער געהערט פונם גאון'ס מויל. נאָך גאָר אין די יונגע יאָרן איז ער געווען בקי אין משנה, תלמוד, ספרא, ספרי און תוספתא בעל פה. זיין שכל איז געווען שאַרף און לאָגיש, און אין זיין לערנען האָט ער זיך ניט באַנוצט מיט דעם פלפול מיט וועלכן עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די פוילישע רבנים. דער גאון האָט אַ גלייכן וועג אויסגעטראָטן אין תלמוד, און קאָרעגירט אַלע פאַרשידענע נוסחאות. זיין נאָמען איז שוין אין דער גאָר פריסטער יוגנט באַרימט געוואָרן.

נאָך אַלס יונגערמאַן, האָט ער אויף זיך גענומען, ווי פילע אַנדערע

אידישע גאונים און גדולים, צו אַפריכטן גלות, און האָט אין זיין גלות־לעבן דורכגעוואנדערט פיל שטעט אין פוילן און דייטשלאנד. אינם יאָר תק"ח, אַלט זייענדיק אַכט און צוואַנציק יאָר, האָט ער זיך פון זיין גלות צוריקגעקערט קיין ווילנא, און פונם יאָר תק"י, איז ער געקרוינט געוואָרן פון פיל גדולים מיטן נאָמען החסיד.

ניט קוקנדיק דערויף וואָס ער איז געווען אַ למדן מופלג, אַ יחיד בדורו, האָט ער דאָך ניט איינגעוויליקט צו טראָגן אויף זיך דעם נאָמען רב, אָדער אב בית דין, און האָט זיך אויך ניט געוואָלט מישן אין קהלה אָנגעלעגנ־הייטן. ער איז נאָר געזעסן אין זיין בית המדרש על התורה ועל העבודה. דער גאון האָט חוץ נגלה, ש"ס און פוסקים, אויך געלערנט נסתר און מיט פליים שטודירט אַלע קבלה׳ליסטישע ספרים. ווען ער איז אַלט געווען דרייצן יאָר, האָט ער שוין געשריבן אַ פירוש אויפן „ספר יצירה" און אויף נאָך מערערע קבלה ספרים. אויך אין חכמת הנסתר האָט ער אַ ליכט אַריינגעבראַכט, מיט זיין קאָרעגירן מערערע נוסחאות אין זוהר, אין „רעיא מהימנא", און תקונים אָנוויזן „חסר" און „יתיר" אין זייערע ווערטער. דעם זוהר און קבלת האר"י האָט ער זייער הויך געהאַלטן, און זיך באַצויגן צו זיי מיט דעם גרעסטן גלויבן און יראת הכבוד, ניט אַזוי ווי ר׳ אריה מודינא, וועלכער האָט די קבלת האר"י שטאַרק קריטיקירט אין זיין ספר „ארי נוהם", אָדער ווי ר"י פראנסים, וועלכער האָט אין אַ שיר וואָס ער האָט פאַרפאַסט, געטאַדלט די מקובלים און אויך מחלל געווען די קדושה פונם זוהר, זאָגנדיק אַז ער איז ניט פאַרפאַסט געוואָרן פון ר׳ שמעון בר יוחאי. דער גאון איז אין דער יוגנט געווען אַ מיסטיקער, און פאַנטאַזירט מיסטיציזם גלייך ווי אַנדערע מקובלים...

מערערע מאָל האָט זיך צו אים באַוויזן — ווי ער האָט געגלויבט — אליהו הנביא... און פיל נשמות זיינען געקומען צו אים ער זאָל זיי מתקן זיין. אויך מגידים זיינען געקומען פונם הימל, וועלנדיק אים מוסר זיין סודות התורה, נאָר ער האָט פון זיי ניט געוואָלט וויסן...

אין זיין פירוש אויף דעם קבלה ספר „ספרא דצניעותא", וועלכעס האָט זיך געדרוקט אינם יאָר תק"פ, האָט ער געפרואווט מגלה זיין דעם קץ, זאָגנדיק: „ומכאן תדע קץ הגאולה שהוא בעתה ח"ו, שלא יהיו זכאין שהוא קץ האחרון, ואני משביע את הקורא ב"ה אלקי ישראל, שלא יגלה זה", „פון דעם זאָלסטו פאַרשטיין דעם קץ הגאולה וועלכער איז אין „דער

צייט" ווען ח"ו די אידן וועלן ניט האָבן די ווערט (זכו אחישנה, לא זכו בעתה. מ. ר.) און ער איז דער לעצטער קץ. און איך באַשווער דעם לייענער ביי גאָט, דער גאָט פון ישראל. ער זאָל ניט מגלה זיין דאָס אַלעס..." אין זיינע צייטן האָט אויסגעבראָכן דאָס גרויסע מחלוקת צווישן ר' יעקב עמדין און ר' יהונתן אייבשיץ. און אינעם יאָר תקט"ו, ווען דער גאון איז אַלט געווען פינף און דרייסיק יאָר, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן זיינער אַ בריוו אין „לוחות העדות" פון ר' יהונתן אייבשיץ, אין וועלכן ער פארטיידיקט די קמעות פון ר' יהונתן אייבשיץ, וועלכע מען האָט חושד געווען אין שבתי צבי'איזם. דער גאון האָט אין אָנפאַנג געשריען אַז דער בריוו איז אַ געפעלשטער. דערנאָך אָבער האָט ער געשוויגן, און ניט געוואָלט נאָכקומען דעם פאַרלאַנג פון פילע למדנים ער זאָל ארויס מיט אַן הכחשה. ווי עס שיינט, האָט ער פשוט מורא געהאַט פאַר די קנאים'דיקע אנהענגער פון ר' יהונתן אייבשיץ אין פוילן. ער האָט אויך ניט געוואָלט מיט דעם פאַרגרעסערן דאָס מחלוקת וואָס וואָלט, נאָך זיין מיינונג, פיל שאָדן געבראַכט דעם אידישן פאָלק.

אין זיין לעבנסשטייגער האָט ער זיך אויפגעפירט נאָך דער שטה פונם זוהר און דעם אר"י'ס קבלה, ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע פאַרגעניגנס און האָט ניט געוואָלט הנאה האָבן פון עולם הזה און האָט כמעט געליטן הונגער. זיין שפייז איז באַשטאַנען פון טרוקן ברויט מיט וואַסער. און פלעגט עסן און טרינקען ניט ווען ער האָט געוואָלט, כדי ער זאָל קיין הנאה ניט האָבן. ער פלעג מער פון צוויי שעה אין נאַכט ניט שלאָפן, און פאַר פופציק יאָר איז ער ניט געשלאָפן מער ווי א האַלבע שעה אָן אַן איבעררייס. ער האָט — ווי געזאָגט — אָפּגעריכט גלות. פיל יאָרן האָט ער געלערנט מיט התבודדות, זומער אין וואַלד און ווינטער אין אַ קאַלטן צימער, כדי ס'זאָל זיך אים ניט גלוסטן אַ דרימל טון... אַ גאַנצן טאָג איז ער געזעסן אין טלית און תפילין של רש"י, און אפילו מנחה האָט ער גע־דאַוונט אין טלית און תפילין, אַזוי ווי די מקובלים פון צפת האָבן זיך נוהג געווען. און כדי קיינער זאָל ניט אימשטאַנד זיין אים מבלבל זיין אין לערנען, פלעגט ער צומאַכן די לאָדן פון די פענסטער אויך בייטאָג, און לערנען ביי אַ ליכט. צו דעם צוועק האָט ער זיך אויך דערווייטערט אינגאַנצן פון זיינע בני בית, אפילו פון זיין פרוי חנה... עס האָט אים ניט אינטערעסירט

צו וויסן פון זייער געזונט־צושטאַנד און פון זייער פּרנסה.

דער גאון איז געווען אַ עקסטרעמער מחמיר. ער האָט, למשל, גע־אסר'ט „חדש", אויך אין דער איצטיקער צייט אין חוץ לארץ; ער האָט פאַרבאָטן צו טראָגן אום שבת, אפילו דאָרט וואו ס'איז דאָ אַ עירוב. ער האָט גע'אסרט מין במינו אפילו אין א מהשהו. ער האָט ניט דערלויבט צו עסן קטניות אין פּסח, ווי הירזש אָדער רייז, אַפילו אין אַ הונגער־יאָר. ער האָט אויך ניט דערלויבט צו פאַרקויפן דעם חמץ אויף צו בלומרש'טן...

ווען דער גאון האָט זיך דערוואוסט פון דער חסידישער סעקטע — ווי די מתנגדים פלעגן זיי רופן — אַז זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון זייערע ברידער, געמאַכט פאַר זיך באַזונדערע מנינים, און משנה געווען דעם מנהג קדמונים, צו דאַווענען נוסח ספרד נאָכן אר"י, אַנשטאָט נוסח אשכנז, און זיי האָבן די קבלה ספרים און ספרי מוסר געשטעלט העכער פון תּלמוד און פּוסקים, אז אין דינים און הלוכות זיינען זיי זיך סומך אויפן זוהר און אויף דער קבלה פון אר"י, אז אין דעם ריכטיקן דרך פונם אר"י, גייען זיי ניט, זיי פאַרברענגען די צייט נאָר אין עסן און טרינקען און אַלערליי יומא דפגרא'ס, איז ער געוואָרן זייער אויפגעבראכט און ער האָט אָנגע־הויבן זיי צו רודפ'ן. אויפן בעש"ט האָט ער געזאָגט אַז ער איז געווען אַ שווינדלער, אויף זיינע תּלמידים — אַז זיי זיינען עוסק אין מעשי שדים...

דער חרם וואָס דער גאון האָט ארויפגעלייגט אויף די חסידים, האָט געמאַכט אַ גרויסן און שווערן איינדרוק אויף ביידע צדדים, אויפן חסידישן און מתנגדישן. דאָס מחלוקת האָט דערגרייכט ביז התרת דם. און ווען דער לאַדיער רב רש"ז, צוזאַמען מיט ר' מנחם מענדל, האָבן געוואָלט קומען צום ווילנער גאון און אים אויפקלערן זיין טעות בנוגע דעם דרך החסידות, האָט ער ניט מסכים געווען, און אפילו שריפטלעך ניט געוואָלט זיך מתוכח זיין מיט זיי. אַזוי איז דער גאון פאַרבליבן אַ אייפריקער קנאי צום דרך החסידות, ביז זיין פּטירה. זיין נאָמען איז אָבער אַזוי גרויס געווען, אַ דאַנק זיין למדנות, אַז ער ווערט ביז היינטיקן טאָג דערמאָנט מיט דעם גרעסטן יראת הכבוד אַפילו פון חסידים.

**ה. תּפּ"ב** — 1722 — אין פּוילן זיינען אריינגעלייגט געוואָרן אין חרם, אַלע אנהענגער פונם שבתי צבי'איזם. — לודוויג דער פופצנטער, דער קעניג פון פראנקרייך, האָט ארויפגעלייגט אַ שטייער אויף די אידן, אויף אַ סומע פון אַ מיליאָן לירעס.

**ה. תּפּ"ה** — 1725 — משה מאיר,

פון דער שטאָט מאנהיים, באַמיט זיך צו פאַרשפּרייטן די לערע פון שבתי צבי דורך בריוו און בראָשורן. קומענדיק קיין פראַנקפורט, ווערט ער דאָרט אַרעסטירט, און אַלע זיינע כתבים און ביכער ווערן קאָנפיסקירט; ער ווערט נאָכדעם מיט שאַנדע אַרויסגעטריבן פון דער שטאָט.

**ה. תפ״ו־פ״ז** — 1726-7 — אין לאָטרינגען ווערט באַשטימט אַ̇פּגעזונדערטע גאַסן פאַר אידן און עס ווערט אויף זיי אַרויפגעלייגט אומדערטרעגלעכע שטייערן.

**ה. תפ״ט** — 1729 — דער געבורט פונם גרויסן פילאָזאָף רבי משה בן מנחם מענדעלזאָן.

ר׳ משה בן מנחם מענדעלזאָן האָט נאָך אַלס קינד אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט און אַ זעלטענע התמדה. זיין פאָטער ר׳ מענדל האָט צוליב זיין גרויס אָרימקייט זיך ממש געאָפּפערט פאַר זיין משה׳לען, צו מאַכן אים פאַר אַ למדן, און זיין זון האָט אויף אַזוי פיל זיך געפלייסט, אַז כמעט נאָך אַלס קינד איז ער שוין ווי דער גרעסטער תלמודישער שווימער געשווימען אינם ים התלמוד. און ניט נאָר אינם תלמוד איז ער אין זיינע קינדערשע יאָרן שוין געווען אַ בקי, נאָר אויך אין די כתבי הקודש. צו צען יאָר, האָט ער שוין פאַרפאַסט אַ שיר אין העברעאיש, נאָך פאַר דער בר מצוה איז ער געווען אַ תלמיד ביי ר׳ דוד פראַנקעל, דער מחבר פונם „קרבן העדה״ און דער גרינדער פון זיין ישיבה אין בערלין. אין בית המדרש אין דעסוי, האָט ר׳ דוד פראַנקעל אַנערקענט אין זיין תלמיד, אַז ער וואַקסט אַ גדול, און אין זיין ישיבה אין בערלין, האָבן זיך שוין די גדול׳ישע פרוכטן אַרויסגעוויזן. מענדעלזאָן, אויסער דעם זעלטענעם קאָפּ זיינעם, האָט אויך פאַרמאָגט אַ זעלטן שיינע האַנט־שריפט. ער האָט איבערגעשריבן זיין רבי׳ס חבורים, וועלכער האָט זיי נאָכדעם איבערגעגעבן צום דרוק, שיינע און לעזבאַרע. אין בערלין האָבן צו יענער צייט געלעבט דער דאָקטאָר גאמפערץ און ר׳ ישראל הלוי, פון זאמושטש. פונם ערשטן האָט מענדעלזאָן ענגליש און פראַנצויזיש, און פונם צווייטן — מאַטעמאַטיק. פונם ד״ר קיש, וועלכער האָט צו יענער צייט געוואוינט אין בערלין, האָט ער געלערנט די לאַטיינישע שפּראַך.

אינם יאָר 1750, איז מענדעלזאָן, אין דער עלטער פון איינאונצוואַנציק יאָר, אויפגענומען געוואָרן אַלס לערער ביים גרויסן און באַוואוסטן סוחר יצחק בערנאַרד, צו לערנען מיט זיינע קינדער פאַרשידענע שפּראַכן. פיר יאָר איז ער דאָרט פאַרבליבן, און אין דער דאָזיקער צייט האָט ער זיך

פאַרפאַלקאַמט אין ענגליש און לאטיין, און אויך אין פילאָזאָפיע. ער איז געווען דער ערשטער וועלכער האָט זי געקענט דערקלערן פאַרן דייטשן פאָלק אין אַ זעלטן שיינעם סטיל און אין אַ לייכטער פּאָפּו־לערער שפּראַך. מיט רעכט קאָן מען זאָגן אַז ער האָט באַרייכערט די דייטשע שפּראַך מיט זיין שיינער פּאָעזיע און דאָך מיט אַ לייכטן, כּמעט פּאַר יעדן פאַרשטענדלעכן סטיל. און ס'איז צום שטוינען. מענדעלזאָן, דער געטאָ איד, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו לערנען די דייטשע שפּראַך אין זיינע שפּעטסטע קינדער־יאָרן, איז אויף אַזוי פיל אַריינגעדרינגען אין דער זעלבער, וואָס קיין איינציקער פון די דייטשע קענער איז ניט אימשטאַנד געווען צו טון...

מענדעלזאָנס ווינסשאַפט האָט אויף זיך געצויגן די אויפמערקזאַמ־קייט פון דעם גרויסן לעסינג, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אין זיין לעבן און אין זיין גייסטיק שאַפן. אָבער לעסינג דער משפּיע, איז אויך געוואָרן באַאיינפלוסט פון מענדעלזאָנען. אונטער זיין השפּעה האָט לעסינג, אינם יאָר 1749, אָנגעשריבן זיין דראַמע „די אידן", וועלכע האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין דער וועלט מיט איר אינהאַלט און מיט דעם פּראָטעסט וואָס ווערט אין איר אַרויסגעזאָגט קעגן די אידישע שונאים, ווייל ווי באַוואוסט, האָט לעסינג די דראַמע גע־שריבן אין זאַקסען, אַ לאַנד וואו אַ איד האָט דאָרט קיין דריסת הרגל ניט געהאַט. און בכלל האָט מען צו יענער צייט פאַרגעשטעלט דעם אידן אַלס אַ פּרא אדם, ווען מען עם זיינען פרעמד מענטשלעכע מאַנירן, און איז ניט אימשטאַנד צו רעדן און צו קליידן זיך ווי אַ מענטש. אין זיין דראַמע וואַרפט לעסינג אַ ביז גאָר ליכטיק שיין אויף דעם אידן, און פאַרטיידיקט אים קעגן אַלע זיינע פעלערן וואָס ער באַגייט. ווי צ. ב. ש. ווען דער אורח (דער פסעוודאָנים פונם אידן) דריקט זיך אוים מיט די ווערטער: „ווען מען זאָל וועלן נעמען אין אַכט, אַז על פּי רוב נאַרט אָפּ דער איד ווען מען ס'איז, נאָר מחמת דער גרויסער נויט אין וועלכער ער געפינט זיך, אַ דאַנק די פאַרפאָלגונגען, און זיינע ליידן; אָדער ווען דערזעלבער אורח זאָגט צו דעם מלוכה־מאַן, ווען ער רעטעט, און וועלכער באַשולדיקט די אידן אַז זיי האָבן געזוכט אים אומצוברענגען: „איך מוז זאָגן, מיין הער, דיר אין די אויגן, אַז דיין אורטייל איז ניט קיין באַרעכטיקטער. מען האָט ניט קיין רעכט צו האָבן אַ פאַראורטייל אויף אַ גאַנץ פאָלק צוליב

איין מענטשן. אין. יעדעם פאָלק געפינען זיך גוטע און שלעכטע מענטשן, און דער גוטער דאַרף ניט ליידן און דאַרף ניט אָפּקומען פאַרן שלעכטן".

ווען דער געלערנטער מיכאַליס איז אַרויס מיט אַ קריטיק קעגן דער דראַמע, און דערביי באַרעכטיקט די באַשולדיקונג קעגן אידן, האָט מענדעלזאָן אונטער דעם פּסעוודאָנים „איינער אַ איד", שאַרף אַטאַקירט די קריטיק און מיט דער גרעסטער אייפערדיקייט זיך אָנגענומען פאַר דעם כבוד פון זיין פאָלק. מענדעלזאָן האָט דאַן אין אַ בריוו געשריבן צו גאַמפּערצן: „ווייניק איז פאַר זיי וואָס זיי מאַכן אונז צו שאַנד און צו שפּאָט, וואָס זיי טראַכטן אויף אונז אויס בלבולים, כּדי צו רעכטפאַרטיקן זיך פאַר זייער באַרבאַריזם וואָס זיי ווענדן אָן קעגן אונז. מיר דולדן און ליידן ווען זיי באַשרענקען אונזערע מענטשלעכע רעכטן, אין דער צייט ווען אונזערע שכנים, וואָס שטייען פיל נידעריקער פון אונז אין מאָראַל, געניסן פון זיי מיט אַ פולער מאָס; אָבער אַלעם האָט דאָך אַ גרעניץ... ווי איז מען אַזוי באַרבאַריש צו וועלן אָפּרויבן פון אונז אונזערע גוטע מדות, וועלכע זיינען ביי אונז אַ ירושה פון אונזערע פּאַטריאַרכישע עלטערן?.. ווי וואַגט מען צו זאָגן, אַז דער אויפריכטיקער און אָרענטלעכער איד אין לעסינג'ס דראַמע, איז אַ ניט געשטויגענער און ניט געפלויגענער, אַז אַזאַ איד איז ניט בנמצא... וויי צו אַזאַ שאַנדע! אויף אַזוי פיל איז די נאַטור גרויזאַם, אַז אין דער צייט ווען זי האָט אויסגעטיילט אירע גוטע מתּנות צו די מענטשן פון אַלע פעלקער, האָט זי דאָס אידישע פאָלק פאַרטיילט?.. רעכענענדיק די מענטשן פון דעמזעלבן פאַר ניט ווירדיקע אַזעלכע צו געניסן?.. איז ווירקלעך ניטאָ קיין יושר אין דעם האַרץ פון קיין איינעם פון די מענטשן פונם פאָלק ישראל? בורא עולם! זעט איר דען ניט, ווייסט איר דען ניט פון דעם רחמנות-געפיל וואָס ליגט אין האַרצן פון יעדן אידן, ווייסט איר דען ניט אויף וויפיל דער איד איז ווייט פון רציחה, פון בלוט-פאַרגיסונג? ווייסט איר דען ניט פון אידישער פילאַנטראָפּיע, וועלכע ווערט פון זיי אויסגעאיבט פאַר אַלע מענטשן גלייך, סיי קריסטן סיי אידן?.."

מענדעלזאָן איז דעמאָלט אַלט געווען פינף און צוואַנציק יאָר. און ווען ער האָט פון לעסינג'ן געלערנט די שיינע ליטעראַטור און אירע עסטעטישע געזעצן, האָט לעסינג פון אים געלערנט די פילאָזאָפיע. אין אַ טאָג — דערציילט די היסטאָריע — האָט לעסינג איבערגעגעבן מענדעלזאָנען דעם ענגלישן פילאָזאָף שעפטסבורי'ס אַ ווערק: „טעאָרעטישע איבערזיכטן",

ער זאָל עס לייענען און ארויסזאָגן זיין מיינונג וועגן דעם. אין אייניקע טעג אַרום האָט מענדעלזאָן דאָס בוך אָפּגעבראַכט, און ווען לעסינג האָט אים געפרעגט, וואָס פאַר אַ מיינונג ער האָט איבער דעם, האָט אים מענ־דעלזאָן געענטפערט, אַז ער איז אויך אימשטאַנד אַזאַ בוך אנצושרייבן. „אדרבא, ווייז אַרויס דיין קענטעניש...“ — האָט אים לעסינג געזאָגט. אין געציילטע וואָכן אַרום, האָט מענדעלזאָן אים געבראַכט דעם מאנוס־קריפּט פון אַ ווערק איבער פילאָזאָפישע ענינים. לעסינג האָט צוגענומען דעם מאנוסקריפּט ניט זאָגנדיק קיין וואָרט. נאָך אייניקע מאָנאַט, ווען מענדעלזאָן איז געקומען נאָכן מאנוסקריפּט, האָט לעסינג אים געוויזן שוין אַ אָפּגעדרוקט בוך, אונטערן נאָמען: „פילאָזאָפישע שמועסן“. און אַזוי אַרום איז מענדעלזאָן דורך דעם ערשטן בוך וואָס ס'איז געדרוקט געוואָרן אָן זיין וויסן, מפורסם געוואָרן אלס א דייטשער ליטעראַט. דאָס בוך איז געדרוקט געוואָרן אין 1755־טן יאָר. ווי ווייט מענדעלזאָנס נאָמען איז גרויס געווען צווישן די געלערנטע, איז צו זען פונם בריוו וואָס קאַנט האָט געשריבן צו זיין שילער מרדכי הירץ, וועלכער האָט געוואוינט צו יענער צייט אין בערלין: „אייערנעכטן האָט מיר פאַרשאַפט כבוד מיט זיין באַזוך, מענדעלזאָן, און ער איז בייגעווען מיינע צוויי פאַרטראָגן אין אוניווערזיטעט.“

משה מענדעלזאָן איז געווען אויסער אַ פילאָזאָף, אויך אַ גרויסער אידישער למדן. און ווען אויך ער האָט פיל יאָרן זיך אָפּגעגעבן מיט פרעמדע וויסנשאַפטן אין פרעמדע שפּראַכן, איז דאָך די העבראַאישע שפּראַך פאַרבליבן ביי אים אַ ריינע און אַ נאָבעלע. דער סטיל זיינער איז אַ ליבלעכער און אַ צוציענדער.

אינם יאָר 1762 האָט ער פאַרפאַסט דעם ספר: „מלות ההגיון“ פונם רמב"ם, מיט אַ קורצן קאָמענטאַר אונטער אַ פסעוודאָנים. שפּעטער מיט אַכט יאָר — „מגלת קהלת“ מיט זיין באור. און מערקווירדיק, מענדעלזאָן, דער פילאָזאָף און דענקער, דריקט זיך אויס אין זיין הקדמה צו דעם חבור, מיט די ווערטער: „אונזער תורה האָט אין זיך פיר דרכים: פשט, דרוש, רמז, סוד, און אלע פיר דרכים זיינען דברי אלהים חיים“. זיין באור אויף תנ"ך איז אַ וואונדערבאַרער, נישטאָ אין אים די סכאָלאַסטיק וועלכע איז אָנגעגאַנגען אין מיטלאַלטער. אין יאָר 1778, איז פון אים געדרוקט געוואָרן „עלים לתרופה“, א חבור וואָס די רבנים פון יענער צייט האָבן געקוקט

אויף דעם — אָן אַ שום פון אונז באַוואוסטע און באַרעכטיקטע סבה — מיט אויגן פון חשד. איצט אָבער, וואָלטן רבנים געוואונטשן אַז דער פרומסטער למדן זאָל אַזאַ ספר אָנשרייבן.

ס׳איז נאָך דאָ פיל צו שרייבן וועגן מענדעלזאָן. זיין באַציאונג צו זיינע מיטהעלפער אין זיין באור, אויך וועגן זיין אייגענע פּערזענלעכקייט, זיין כאַראַקטער, זיין חתונה האָבן, און די לעגענדע וואָס איז מיט דעם פאַרבונדן, צו דעם אַלעם אָבער, פאָדערט זיך אַ באַזונדערע כאַראַקטעריסטישע באַשרייבונג, צו וועלכע מיר וועלן זיך נאָך אומקערן ביי דער ביאָגראַפיע פון זיינע מיטהעלפער. און פון די פּערזאָנען מיט וועלכע זיין פאַמיליע איז געווען פאַרבונדן. צום שלום וועלן מיר נאָר זאָגן אַז ווען מענדעלזאָן זאָל געווען אָנשרייבן ניט מער ווי דעם איינציקן ספר „ירושלים״, וואָלט ער אויך געווען אנערקענט געוואָרן אַלס דער גרעסטער גדול הדור, מיט וועלכן מיר קענען שטאַלצירן.

**ה. ת״צ** — 1730 — ר׳ משה חיים לוצאַטי ווערט פאַרדעכטיקט אין שבתי צביאיזם.

ר׳ משה חיים לוצאַטי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תס״ז — 1707. זיין פאָטער ר׳ יעקב, איז געווען אַן אָנגעזעענער סוחר, געהאַנדלט מיט תבואה און זיידענוואַרג. זיין מוטער דיאַמאַנטי, האָט אויך געשטאַמט פון דער מיוחסה׳דיקער פאַמיליע לוצאַטי. אַלס קינד נאָך, האָט ער שוין ארויסגעוויזן זעלטענע פעאיקייטן און וואונדערבאַרן טאַלאַנט. געלערנט אין דער ישיבה פון רבי ישעיהו בר׳ ישראל חזקיהו באַסאַני, דער אויבער רב אין פאַדוא, א גרויסער פּאָעט און דיכטער. ר׳ משה חיים לוצאַטי האָט פון זיין רבי׳ן זיך דערלערנט ביז גאונשאַפט. אויסער זיין תלמוד׳ישע וויסנשאַפט, איז ער אויך געווען ווי זיין רבי, אַ גרויסער פּאָעט און דיכטער. פאַרשטאַנען אויך גרונטלעך די לאַטיינישע שפּראַך. ווען ער איז אַלט געווען זעכצן יאָר, האָט ער פאַרפאַסט אַ קינה איבער טויט פון דעם גרויסן געלערנטן דאָקטאָר יצחק חיים קאַנטאַריני. צו זיבעצן יאָר האָט ער פאַרפאַסט זיין וואונדערבאַרן ספר: „לשון למודים״, געווידמעט זיין רבי׳ן ישעיהו באַסאַני, אין וועלכן ער האָט ארויסגעוויזן זיין פּאָעטישן און דיכטערישן טאַלאַנט. גלייך נאָך דעם, איז ער ארויס מיט זיין ספר „מגדל

עוז", א שיר ידידות צום טאָג פון דער חתונה פון זיין פריינט און חבר ישראל בנימין, זיין רבי'ס זון. אינם יאָר תפ"ז—1727, ווען ער איז אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר, האָט ער פאַרפאַסט הונדערט פופציק מזמורים, אין דער זעלבער צאָל פון די תהלים מזמורים. ר' משה חיים לוצאטי האָט זיך אָבער ניט צופרידנגעשטעלט מיט דער אנטפּלעקטער וויסנשאַפט (נגלה), אים האָט זיך אויך פאַרוואָלט צו געניסן פון דער באַהאַלטענער (נסתר) ביי זיין רבי'ן ישעיהו באַסאַני, וועלכער איז געווען פון די תלמידים פון דעם גרויסן מקובל ר' משה זכות, האָט ער געפונען אייניקע קבלה ספרים פון דעם אר"י'ס כּתבים און פון אנדערע מקובלים, און ער האָט זיך אָנ־געהויבן צו פאַרטיפן אין זיי. און ווען ער האָט זיך דורך זיי דערוואוסט אַז מערערע מקובלים ווי מהר"י קאַראָ, ר' משה זכות, הרמב"ע מפאנו, און נאָך אַנדערע, האָבן זוכה געווען ביי זייער לעבן צו לערנען מיט מגידים, געקומענע פונם הימל, האָט זיך אין אים דערוועקט אַ גרוים חשק צו דער־גרייכן צו דער מדרגה פון די מקובלים. ער איז דעמאָלט געווען נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, ניט קיין חתונה געהאַטער, האָט ער איינגעלאַדן צו זיך חברים צו לערנען מיט זיי צוזאַמען אין „נסתר", און האָט זיך אָנגעהויבן אויפצופירן נאָך דער ריכטונג ווי די קבלה האָט אָנגעצייכנט. געמאַכט איבער זיך תקונים, יחודים און טבילות, און טאָג און נאַכט זיך באַ־שעפטיקט מיט דער קבלה און זי געקענט בעל פּה.

אינם יאָר תפ"ז—1727, האָט די קבלה־לערע געהאַט אויף אים אַ שטאַר־קע, מיסטעריעזע ווירקונג; ער האָט אָנגעהויבן צו טרוימען און פאַנטאַזירן. די פאַנטאַזיע האָט אים פאַרגעשטעלט אַ הימלישן מגיד, וועלכער קומט צו אים יעדן טאָג און אנטפּלעקט אים גרויסע סודות. אויך האָט די פאַנטאַ־זיע געבראַכט צו אים אין הויז די אבות, אדם הראשון, אליהו הנביא און נאָך אַנדערע נשמות פון קדושים, וועלכע לערנען מיט אים סתרי תורה. נאָך די פאַנטאַסטישע דערשיינונגען, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן פיל ספרים אין קבלה. געשריבן אַ חבור אויף „קהלת" אין קבלה, וואָס פאַר־נעמט ביז אַכט הונדערט עמודים, „שבעים תקונים", ביי צוויי הונדערט עמודים. אַ חבור אויף תורה, פון „בראשית" ביז „מקץ", ביז זעקס הונ־דערט עמודים, און אַלע מיטן לשון פונם זוהר. צולעצט האָט די פאַנטאַזיע אים אָנגעהויבן איינצורעדן אַז ער איז באַשטימט געוואָרן אַלם דער משיח, און דורכן נייעם זוהר וואָס ער וועט פאַרפאַסן, וועט ער ברענגען די

גאולה. און ער האָט פיל סודות, וועלכע די פאנטאזיע האָט אים געמאַכט גלויבן אַז אַ הימלישער מגיד האָט זיי אים אנטפלעקט, מוסר געווען צו זיינע טרייע אין אים פאַרגלויבטע פריינט: שלמה דוד טריויס און יצחק מאריני, וועלכע פלעגן קומען צו אים יעדן טאָג צו לערנען קבלה.

אינם יאָר תפ״ט—1729, איז משה חיים לוצאַטי געקומען באַזוכן זיין רבי׳ן ר׳ ישעיהו באַסאַני קיין ריגיו, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן פאַר רב.

צו יענער צייט, ווען ער איז אין דער היים ניט געווען, איז געקומען קיין פאדוא א משולח פון צפת, ר׳ ישראל קמחי, דער מחבר פון „עבודת ישראל״ און איינגעשטאַנען ביי ר׳ יעקב לוצאטי, ר׳ משה חיים׳ס פאָטער. און דאָרט איז ער געקומען איבער די ספרים פון זיין זון. ער איז פון זיי אויף אזוי פיל באַגייסטערט געוואָרן, אַז קומענדיק קיין וויניציע האָט ער מיט פלאַמענדיקע שבחים פאַרגעשטעלט לוצאטי׳ן אַלס א מחבר פון אַ נייעם זוהר אין אראמישער שפּראַך. גלייך נאָכדעם איז אויך געקומען קיין פאדוא אַ ווילנער יונגערמאַן, יקותיאל בן החסיד ר׳ ליב גארדאן, צו שטודירן דאָרט מעדיצין, און באַקענענדיק זיך מיט לוצאַטי׳ן, איז ער אויף אַזוי פיל אַנטציקט געוואָרן פון זיין קבלה-לערע, אַז ער האָט באַשטימט צו פאַרבייטן די מעדיצינישע חכמה אויף דער קבלה׳שע. און נאָך אַ מאָנאַט צייט פון זיין לערנען קבלה, האָט ער אין אב, תפ״ט, געשריבן אַ לאַנגן בריוו קיין ווין, צו ר׳ מרדכי מרגליות יפה, אין וועלכן ער דערציילט אים דאָס גרויסקייט פון ר׳ משה חיים לוצאַטי. צווישן אַנדערע שבחים שרייבט ער אויף אים אַז ער איז א ניצוץ פון ר׳ עקיבא בן יוסף, און אַ הייליקער מלאך אַנטפּלעקט פאַר אים וואונדערלעכע סודות, דורך וועלכע ער האָט בכח אַראָפּצוברענגען צו זיך די גאנצע ישיבה של מעלה... „דער הייליקער מלאך רעדט מיט לוצאַטי׳ס מויל, נאָר מיר, זיינע תלמידים, האָבן ניט די זכיה אים צו זען... צו אים באַווייזט זיך אויך מט״ט שר הגדול, דער רעיא מהימנא, אברהם סבא און רב המנונא סבא.״

און דאָ איז געשעען אַזעלכעס אויף וועלכן משה חיים לוצאַטי האָט זיך ניט גערעכנט. ווען ר׳ מרדכי מרגליות יפה. האָט דערהאַלטן דעם באַגייסטערטן בריוו פון יקותיאל׳ן, האָט ער גלייך אוועקגעשיקט העתקות פון אים צו די רבנים פון דייטשלאַנד. און ער איז אויך אָנגעקומען צו ר׳ משה חאגיז, וועלכער האָט געוואוינט אין אלטונא, און נאָך ניט פאַרגעסן

די גייסטיקע שמערצן, וואָס ער האָט געליטן דורך דעם שווינדלער נחמיה חייא חיון (ווי ס'איז באַשריבן אין דער ביאָגראַפיע פון שבתי צבי. מ. ר.) און מורא האָבנדיק אַז ס'זאָל זיך ניט פאַרוואַנדלען דער שבתי צבי'איזם, אין א לוצאַטי'איזם, האָט ער אָפּגעשיקט אַ בריוו צו די וויניצער רבנים מיט די ווערטער: „איר, מורי ורבותי, חכמים און מנהיגים פון די קהלות קדושות אין גלות, דאַרפט קריעה רייסן איבער אַזאַ בריוו. און אַזוי ווי איר זענט נעענטער צו דעם חלל חלול הקדש, ליגט אויף אייך אַ חוב, עוקר מן השורש זיין די שווינדלערישע חברה, איידער דאָס צרעת פון דער זעלבער זאָל ניט אנשטעקן דעם המון וועלכער איז א מאמין לכל דבר...״

ווען לוצאַטי האָט זיך דערוואוסט פון דעם בריוו, האָט ער גלייך אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו ר' משה האגיז, געשריבן מיט גרויס הכנעה, אין וועלכן ער פאַרזיכערט אים אַז ער איז ניט ח״ו פון דער שבתי צבי'דיקער סעקטע. ער איז ניט קיין נביא און פאר אזעלכן גיט ער זיך ניט אוים. קיין אותות און מופתים באַווייזט ער ניט, און ער קאָן זיך איבערצייגן פון די רבנים פון זיין שטאָט, איבערהויפּט פון זיין רבי'ן רבי ישעיהו באַסאַני.

דער בריוו האָט באַרואיקט ר' משה חאגיז'ן. ער האָט אים אָבער גע־שריבן און געבעטן ער זאָל זיך אָפּזאָגן צו לערנען די חכמת הקבלה. לוצאַטי האָט אים אָבער ניט געפאָלגט און ווייטער געלערנט.

ר' משה חאגיז איז אָבער אויך ניט געזעסן מיט פארלעגטע הענט, ער האָט געשריבן צו די וויניצער רבנים אַז ער, מיט דעם רוב רבנים פון דייטשלאנד, האָבן באַשטימט מחרים זיין לוצאַטי, ווען ער וועט ניט אויס־פאָלגן ניט צו לערנען די חכמת הקבלה.

די וויניצער רבנים האָבן אויסגעווירקט ביי ר' ישעיהו באַסאַני ער זאָל פאָרן קיין פאדוא און דאָרט ביי אים פועלן, ער זאָל אויספאָלגן די פּקודה פון ר' משה חאגיז. מיט אים זיינען אויך מיטגעפאָרן דריי תלמידי הכמים: ר' משה מנחם מררי, ר' עמנואל בליליוס און ר' נחמיה בר' יעקב כהן. און נאָך פיל חקירות וועלכע זיינען פאָרגעקומען צווישן זיי, האָט זיך לוצאַטי אונטערגעגעבן און ארויסגעגעבן כתוב וחתום, אַז כל זמן ער וועט זיין אין חוץ לארץ, וועט ער זיך ניט באַשעפטיקן מיט קבלה. ער האָט אויך איבערגעגעבן זיין רבין אַלע ספרים וועלכע ער האָט פאַרפאַסט אין קבלה, און אַזוי אַרום איז פארלוירן געגאַנגען אַ גרויסער אוצר פון ספרי קבלה,

נאָר צוליב דעם חשד אויף לוצאַטין אַז ער גייט אין דעם דרך פון שבתי צבי. משה חיים לוצאַטי האָט זיך אָנגעהויבן ווייטער באַשעפטיקן מיט פּאָעזיע און פאַרפאַסט פיל שירים. אינם יאָר תצ״ב—1732, האָט ער חתונה געהאַט. גענומען אַ טאָכטער ביי ר׳ דוד פינצי, דער רב פון מאַנטאַבאַ.

לוצאַטי האָט אָבער ניט געקענט פאַרשטיקן אין זיך דעם גרויסן חשק צו דער חכמה, ער האָט זיך נאָכאַמאָל אָנגעהויבן אָפּצוגעבן מיט איר, און נאָכדעם ווי ער איז נאָכאַמאָל געוווען אויסגעשטעלט מען זאָל אים מחרים זיין, האָט ער מיט גרויסע שמערצן פאַרלאָזט זיין לאַנד. פונם וועג האָט ער צוגעשיקט אַ שבועה אַז ער וועט זיך אין ערגעץ ניט באַשעפטיקן מיט דער קבלה-וויסנשאַפט. אַ צעבראָכענער איז ער אָנגעקומען קיין אַמסטערדאַם, און דאָרט זיך געלערנט די זעלבע מלאכה וואָס שפינאָזאַ: גלאָז שלייפן. פון אַמסטערדאַם איז ער מיט זיין פאַמיליע אָפּגעפאָרן קיין ארץ ישראל און דאָרט איז ער צוזאַמען מיט זיין גאַנץ הויזגעזינד געשטאָרבן אין דער שטאָט עכו, אין אַ מגפה וואָס האָט דאָרט אויסגעבראָכן זעקס און צוואַנציק טאָג אין אייר, תק״ז.

לוצאַטי איז אַלט געווען פערציק יאָר ווען ער איז געשטאָרבן. מיט זיבן יאָר פאַר זיין טויט האָט ער ארויסגעגעבן זיין באַוואוסטן ספר „מסילת ישרים״, וואָס ווערט פאַררעכנט אַלס איינער פון די שענסטע ליטעראַ־רישע פּערל.

ה. ת״ץ — 1730 — א מחלוקת צווישן די אידן פון יאמייקא צוליב רע־ליגיעזע ענינים.

ה. תצ״ה — 1735 — זיס אָפּענ־היימער ווערט דערהויבן צום ראנג פון פי־נאַנץ־מיניסטער ביים פירסט קאַרל אַלעק־סאַנדער פון ווירטעמבערג, און איז אויך זיין געהיימראט.

יוסף זיס אָפּענהיימער, איז איינער פון די מערקווירדיקסטע פּערזענ־לעכקייטן אין דער געשיכטע פון אידן אין דייטשלאַנד. יוסף זיס איז גע־בוירן געוואָרן אין היידלבורג, אין יאָר 1698. זיין פאָטער יששכר אָפּענ־היימער, איז געווען צוערשט אַ חזן, נאָכהער אַ זינגער. ארומגעפאָרן מיט אַ טרופּע זינגער און געגעבן פאָרשטעלונגען. זיין פרוי מיכעלע איז געווען די טאָכטער פון אַ בעל קורא, אין פראַנקפורט אם מאַין. יוסף זיס אָפּענ־היימער׳ס פאָטער איז געשטאָרבן ווען ער, יוסף זיס, איז נאָך אַ יונגערמאַן

געוועז, און זיין פעטער, דעם פאַטערס ברודער, האָט אים גענומען צו זיך אין פראַנקפורט אַם מאַין, און אים געגעבן די בעסטע דערציאונג. תחילת האָט ער בדעה געהאַט צו געבן אים אַ שטרענג רעליגיעזע דערציאונג, און מאַכן אים פאַר אַ רב, אַ מורה הוראה בישראל. יוסף זים האָט אָבער ווייניק חשק געהאַט נאָכצוקומען דעם פעטערס פאַרלאַנג. אים האָט געצויגן צו וועלטלעכע וויסנשאַפט, אממערסטן פילאָזאָפיע און מאַטעמאַטיק. ער האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע וואַנדער-לוסט, צו זען די וועלט, און באַקענען זיך מיט אַלערליי מענטשן. זיין פעטער איז זיין פאַרלאַנג נאָכגעקומען, געלאָזט אים לערנען פאַרשידענע שפּראַכן און מאַטעמאַטיק, און ענדיקנדיק דעם קורס, האָט ער אים אַריינגעגעבן אין אַ גרויס אידיש האַנדלס-הויז אין פראַנקפורט.

אַ פעאיקער, לעבהאַפטער, רירעווודיקער יונגערמאַן ווי יוסף זים איז געווען, וואָלט ער פיל געקענט שטייגן אין אַזא האַנדלס-הויז און דערגרייכן צו אַ גלענצנדער קאַריערע. פאַר דעם וואַנדערזיכטיקן יוסף זים איז עס אָבער ווייניק געווען, קוים האָט ער זיך צונויפגעשלאָגן אַ פאָר הונדערט גולדן, איז ער אָפּגעפאָרן קיין אַמסטערדאַם, די גרעסטע און רייכסטע האַנדלס-און-אינדוסטריע-שטאָט צו יענער צייט, דער וויכטיקסטער צענטער פון אידישן לעבן און קויפמאַנישע טעטיקייט. אין אַמסטערדאַם האָט זיך יוסף זים באַקאַנט מיט די גרעסטע קאָמערץ לייט, אידן און ניט אידן. ער איז אויך באַקאַנט געוואָרן מיט דעם קאָלאָניאַל האַנדל. ער האָט אָבער באַלד אויסגעפונען אַז אויך אַמסטערדאַם וועט אים ניט צופרידנשטעלן. שטודירנדיק דעם כאַראַקטער פון דעם האָלענדער און דעם אידנס, האָט ער דעם ערשטן געפונען אַלס מער פעאיקער, טיכטיקער, און דורכגעטריבענער קויפמאַן אַלס דער צווייטער, און ער וועט דאָ ניט האָבן די מעגלעכקייטן אַרויפצואַרבעטן זיך, און איז אוועקגעפאָרן קיין פראַג. אין דער דאָזיקער שטאָט און אין די אַרומיקע שטעטלעך, פלעגט מען פּראָדוצירן קליידונגס-שטאָפן, און צוטיילן איבער גאַנץ עסטרייך, דייטשלאַנד, האָלאַנד, פּוילן, דענעמאַרק און שוועדן. יוסף זים האָט באַלד געפונען אַז פראַג איז אַ שטאָט פון קרעמער, פון קליין-הענדלער, און דאָס האָט אויך ניט געקענט באַפרידיקן זיין סוחר'שן גייסט. ער האָט געזוכט און געשטרעבט אויפטון עטוואָס גרויסעס, מערקווירדיקעס, און ער איז אויך אין פראַג ניט לאַנג פאַרבליבן, ער איז אַוועקגעפאָרן קיין וויען, דאָרט וואו זיינע

קרובים, די באַנקירן אָפּענהיימער, האָבן זיך געפֿונען. אין ווין האָט ער זיך באַקענט מיט אַלע פינאַנציעלע אָנגעלעגנהייטן און מיט פֿלייס זיך גענומען לערנען די פינאַנס-וויסנשאַפט און קונסט, און זיך אויסגעבילדעט צום פעאיקסטן, פּראַקטישסטן פינאַנסיסט און געשעפֿטסמאַן. און אַזוי ווי די גרעסטע און וויכטיקסטע פינאַנץ-געשעפטן פלעגן דעמאָלסט מאַכן די אַריסטאָקראַטן, די באַראָנען, גראַפֿן און פירשטן, איז יוסף זיס אינגיכן באַקאַנט געוואָרן מיט דעם העכסטן אַדעל פון אייראָפּע. און אַזוי ווי ער איז געווען אַ ווירדיקע פּערזענלעכקייט, הויך געוואַקסן, שיין, מיט אַריס־טאָקראַטישע מאַניערן, און גערעדט געלויפיק די הויפּט-שפּראַכן פון איי־ראָפּע, האָט די אַריסטאָקראַטיע מיט פאַרגעניגן אים אויפגענומען. זיי פלעגן זיך אונטערהאַלטן מיט אים, און אַנפאַרטרויען אים די פירונג און לייטונג פון זייערע געשעפטן.

דער קורפירסט פון קעלן, ווען ער האָט זיך פון אים דערוואוסט, האָט אים איינגעלאַדן ער זאָל פאַרזאָרגן זיין מינצע, ד. ה. דער אַנשטאַלט וואו מען מאַכט גאָלד, זילבער און קופער-געלט, און גלייך נאָך אים, איז ער איינגעלאַדן געוואָרן צום מאַרק-גראַף פון העסן דאַרמשטאַט, פאַר וועלכן ער האָט געגרינדעט אַ פּאַפּיר-פאַבריק. פאַר דעם קורפירסט פון פפאַלץ, האָט ער איינגעאָרדנט די פינאַנסן פון זיין לאַנד. ער איז אויך אַזוי פיל באַרימט געוואָרן, אַז עס פלעגט באַטראַכט ווערן אַלס אַ באַזונדער גליק, ווען מען האָט געהאַט די זכיה צו האָבן דעם איד יוסף זיס אַלס געשעפטס־פירער. און יוסף זיס איז זייער רייך געוואָרן. יוסף זיס ווערט באַשולדיקט אַז ער האָט זיך דערווייטערט פון זיינע ברידער, און ס'איז גאָר קיין וואונ־דער ניט: זיין אַזוי פיל געאַכטעט און געשעצט פון דער קריסטלעכער אַריסטאָקראַטיע, לעבן צווישן פירסטן און קעניגן, באַקומען פון זיי אַלערליי טיטולן, דאָס אַלעס האָט געמוזט ווירקן אויף אים זיך צו האַלטן פון דער־ווייטנס פון זיינע ברידער. און דאָך איז ער פאַרבליבן אַ איד, און צוליב דעם נאָמען האָט ער זיין לעבן פאַרלוירן...

אין 1732, איז ער געווען אויף קור אין דעם קוראָרט ווילדבאַד. אַהין איז אויך געקומען דער פּרינץ פון ווירטעמבערג, קאַרל אַלעקסאַנדער, און זיין שוועער, דער פּרינץ פון טהורן, וועלכער איז פון פריער געווען באַקאַנט מיט יוסף זיס, און ער האָט געפונען פאַר נויטיק צו באַקענען זיין איידעם מיט דעם אידישן פינאַנץ זשעני. פּרינץ קאַרל אַלעקסאַנדער איז געווען אַ

באַרימטער גענעראַל און זיך אויסגעצייכנט אין פיל מלחמות. ער איז געווען נאָר אַ פעאיקער גענעראַל, אָבער אַ שוואַכער פינאַנציסט און געשעפטסמאַן. ווען קאַרל אַלעקסאַנדער האָט זיך צורעדט מיט דעם אידישן פינאַנסיסט, איז ער אים אויף אַזוי פיל געפעלן, אַז ער האָט אים איינגע־לאַדן צו זיך, איבערצונעמען זיינע פינאַנסן און איינפירן אַ בעסערע אָרדנונג. ער האָט אים אויך איבערגעגעבן צו רעגולירן די פינאַנסן פון דער רהיין אַרמעע, איבער וועלכע ער איז געווען דער קאָמענדאַנט.

אין 1733, איז דער פירשט פון ווירטעמבערג געשטאָרבן, און קאַרל אַלעקסאַנדער איז געוואָרן פירשט אויף זיין אָרט. ער האָט גלייך איינ־געלאַדן יוסף זיס אָפּענהיימער, ער זאָל קומען קיין שטוטגאַרט און ווערן זיין ראַטגעבער.

ווען קאַרל אַלעקסאַנדער האָט איבערגענומען זיין פירשטנטום, האָט ער זיך געפונען אין זייער אַ קריטישער לאַגע. אין לאַנד האָבן זיך געפונען פאַרשידענע פּאַרטייען וועלכע יעדע איינע האָט זיך גענומען פּריווילעגיעס, איבערהויפּט די קאַטוילִיקן און פּראָטעסטאַנטן, וועלכע האָבן כסדר גע־פירט אַ קאַמף צווישן זיך. יעדע איינע האָט געוואָלט האָבן די אויבער־האַנט אויף אַלע געביטן, סיי אין דער פּאָליטיק און סיי אין די פינאַנסן. דער קאַטויליק האָט פיינט געהאַט דעם פּראָטעסטאַנט נאָך ערגער פונעם אידן, און דער פּראָטעסטאַנט האָט ארויסגעוויזן די זעלבע שנאה צום קאַטויליק. די גרויסע גוט־באַזיצער, די באַראָנען און די גראַפן, האָבן זיך אויפגעפירט ווילקירליך, געטון וואָס זיי האָבן געוואָלט.

פּרינץ קאַרל אַלעקסאַנדער האָט געוואָלט איינפירן אין זיין לאַנד אַ בעסערע אָרדנונג. ער האָט זיך אויך פאַרנומען צו פאַרגרעסערן זיין פירסטנטום, אנעקסירן קליינע אומאָפּהענגיקע גראַפשאַפטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין שכנות פון זיין לאַנד. און כדי דורכצופירן די אַלע פּלענער האָט ער זיך גענויטיקט אין אַ גרויסע טיכטיקע אַרמעע, אָבער דערצו מוז מען האָבן געלט, און טאַקע פיל געלט, ווי זשע נעמט מען דאָס געלט? צו באַקומען עס מוז מען זיך ווענדן צום אידישן פינאַנס־זשעני, צו אָפּענ־היימער, ער זאָל העלפן. ער, מיט זיין געניאַלן קאָפּ, וועט שוין געפונען מיטלען דערצו. ער האָט אים באַלד איבערגעגעבן דעם קאָנטראָל איבער דער מינצע, די געלט־פאַבריק. אָפּענהיימער האָט גלייך אַרויסגעוויזן זיין געשיקטקייט, זיינע פינאַנציעלע גאונות, און שוין דאָס ערשטע יאָר

אים אַריינגעבראַכט אַ פאַרדינסט פון הונדערט פופציק טויזנט גולדן, און דערפאַר, האָט אים דער פירשט באַערט מיטן טיטול: „געהיימער פינאַנץ־ראַט". אָפּענהיימער איז ווייטער געגאַנגען, ער האָט געמאַכט אַ מאָנאָפּאָל אויף שפּיל־קאָרטן, און דאָס האָט אריינגעבראַכט אַ גרויסע סומע געלט. ער האָט אויך איינגעפירט אַ מאָנאָפּאָל אויף טאַבאַק, אַ גרויסן שטייער אויף קאַפּעע־הייזער, אויף שאַרפע געטראַנקען, און אויך אַ שטאַאַטס־לאָטעריע. אין יענער צייט, האָבן אידן געמעגט וואוינען נאָר אין געציילטע שטעט פון ווירטעמבערג. אָפּענהיימער האָט איבערצייגט דעם פירשט אַז די אידן, וועלכע האָבן גרויסע פעאיקייטן צו אַנטוויקלען דעם קאָמערץ, קענען פיל נוצן ברענגען דעם לאַנד און באַרייכערן עס, ווען נאָר מען זאָל זיי דערלויבן איבעראַל צו וואוינען. און דער פירשט, אנערקענענדיק די ריכטיקייט פון זיינע רייד, האָט ארויסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז אידן מעגן זיך באַזעצן אין די שטעט און דערפער וואו זיי האָבן ביז אַהער ניט גע־טאָרט וואוינען. און דאָס קאָן אונז אויך איבערצייגן ווי פאַלש עס איז די באַהויפּטונג אַז ער, יוסף זיס, האָט פון זיינע ברידער ניט געוואָלט וויסן.

דער גליק־שטערן פון יוסף זיס האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם זיך צו לעשן, ביז ער איז אינגאַנצן פאַרלאָשן געוואָרן. די מאָנאָפּאָלן און די גרויסע שטייערן האָבן אויפגערייצט די געמיטער פון די קריסטן, איבערהויפּט נאָך דעם פאַל פונם דעקרעט צו דערלויבן אידן צו באַזעצן זיך איבעראַל, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן קלאַגן און פאַרדאַמונגען קעגן דעם פאַרפלוכטן איד יוסף זיס, וועלכער באַרויבט דאָס לאַנד. די גאָלד און זילבער־מינצן וואָס ווערט דורך אים פאַבריצירט זיינען פאַלשע, ווערטלאָז, און ער שפּאָרט אָפּ פון דער פאַלסיפיקאַציע אַ גרויס קאַפּיטאַל פאַר זיך. יוסף זיס האָט דאַן געבעטן אַז מען זאָל אַלעס קאָנטראָלירן, און כאָטש נאָכדעם האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אַלץ איז אין דער בעסטער ארדנונג, האָט עס דאָך ניט אָפּגעהאַלטן די פיינטלעכע שטימונג צו אים. יוסף זיס האָט אין אַכט גענומען די פיינטלעכע שטימונג, וועלכע קאָן האָבן געפער־לעכע קאָנסעקווענצן פאַר אים, און געבעטן דעם פירשט ער זאָל אים באַפרייען פון זיין אמט, און דערלויבן אים אָפּפאָרן פון ווירטעמבערג. דער פירשט האָט אָבער ניט איינגעוויליקט, און דערקלערט פאַרן גאַנצן לאַנד דאָס טריישאַפט און ערלעכקייט פון יוסף זיס. דאָס האָט אָבער ניט גע־שטילט דעם צאָרן פון זיינע שונאים, וועלכע האָבן זיין נאָמען אַלץ מער

און מער באַפּלעקט. יוסף זיס האָט זיך נאָך דעם פירשטס דערקלערונג גע־פילט בארואיקט און ניט געוועזן פּאַרזיכטיק. ער האָט ארויפגעלייגט נייע שטייערן, ווי צ. ב. ש. אַז מען זאָל בייַ די רעגירונגס־באַאַמטע אָראָפּנעמען פון זייער געהאַלט דריי גראָשן פון יעדן גולדן. די פיינט זיינע האָבן דעם דאָזיקן שטייער אָנגערופן: „די יודען גראָשען". ס'איז אויך פון אים געווען אַ פאָרשלאָג צו צווינגען די פרויען און טעכטער פון די באַאַמטע צו גיין אויף קאַרנאַוואַל־בעלער און אנדערע אונטערהאַלטונגען, און קויפן איינ־טריטס־קאַרטן נאָר ביי דער רעגירונג, און דער אויפגעבויזטער צאָרן איז דורך דעם ביז גאָר גרויס געוואָרן. און בלבולים האָבן זיך פאַרשפּרייט איינער שאַרפער פונם צווייטן.

און ס'איז געשעען דאָס שרעקלעכסטע. דעם עלפטן מערץ 1737, איז דער פירשט, געפונענדיק זיך אין לודוויגסבורג, פלוצלונג געשטאָרבן. ווען די נאַכריכט איז אָנגעקומען קיין שטוטגאַרט, האָט מען יוסף זיס אָפּענ־היימער'ן אַרעסטירט און איינגעשפּאַרט אים אין פעסטונג פון אספּערג. און ס'איז פאַרפירט געוואָרן קעגן אים אַ פּראָצעס, אין וועלכן ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין פיל פאַרברעכנס. ניט צולאָזנדיק אים צום פּראָצעס אויף צו פאַרטיידיקן זיך, האָט מען אים פאַרמשפּט צום טויט דורך הענגען... דער טויט־אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן דעם פירטן פעברואַר 1738 מיט אַ באַזונדער גרויזאַמקייט און באַרבאַריזם. מען האָט אים אויפגע־האַנגען אין אַן אייזערנער שטייג, נאָכדעם האָט מען דעם טויטן קערפּער אויפגעהאַנגען אויף אַן אייזערנער קייט, און אים אַזוי געלאָזט הענגען אַ גאַנצן מאָנאַט.

אין יאָר 1825, איז פון אַ אידישן געלערנטן אַנטדעקט געוואָרן אַלע דאָקומענטן פון דעם פּראָצעס, און ווען ער האָט זיי פאַרעפנטלעכט האָט די רעגירונג פון ווירטעמבערג דערקלערט אַז ס'איז פאָרגעקומען קעגן יוסף זיס אַ יוסטיץ־מאָרד...

יוסף זיס אָפּענהיימער ווערט גערופן: „דער דרייפוס פונם אַכטצענטן יאָרהונדערט", ווייל ער איז גלייך ווי דרייפוס, אומשולדיק פאַראורטיילט געוואָרן. דער אונטערשיד איז נאָר וואָס דרייפוס'ן האָבן פאַרטיידיקט פעאיקע אדוואָקאַטן און ערלעכע מענטשן און אים געראַטעוועט, און אָפּענהיימער'ן האָט קיינער ניט פאַרטיידיקט, און ער האָט געענדיקט זיין לעבן אויף דער תליה...

ה. ת״ק — 1740 — דער טויט פון פרידריך ווילהעלם דער ערשטער. די צאָל פון די אידן אין בערלין דערגרייכט אין יענעם יאָר ביי טויזנט צוויי הונדערט. אייניקע אידישע רייכע פאַבריקאַנטן זיי־נען זייער געאַכטעט פאַר זייער באַריי־כערן דאָס לאַנד. — קאַרל, דער קעניג פון נעאַפּל און סיציליע, דערלויבט אידן צו באַזעצן זיך אין זיין לאַנד און גיט זיי גלייכבאַרעכטיקונג.

ה. תק״ג — 1743 — מענדעלזאָן קומט קיין בערלין צו פאַרפּאָלקאָמען זיך אין וויסנשאַפט.

ה. תק״ד — 1744 — אידן ווערן אויסגעוויזן פון בעהמען, אויף דעם סמך פון א בלבול אז זיי זיינען אומטריי דער רעגירונג. קערן זיך אום צוריק, נאָך דעם ווי עס ווערט אנערקענט דאָס פאַלשקייט פונם בלבול.

ה. תק״ה — 1745 — די קייזערין יעליזאַוועטאַ אין רוסלאַנד, טרייבט ארויס אלע אידן וואס האָבן געוואוינט אין די אינערלעכע שטעט פונם לאַנד.

ה. תק״ח — 1748 — מאַריע טע־רעזאַ, די עסטרייכישע קעניגין, גיט ארויס גוטע געזעצן פאַר די אידן וואָס וואוינען אין לאַנד. דערלויבט זיי צו גרינדן פאַב־ריקן און באַשעפטיקן זיך מיט אלערליי מלאכות.

ה. תק״ט — 1749 — דער פּאָרטו־געזישער איד פעריירא, וועלכער איז גע־ווען איינגעשטעלט אין דער קייזערלעכער ביבליאָטעק אין פּאַריז אלס שפּראַכן אי־בערזעצער, ווערט באַערט פון דער אקאַ־דעמיע פאַר זיין דערפינדונג, ווי אזוי צו לערנען רעדן טויב־שטומע.

ה. תק״י — 1750 — פרידריך דער צווייטער, וואס רופט זיך פרידריך דער גרויסער, דער קעניג פון פרייסען, גיט ארויס א באַפעל צו פאַרבאָטן אידן זיך באַשעפטיקן אין אלע צווייגן פון שיין־קונסט און וויסנשאַפט. פאַר זיי פאַר־בלייבט נאָר געלט - און - געטריידע־האַנדל. — דער קעניג פון מאַראָקאָ באַ־שטימט א אידן פאַר א אַמבאַסאַדאָר אין דענעמאַרק.

ה. תקי״א — 1751 — דער גע־בורט פון ר׳ שניאור זלמן, דער „בעל התניא״, און דער הויפט פירער פון די חב״ד׳סקע חסידים.

דער רב ר׳ שניאור זלמן, איז געבוירן אינם יאָר תקי״א, לויט אַ טייל היסטאָריקער אינם יאָר תק״ז, אין דער שטאָט לאזני, מאהיליווער גובערניע. פון קינדווייז האָבן זיך שוין אין אים באַוויזן זעלטענע פעאיקייטן. מיט אַ זעלטענער התמדה האָט ער טאָג און נאַכט געלערנט ש״ס און פוסקים און אויך קבלה ספרים. ווען ער איז אַלט געווען פופצן יאָר, איז ער שוין אנערקענט געוואָרן פאַר אַ גאון. ביי זיין פאָטער אין הויז האָט ער געלעבט אין גרויס דחקות. זיין מאַטעריעלע לאַגע איז פאַרבעסערט געוואָרן ערשט ווען ער איז גענומען געוואָרן פאַר א איידעם, פון אַ רייכן וויטעבסקן סוחר. דאָרט ביים שווער, האָט ער קיין דאגות פרנסה ניט געהאַט און יומם ולילה געלערנט. זיין גרויסער חשק צו פאַרטיפן זיך אין א העכערער תורה־

וויסנשאַפט, האָט אים ניט צופרידנגעשטעלט מיט דער נגלה׳שער תורה, און באַגערט אויך צו פאַרטיפן זיך אין דעם נסתר׳שן ברונעם, און פון דאָרט שעפּן די פאַרבאָרגענע גייסטיקע וואַסער. אין וויטעבסק האָט ער זיך באַקענט מיט ר׳ מנחם מענדל, וועלכער איז אין זיין יוגנט געווען דעם בעש״ט׳ס אַ תלמיד, און אויך אַ חבר פונם מעזיריטשער מגיד, ר׳ דוב בער. ר׳ מנחם מענדל האָט אַריינגעגעבן חשק ר׳ שניאור זלמן, ער זאָל פאָרן צום מגיד און דאָרט ביי אים זיך לערנען סתרי תורה.

אינם יאָר תקכ״ח—1768, איז ער געקומען צום מגיד, און אנדערט־האַלבן יאָר געלערנט אינם מגיד׳ס בית המדרש און איז געוואָרן איינער פון זיינע בעסטע תלמידים. דער מגיד האָט צו אים ארויסגעוויזן אַ באַזונ־דער ליבשאַפט. נאָך די אנדערטהאַלבן יאָר, האָט ער זיך צוריקגעקערט אַ היים, ער איז אָבער דאָרט ניט לאַנג פאַרבליבן, און זיך צוריקגעקערט צו זיין ליבן רבי דעם מגיד, און מיט אים מיטגעפאָרן אויף אַלע זיינע רייזעס. אין דערזעלבער צייט האָט ער אָנגעהויבן שרייבן זיין „שלחן ערוך״. פיל יאָרן האָט ער זיך מיט אים באַשעפטיקט. דער רב ר׳ שניאור זלמן האָט פיל געליטן פון זיינע קעגנער, די מתנגדים. צוליב אַ בלבול האָט אים די רוסישע רעגירונג איינגעשפּאַרט אין טורמע. ר׳ שניאור זלמן האָט זיך אָנגעשטרענגט צוזאַמען מיט זיין רבי׳ן ר׳ מנחם מענדל, איבערצוצייגן דעם ווילנער גאון אז אין חסידות איז ניטאָ קיין שום שלעכטער געדאַנק. ער האָט זיך געוואָלט מיט אים דורכרעדן, צום באַדויערן אָבער, האָט זיך דער גאון פאַר׳עקשנ׳ט, און זיי ניט געוואָלט צולאָזן צו זיך. און אזוי איז דער גאון פארבליבן מיט זיין עקשנות, וועלכעס האָט גורם געווען צו דער קעגנזייטיקער שנאה פון מתנגדים און חסידים, וואָס האַלט נאָך אָן ביז היינטיקן טאָג.

ר׳ שניאור זלמן האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין לויטערן שכל און לאָגישן פארשטאַנד אין נגלה און זיין גרויסן כח אויך אין נסתר. דער „תניא״ איז ביז גאָר פאַרהייליקט ביי די חסידי חב״ד (די ראשי תיבות פון חכמה, בינה, דעת). דער „שולחן ערוך״, איז פון אים אויף אַ ריינער קורצער שפּראַך פאַרפאַסט געוואָרן, אויך דער סדור איז פון אים קאָרע־גירט געוואָרן, און אַלעס אין אים, על פי „שלחן ערוך״, צוזאַמענגעשטעלט

געוואָרן. דער נאָמען פונם „רב" ווערט פון די מתנגדים געשעצט און גע־
אַכטעט, גלייך ווי דעם ווילנער גאון׳ס פון די חסידים.

**ה. תקי"ב** — 1752 — די רבנים פון גאַנץ פוילן לאָזן ארויס פלוג־שריפטן, אין וועלכע עס ווערט געטאַדלט די שטה פונם בעש"ט, און פאָדערן צו צעשטערן די חסידים־סעקטע.

**ה. תקי"ג** — 1753 — די אידישע לאַגע אין ענגלאַנד פאַרערגערט זיך. די רעגירונג פּראָיעקטירט ארויסצוטרייבן די אידן וועלכע וואוינען אין לאַנד ווייניקער פון דרייצן יאָר. אַ קריסטלעכער גייסט־לעכער איז זיך משתדל דעם פּראָיעקט ניט דורכצופירן, און ציט אויף זיך ארויף דעם צאָרן פון דער קריסטלעכער באַפעל־קערונג. — די פּוילישע רבנים פאַראַנ־שטאַלטן אַ גרויסע אסיפה אין דער שטאָט יאַראסלאַוו, אויף אנצונעמען מאַסרעגלען קעגן די חסידים וועלכע האָבן פאַרשפּרייט זייער נעץ אין פיל פּוילישע שטעט.

**ה. תקי"ד** — 1754 — מענדעלזאָן באַפריינדעט זיך מיט לעסינג, ניקאָלאַי, אַגאַט, און מיט נאָך פילע קריסטלעכע געלערנטע; זיי מונטערן אים אויף צו פאַרפאָלקאָמען זיך אין דער דייטשער ליטעראַטור.

**ה. תקט"ו** — 1755 — מאַריאַ טע־רעזא, וועלכע ווייזט ארויס אין דער ערשטער צייט איר פריינטלעכקייט צו אידן, האָט חרטה, און שאַפט באַדריקנדע געזעצן פאַר זיי. אין עסטרייך, צוזאַמען מיט די שטעט פון איטאַליע און דייטש־לאַנד וועלכע געהערן צו איר, דערגרייכט די צאָל אידן ביז זעקס הונדערט טויזנט.

**ה. תקי"ז** — 1757 — דער שבתי צביאיזם פאַרשטאַרקט זיך אין סאַלאָניק דורך אַ פּוילישן אידן מיטן נאָמען ברכיה, וועלכער רופט זיך אָן מיטן נאָמען יעקב פראַנק. זיינע דרשות וואָס ער האלט אָפּ אין מערערע שטעט געפונען אָן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די צוהערער. אין דער עלטער פון אַכט און דרייסיק יאָר קומט ער קיין פּאָדאָליע און פון אים איז געוועזן דער פאָרשלאַג צו פאַרברענען דעם תלמוד, און פאַרהייליקן אַלע קבלה־ספרים, אַמ־מייסטן דעם זוהר וועלכן ער דערקלערט אים נאָך דער שבתי צבי׳אישער שטה, און כדי ארויסצורופן די סימפּאַטיע פונם בישאָף צו זיין תורה, באַמיט ער זיך צו־צופּאַסן זיין קבלה־לערע מיט די דאָגמען פונם קריסטנטום. די רבנים געפינען פאַר נויטיק אים מחרים זיין און אים אויס־שליסן פונם כלל־ישראל.

**ה. תק"כ** — 1760 — דער טויט פון ר׳ ישראל בעל שם. דריי פון זיינע אייניקלעך שטעלן זיך אָן דער שפּיצע פון דעם בעש"ט׳ס אָנהענגער, אין דריי פאַר־שידענע שטעט און רופן זיך מיטן נאָמען צדיקים. — דאָס חסידיזם פאַרשפּרייט זיך אין מאָלדוי, וואַלאַכיע, אונגאַרן און גאַליציע.

**ה. תקכ"ה** — 1765 — די קעניגין מאַריא טערעזא גיט אַ דערלויבעניש די גלחים, איבערצורעדן אידישע קינדער פון זיבן יאָר אנצונעמען דאָס קריסטלעכע גלויבן.

**ה. תקל"ב** — 1772 — אין די טעג פון די חדשים אייר און סיון, איז דער ווילנער גאון מחרים די חסידים פון ווילנא. די ספרים פונם בעש"ט, און אויך די ספרי חב"ד, ווערן פאַרברענט אין הויף פון דער גרויסער שול. דער חרם ווערט

אויך ארויפגעלייגט אויף פיל שטעט אין ליטא, פוילן און גאליציע. — גוסטאוו דער דריטער, קעניג פון שוועדן, דערלויבט אידן צו וואוינען אין שטאָקהאָלם, קאַרלסקראנא און גאָטענבורג. — דאָס צעטיילונג פון פוילן צום ערשטן מאָל צווישן רוסלאנד, עסטרייך און פרייסען. די צאָל אידן אין רוסלאנד, נאָכדעם ווי ס'איז איר צוגעטיילט געוואָרן קרים, אוקראינא און פוילן, דערגרייכט מער פון א מיליאָן.

**ה. תקל"ג** — 1773 — אין עלזאַס ווערט ארויסגעגעבן שווערע געזעצן אויף אידן וואָס גיבן זיך אָפּ מיט הלוואות.

**ה. תקל"ח** — 1778 — מענדעלזאָן גיט ארויס זיין ספר „מלות ההגיון". — ר' נפתלי הערץ פון עדעלסהיים, פּאַרטיידיקט די אידן אין פראנקרייך, ווירקט אויס פילע פּאַרלייכטערונגען פאַר די אידן אין עלזאַס.

**ה. תקל"ט** — 1779 — מענדעלזאָן זעצט איבער די תורה אויף דייטש. — זאלקינד הורוויץ, א תלמיד פון גאון „בעל שאגת אריה", וועלכער איז געקומען פון קאוונא צו זיין רבי אין מעץ, פאַרטיידיקט די פראנצויזישע אידן אין זיין בוך וואָס ער האָט פאַרפאַסט אין דער פראנצויזישער שפּראַך אינם סטיל פון אן אנדער בוך וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן דורך דעם בישאָף גרעגואַר, וועגן עמאנציפּאַציע. — דער גראף מיראבא גיט ארויס א בוך וועגן מענדעלזאָנען, און וועגן די רעפאָרמען אין פּאָליטישן זין פאַר אידן.

**ה. תקמ"א** — 1781 — מענדעלזאָן זעצט איבער דאָס בוך „תשועת ישראל" פון מנשה בן ישראל, און שרייבט אין דעם א גרויסע און באַלערנדע הקדמה. — דער איד אלמודעי, איינער פון די אדמיראלן אין האָלאנד, ווערט באערט פון דער רעגירונג מיט א גאָלדענעם מעדאַל פאַר זיין העלדישקייט וואָס ער האָט ארויסגעוויזן אין דער מלחמה אויפן ים קעגן די ענגלענדער.

**ה. תקמ"ב** — 1782 — דער קייזער יאָזעף, פון עסטרייך, גיט פרייע בירגעררעכט צו די אידן אין זיין לאנד. שאַפט אָפּ אַלע באשרענקונגען וועלכע זיינען פון צייט צו צייט ארויסגעגעבן געוואָרן וועגן זיי. — דער קייזער יאָזעף דער צווייטער, דערלויבט די גייסטלעכע איבערצורעדן אידן אויף צו טויפן זיך ניט פריער פאַר פערצן יאָר. לייגט ארויף א שטראָף פון טויזנט גולדן אויף יעדן וועלכער וועט מיט געוואלד טויפן א אידיש קינד, דאָס געטויפטע קינד דאַרף אָבער שוין פאַרבלייבן אין קריסטלעכן גלויבן.

**ה. תקמ"ג** — 1783 — מענדעלזאָן שרייבט זיין הקדמה צו זיין איבערזעצונג פון דער ביבל מיטן נאָמען „נתיבות השלום". נאָך זיין איבערזעצן די לעצטע צוויי חומשים, במדבר און דברים, הויבט ער אָן איבערצוזעצן תהלים. ער גיט ארויס זיין ספר „ירושלים". — די דערשיינונג פון די „מאספים" אין קעניגסבערג. — די גרינדונג פון דער חברה „דורשי לשון עבר".

**ה. תקמ"ד** — 1784 — מענדעלזאָן פאַרפאַסט זיין בוך „פעדאָן", און דערווערבט זיך מיט דעם א נאָמען אַלס איינער פון די גרעסטע פילאָזאָפן אין דער וועלט. — לודוויג דער פערצנטער שאַפט אָפּ דעם געזעץ, וועגן די באזונדערע שטייערן וואָס זיינען ארויפגעלייגט געוואָרן אויף אידן אין לאָטרינגען, צופאַר מיט זעקס און פופציק יאָר.

**ה. תקמ״ה** — 1785 — די אידן אין פאראמאריבא, אין נאָרד־אַמעריקע, גיבן א גרויסע געלט־שטיצע די קאטאליקן אויף צו בויען די ערשטע קירכן.

**ה. תקמ״ו** — 1786 — דער טויט פון מענדעלזאָן אין דער עלטער פון זיבן און פופציק יאָר. — ר׳ יצחק אייכל פון קעניגסבערג, זעצט איבער די אידישע תפלות אויף דייטש. שרייבט אין העברע־איש מענדעלזאָנ׳ס ביאָגראַפיע. — דער ווילנער גאון מיט זיינע תלמידים לייגן אריין אין חרם די הויפּט־פירער פון די חסידים.

**ה. תקמ״ז** — 1787 — פרידריך ווילהעלם דער צווייטער, פון פּרייסן, באַ־פרייט די אידן צו צאָלן קאָפּ־שטייער.

**ה. תקמ״ח** — 1788 — ר׳ נפתלי וויזל פאַרפאַסט זיין בוך ,,ספר המדות״.

**ה. תקמ״ט** — 1789 — די נאַציאָ־נאַלע אספה אין פאַריז גיט גלייכע ביר־גער־רעכט צו די אידן ווי צו די ניט־אידן; באַפרייט זיי פון אַלע אויף זיי ארויפגע־לייגטע באַזונדערע שטייערן. — דער איד אליהו לוי ווערט מיניסטער אין מאראקא. דער רייכער און פרומער איד ר׳ מרדכי, וועלכער באַקומט א הויכן רעגירונגס־אמט אין מאראקא, באַקומט אויך דעם בכבודן נאָמען אַלל־האסטאַן־בעגי.

**ה. תק״נ** — 1790 — שרעקלעכע פאַרפאָלגונגען אויף אידן אין מאראקא אויפן באַפעל פונם סולטאַן מולעי יעסיד. אויף אַ גרויזאַמען אופן ווערן זיי באַ־רויבט, און פילע פון זיי ווערן דערמאָר־דעט. — דער שפּאַנישער געזאַנדטער, דער איד סאַלאָמאָן האסאַן, ווערט געטויי־טעט אויף זיין באַפעל. דער רעגירונגס־באַאמטער עליאַס לעווי, ווערט געצוואונ־גען, דורך שרעקלעכע פּייניקונגען, אַנצו־נעמען דאָס מאַכמעדאַנישע גלויבן, און נאָך אייניקע טעג שטאַרבט ער פון גרויס האַרץ־ווייטיק. — דער איד אַלל־האסטאַן בעגי שטאַרבט אויף קדוש השם. — ר׳ דוד פרידלענדער קומט פון קעניגסבערג קיין בערלין, שרייבט פאַרשלאַגן ווי אזוי צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די אידן אין פּרייסען און אין פּוילן. ער ווענדעט זיך אויך מיט אַ שריפטלעכן פאַרשלאַג צו דעם הויפּט־גייסטלעכן אין פּרייסען, ווי אזוי צו פאַרייניקן קריסטן מיט אידן צו־זאַמען, די לעצטע זאָלן ניט דאַרפן אָנ־נעמען דאָס קריסטלעכע גלויבן. זיינע פאַרשלאַגן פאַלן דורך.

**ה. תקנ״א** — 1791 — דאָקטאָר מאַרקוס הערץ ווערט באַשטימט פון דעם פּרייסישן קייזער פרידריך ווילהעלם דער צווייטער, אַלס פּראָפעסאָר פון פילאָזאָ־פיע. — דער טויט פון יעקב פראַנק. זיינע אָנהענגער ליידן א גרויסע מפּלה. אין פּוילן בלייבט פון זיי אַ גאַנץ קליינע צאָל אָפּגעריסענע בעטלער.

**ה. תקנ״ב** — 1792 — פרידריך ווילהעלם דער צווייטער פאַרפליכטעט די אידן צו גיין אין מיליטער גלייך מיט אַלע בירגער. — א נייע חברה ווערט געגרינ־דעט פון די אידן אין בערלין מיטן נאָמען ,,אגדת רעים״, מיטן צוועק צו פאַרבע־סערן די אידישע לאַגע דורך פאַרשידענע מיטלען.

**ה. תקנ״ה** — 1795 — אין האָלאַנד ווערט געגעבן אידן בירגער־רעכט גלייך מיט אַלע ניט־אידן.

**ה. תקנ״ו**—1796— אין אמסטער־דאם ווערט געגרינדעט א חברה מיטן נאָ־מען ,,עדת ישרון״. איר צוועק איז צו פאַרבעסערן דעם אידישן חנוך.

**ה. תקנ״ח** — 1798 — דער טויט

פונם ווילנער גאון, דעם צווייטן טאָג חוה"מ סכות.

**ה. תקנ"ט** — 1799 — בואָנאפּאַרט, דער העלד פון פראנקרייך, דעראבערט עגיפּטן, לאזט ארוים א מאניפעסט אין אלע אריענטאַלישע לענדער, אז אידן פון אזיע און פראנקרייך, זאָלן זיך שטעלן אונטער פראנקרייכס פאָן, און ער פארזי־כערט אָפּגעבן זיי ארץ ישראל און גרינדן דאָרט אַ אידישע מלוכה. דער אידישער רעגירונגס־מאַן ר׳ חיים פרחי פון עכו, רעוואָלטירט קעגן בואָנאפּארטן. די ירושלים׳ער אידן באַפעסטיקן זיך און גרייטן זיך צום קאמף קעגן נאפּאלעאָן. די מלחמה אין עמק יזרעאל. — אידן ווערן צום ערשטן מאָל דערהויבן צו רעגי־רונגס־באאמטע אין האָלאנד. אין אמס־טערדאם עסטאבליזירט זיך א אידישע דרוקעריי דורך יצחק עטיאס עט קאמפּ.— דער צוריקקער פון אידן קיין קעלן נאָך דעם גירוש פון דאָרט אין דריטן יאָרהונ־דערט. — דוד פרידלענדער און זיינע חברים, דערלאנגען א ביטע צום פראָטעס־טאנטישן פאסטאר טעלער, ער זאָל זיי אויפנעמען אלס אנהענגער פונם נייעם טעסטאמענט, ניט צו דארפן אנערקענען דעם גלויבן אין דרייאייניקייט. — די טויף־עפּידעמיע פארשפרייט זיך צווישן די אידן אין בערלין.

**ה. תקנ"ט** — 1799 — פרידריך ווילהעלם דער דריטער, קייזער פון פּריי־סען, באשטעטיקט די בירגער־רעכט פאַר אידן און טוט זיי פיל טובות.

**ה. תק"ס** — 1800 — אין ירושלים געפינען זיך ביז דריי טויזנט אידן. די לאַגע זייערע, אויף אַלע געביטן, איז ביז גאָר א טרויעריקע. — אין אַלע שטעט פון דייטשלאַנד, פוילן, אונגארן, פראנק־רייך, האָלאנד און ענגלאנד, געפינען זיך פיל איד. געלערנטע, באוואוסטע חכמים מיט א גרויסן נאָמען, וועלכע זיינען עוסק אין תורה און חכמה סיי אידישע, און סיי אלוועלטלעכע, און פארשאפן גרוים כבוד דעם אידישן פאָלק. — די ערשטע שפּראָ־צונגען פון דער רעפאָרמאציאָן. ר׳ שאול, דער זון פון רבי צבי פון בערלין פאר־עפנטלעכט זיין ספר „בשמים ראש". — דאָס חסידיזם ווערט פארשפרייט אין פוילן, רוסלאנד און גאליציע.

## אלישע בן אבויה׳ס באַזוך ביי ר׳ עקיבא אין דער תפיסה *)

אין צעסאַריע, די הויפּט-שטאָט פאַר דעם רוימישן גובערנאַדאָר, זיצט איינגעשפּאַרט אין געפענקעניש אַ גרייז-גרויער מאַן. ניט פאַר אַלט אין יאָרן איז ער גרוי געוואָרן, נאָר פאַר די ליידן פון זיין פאָלק. און דאָך, ניט קוקנדיק דערויף וואָס אים דערוואַרטעט טויט-שטראָף, מערקט זיך ניט אין זיין געזיכט די מינדעסטע אומרואיקייט. זיינע אויגן לייכטן מיט אַ הייליק ליכטיקייט, אַ ליבלעכער שמייכל שוועבט אויף זיינע ליפּן. זיינע לאַנגע לאָקן, און זיין ווייסע, זילבערנע באָרד גיבן אים צו דאָס געשטאַלט פון אַ מלאך.

ווער איז ער דער אַלטער? פאַרוואָס איז ער אַרעסטירט? עקיבא בן יוסף איז זיין נאָמען, און דאָס אויפמונטערן דאָס פאָלק צו קעמפן פאַר זיין פיזיש און גייסטיק לעבן, איז זיין פאַרברעך. אינם גייסטיקן נערוו זיינעם, קלאַפּט נאָך דער דופק פונם גוסס׳דיקן אידנטום, און צו אים זיינען געווען געווענדעט די אויגן פונם פאָלק, אַז צו דעם גוסס׳דיקן, ער זאָל אין אים פון זיין גייסט אַריינבלאָזן, מיט זיין גייסט עס באַלעבן. פיל, פיל האָט ער אין זיין לעבן פאַרן פאָלק געטון. אויך לעצטנס האָט ער זיין לעבן איינגעשטעלט. וואָס קאָן ער אָבער איצט טון, ווען אַ געשלאָ-סענער אין אייזערנע קייטן, ליגט ער אין דעם פינסטערן געפענקעניש. איצט איז פאַר אים פאַרבליבן ניט מער ווי צו שטאַרבן אַ טויט פון קדושים, און איבערלאָזן די תורה אין די הענט פון די, וועלכע וועלן זיך זאָרגן פאַר איר אומשטערבלעכקייט. און ער איז זיכער, אַז טראָץ דעם וואָס דאָס פאָלק גוסס׳ט, וועט עס דאָך ניט שטאַרבן. די תורה - נשמה וועט עס באַלעבן.

ער זיצט איצט נעבן דעם קליינעם פענסטערל פון זיין געפענקעניש, וואָס איז מיט אייזערנע גראַטעס אַרומגענומען, און קוקט אַרויס אויף דער גאַס, מיט אַ שפּאַנענדער דערוואַרטונג. ער שטרענגט אָן זיינע אויערן צו

---

*) זע זייט 56.

פאַרנעמען די שטימע פון זיין תּלמיד יוחנן בן נורי, וועלכער, אַ פאַר־שטעלטער פאַר אַן אמבולאַנט, פלעגט יעדן טאָג דורכגיין זיין געפּענקע־ניש מיט זיין בינטל סחורה, און מיט דעם אויסרוף פון די מינים סחורה וואָס ער פאַרקויפט, האָט ער אים סמנים געגעבן וועגן דעם גורל פון די איבריקע תּלמידים וואָס זיינען לעבן פאַרבליבן.

דער גאַסן־גערויש איז שוין געשטילט געוואָרן, די זון האָלט שוין ביים אונטערגאַנג, און יוחנן בן נורי׳ס שטימע לאָזט זיך ניט הערן.

„געוויס — טראַכט ר׳ עקיבא — האָט ער אַ שטערונג באַגעגנט, און קאָן דורך דעם אין גאַס ניט גיין. און מאָרגן? מאָרגן איז דאָך יום־כפּור און ווער ווייסט אויב דער יום כפּור וועט ניט זיין דער גרעסטער אין מיין לעבן. אַ יום כפּור וואָס וועט מכפּר זיין אויף אַלע מיינע זינד וואָס איך בין באַגאַנגען אין מיין לעבן. מיט דעם טויט וועלכער איז אויף מיר פון גאָט נגזר געוואָרן, וועל איך אוועק פון דער וועלט און מיין ליבן תּלמיד שוין מער ניט זען? זיין שטימע מער ניט הערן? אוי, ווי עס שרעקט מיך... די נאַכט פאַלט באַלד צו, און איך קאָן ניט צוזען דעם זון־אונטערגאַנג".

און אַזוי רעדנדיק איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין פּלאַץ, אונטער־געהויבן די קייטן, און זיך אַוועקגעזעצט ביים צווייטן פענסטערל וואָס איז אַקעגן דעם טאָל מגידו, פון יענער זייט שטאָט, וועלכער שפּרייט זיך אוים ביים באַרג כּרמל. פאַר אים שוועבט איצט פאַרביי ווי אין אַ קאלעידאסקאָפּ, פאַרשידענע בילדער. ער דערמאָנט זיך אין די אַלע ערטער אין וועלכע ער האָט פאַרבראַכט זיינע בעסטע יונגע יאָרן. דאָ אין די טאָלן, האָט ער געפּאַשעט די שאָף פון כלבא שבוע, איינער פון די גדולי ירושלים. דאָ האָט ער זיך באַקענט מיט זיין טאָכטער רחל, וועלכע האָט אָנגעצונדן אין אים אַ הייליק פייער, וואָס ברענט נאָך ביז היינטיקן טאָג אין אים און וועט ניט פאַרלאָשן ווערן ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג. דאָרט, ביי יענעם ברונעם וועלכער זעט זיך פון דאַנען, האָט זי איינגעוויליקט זיינע צו ווערן, נאָר בתּנאי ער זאָל זיך נעמען לערנען, און ווערן אַ וויסנ־שאַפטסמאַן. זי, דעם עשיר׳ס טאָכטער, האָט איר לעבן מקריב געווען פאַר אים, כּדי ער זאָל זיין לעבן אָפּפערן פאַר בילדונג. „אך! רחל, רחל ליבע, ווי גליקלעך ביזטו, וואָס דו האָסט די וועלט פאַרלאָזט, ניט מער צו זען דאָס אומגליק וואָס האָט געטראָפן דיין פאָלק! ווי מקנא בין איך דיך, וואָס

דו ביזט אוועק פון דער וועלט אָן געוויסנביסע... און ניט אַזוי ווי איך, וואָס וועל מיין וועלט פאַרלאָזן אַ אַנגעווייטיקטער, אַ געפּייניקטער פון מיין געוויסן. יאָ, איך פיל מיך שולדיק דערמיט, וואָס איך האָב מיין האַנט צו בר כּוכבא׳ן געגעבן, און דערקלערט עפנטלעך, אַז איך, דער עלטערער פון די חכמי ישראל, האָב דעם כּבוד צו רופן זיך דער וואָפנ־טרעגער פון בר כּוכבא. איך האָב ניט גענומען אין אַכט די וואָרנונג פון מיינע חברים וועלכע האָבן זיך אויך אויסגעלאַכט פון מיר זאָגנדיק: „עקיבא! גראָז וועט שנעלער וואַקסן אויף דיינע באַקן, איידער דיין בר כּוכבא וועט פאַר דעם אידישן פאָלק אַ משיח ווערן!״ יאָ, זייער בליק איז געווען ווייטערער און לויטערער ווי מיינער. זיי האָבן די צוקונפט בעסער געזען ווי איך. און ווער ווייסט וויפיל נאָך יונגעליים האָבן זייערע לעבנס פאַרלוירן דורך מיין פאַראייניקונג. אָבער, מיין גאָט! איך האָב דאָך ניט געקענט ביישטיין דעם צויבער וואָס דער העלדישער יונגערמאַן האָט אין מיר דערוועקט. ווייל, וועלכע מעלות וואָס ווערן צוגערעכנט צו משיח בן דוד, האָבן אים געפעלט? שיינקייט, גראַציע, מוט, ענערגיע, קלוגשאַפט, וויסנשאַפט, אומבאַשרענקטע ליבע צום פאָלק. אַלעס, אַלעס האָט ער באַזיצט. איך בין אָבער דאָך שולדיק, וואָס איך האָב אין אַכט ניט גענומען, אַז ניט מיט דער שווערד וועט דאָס פאָלק געהאָלפן ווערן...

ערשט דאַן ווען איך בין אַן איינזאַמער, אַ פאַרביטערטער אַרומגע־גאַנגען צווישן די אין הויפנס אָנגעוואָרפענע דערשלאָגענע אויפן שלאַכט־פּלאַץ ביי די פעסטונגען פון ביתר, ערשט דעמאָלט, איז מיר אין קאָפּ, דער געדאַנק געקומען. איך האָב פאַר מיר געזען אידן און רוימער, זיגער און באַזיגטע, וואַלגערן זיך ווי פּגרים, און מיין האַרץ האָט פאַר זיי אַלע געבלוטיקט. אַלע זיינען דאָך אין גאָטס פאָרם באַשאַפן געוואָרן...״

ר׳ עקיבא האָט זיין קאָפּ אין זיינע הענט אַריינגענומען און זיך פאַרטראַכט.

דער שטילער געשפּרעך פון מענטשן אונטער דער טיר פון זיין גע־פענקעניש און דער גערויש פונם פאַריגל ביים עפענען די טיר, האָבן אים פון זיין פאַרטראַכטקייט אויפגעוואַכט. די טיר האָט זיך געעפנט און דער וועכטער האָט אַריינגעבראַכט אַ לייכטער מיט אַ ליכט און עס אַנידער־געשטעלט אויף דער ערד. ווען דער וועכטער איז ארויס, איז גלייך נאָך

אים אַריינגעקומען אַ באַאָרטער פעסט־געבויעטער מאַן, אָנגעקליידט ווי איינער פון די אַדעליקע רוימער.

— פרידן צו דיר עקיבא — האָט דער מאַן אַ זאָג געטון, שטייענדיק ביי דער טיר — פרידן צו דיר, מיין פריינט און מיין חבר!

— אלישע! דו ביזט עס? — האָט דער אַרעסטאַנט אויסגערופן און זיך געלאָזט מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס אים אַנטקעגן. אָבער ווען ער האָט נאָר אַ פּאָר שפּאַן געגעבן, איז ער ווי אַ פאַרשטיינערטער געבליבן שטיין.

— פרידן צו דיר, עקיבא, מיין פריינט און חבר! דערקענסט גאָרניט דיין חבר און תּלמיד אלישע?

— ניין! ניט אלישע ביזטו, נאָר „אחר” — האָט ר׳ עקיבא אויסגעשריען און אָפּגעטראָטן אויף צוריק, — ניט אלישע ביזטו — האָט ער ווידערהאָלט — נאָר „אחר”, און קיין פרידן איז ניטאָ צו די רשעים...

אייניקע מאָמענטן האָט אַ דריקענדע שטילקייט געהערשט צווישן די צוויי. אויף אלישע׳ס ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל פון שפּאָט און פאַרווירונג. און נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעגלייכט די פאַלדן פון זיין מאַנטל, האָט ער אויפגעהויבן מיט שטאָלץ זיין קאָפּ און אַ זאָג געטון מיט געמאַכטע רואיקייט און פאַרבאַהאַלטענעם כּעס:

— ווירקלעך, עקיבא, איך בין איצט אַן „אחר”. דעם נאָמען האָבן מיר געגעבן מיינע פריינט און חברים; אָבער, זיי מיר מוחל, עקיבא, ווען איך וועל דיר זאָגן אַז אויך דו ביזט אַן „אחר” געוואָרן... אויך דיך איז ניט צו דערקענען. ניין, עקיבא! איך דערקען ניט דעם עקיבא, דער תּלמיד פון אונזער גרויסן רבי׳ן ר׳ יוחנן בן זכאי, וועלכער פלעגט אָפּגעבן שלום צו יעדן ערשטן, אפילו צו אַ געצן־דינער. און ווי איז נאָך דאָ אַ גרעסערער קפדן ווי שמאי, און דאָך האָט ער זיינע תּלמידים געלערנט, אַז זיי זאָלן יעדן פריינטלעך באַגריסן. עקיבא! ווען דו ווילסט מיך ניט באַגריסן ווי מען באַגריסט אַ פריינט און אַ חבר, דאַרפסטו דאָך אַמווייניקסטן מיך רעספּעקטירן ווי אַ מענטשן... בין איך דען אין דיינע אויגן נידעריקער ווי אַ געצנדינער?

— זיי מיר מוחל, אלישע, — האָט ר׳ עקיבא זיך אָנגערופן אַ פאַרשעמטער, און מיט אַ חרטה־געפיל אין האַרצן, האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו אים. — זיי מיר מוחל, אויף די באַליידיקנדע ווערטער וועלכע

זיינען פון מיין מויל קעגן דיר אויסגעשפּראָכן געוואָרן. דער רוימישער מאַנטל און דיין גלאַט ראַזירט געזיכט, האָבן מיך אויפגערעגט. איך האָב מיך אין מיין לעבן ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז איך וועל דיך אין אַזאַ שטאַנד זען... אוי, אלישע! הלואי וואָלסטו אַמווייניקסטן נאָר מיט דיין אויסערלעך אויסזען גלייך צו אַ רוימער געווען... אָבער צו וואָס זאָלן מיר שטייען. קום, וועלן מיר זיך צוזעצן אויף דעם אַרעסטאַנטן בעטל... מיר וועלן זיך אַביסל דורכשמועסן, איך טראָג אויף דיר אַ גרויסן פאַריבל אין מיין האַרצן, און איך וויל עס מיט מיר ניט מיטנעמען אויף דער וועלט אין וועלכער עס הערשט שלום און פריינטשאַפט.

— דו, אלישע, האָסט מיך געפרעגט — האָט ר׳ עקיבא נאָך אַ מאָ־מענט פון שווייגן פאַרגעזעצט — דו האָסט מיך געפרעגט, אויב דו שטייסט נידעריקער אין מיינע אויגן ווי אַ געצנדינער? פאַרגעס ניט אלישע, אַז דאָס וואָס מען קען מוחל זיין אַ געצנדינער, קאָן מען דיר ניט מוחל זיין. דו, אלישע, ביזט אַ זון פון דעם אידישן פאָלק, און ניט נאָר אַן איינפאַכער, נאָר איינער פון די בעסטע, פון די גרעסטע, פון די פיינסטע זין פונם פאָלק, און ווער ווייסט אויב דו ביזט ניט באַשאַפן געוואָרן צו זיין איינער פון דעם פאָלקס־פירער און פאָרשטייער... ווייל, וואָס פעלט דיר כדי דו זאָלסט אַזעלכער זיין? תורה, איז דאָ ביי דיר מיט אַ פולער מאָס; חכמה, פאַר־מאָגסט דו ווי איינער פון די גרעסטע חכמים; זכות אבות? ביזטו דאָך דער זון פון די גרעסטע און חשוב׳סטע משפחות אין ירושלים. און דו האָסט אונז פאַרלאָזט. דו האָסט פאַרלאָזט דיין אומגליקלעך פאָלק, וועלכעס קאָנ־וואולסירט און בלוטעט; האָסט פאַרלאָזט דיין פאָלק, אין דער צייט ווען עס נויטיקט זיך אין דער הילף פון אַזעלכע מענטשן ווי דו; האָסט עס פאַרלאָזט און געגאַנגען זוכן ליבע ביי די גריכן, וועלכע פאַראַכטן אונז, און פרייען זיך אויף אונזער אומגליק, ביי די רוימער וועלכע טרינקען ווי דורשטיקע אונזער בלוט... אוי, אלישע, אלישע! איך געדענק דאָך די שיינע האָפנונגען וועלכע דו האָסט געגעבן אין די הערצער פון די חכמי ישראל, אין דער צייט ווען דו ביזט געקומען אינם יבנה׳ער כרם. און וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט פון די האָפנונגען? זאָג מיר נאָר, אלישע: וואָס איז דיר אַזוי געפעלן צו פאַרלאָזן דאָס פאָלק פון וועלכן דו שטאַמסט?

— איך האָב עס ניט פאַרלאָזט, עקיבא. אין מיין האַרץ פלאַקערט נאָך איצט די ליבע צו אים, פונקט ווי פריער. אויך איצט פיל איך מיט

זיינע שמערצן, און נעם אנטייל אין זיינע צרות מיט טאַט און וואָרט, פאַר וועלכן איר באַליידיקט מיך און האָט זיך דערוויטערט פון מיר. מיין איינ־ציקער וואונטש איז געווען צו מאַכן אַן ענדע צו זיינע צרות. ניין, עקיבא! נישט איך האָב פאַרלאָזט דאָס פאָלק, נאָר דאָס פאָלק מיך. דאָס פאָלק האָט ניט געוואָלט גיין מיט מיר.

—נאָך דיר גיין! וואוהין? צום באַרג אלימפוס פון די גריכן, אָדער צום פאַנטעאָן פון די רוימער? ניין, אלישע, אהין וועט דאָס האַרטנעקיגע פאָלק ניט גיין! עס וועט דיר אפשר געלונגען צוויי צי דריי אַפּטריניקעס נפשות איבערצורעדן זיי זאָלן דיר נאָכגיין, אָבער ניט דאָס גאַנצע פאָלק. אלישע! דו וועסט דאָך מודה זיין, אַז דאָס פאָלק האָט מיך ליב, און ווען איך, זייער ליבלינג, זאָל עס וועלן פירן אַהין וואו דו ווילסט עס פירן, וואָלט עס מיך גלייך פאַרלאָזט און ניט געוואָלט וויסן פון מיר.

— און דו עקיבא, וואוהין פירסט דו עס איצט? צום שייטערהויפן? צו דער תליה? דערמיט צייגסטו אַרויס דיין ליבע צום פאָלק?

ר׳ עקיבא האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ, און באַטאָנענדיק יעדעם וואָרט, אַ זאָג געטון:

— יאָ, דערמיט צייג איך אַרויס מיין ליבע, אַז פונם שייטערהויפן, פון דער תליה, וועט עס געפירט ווערן צו דעם וועג פון אומשטערבלעכקייט.

— צום וועג פון אומשטערבלעכקייט, דאָרט אין הימל, צו עולם הבא?— האָט אלישע מיט א סאַרקאַסטיש שמייכעלע אַ זאָג געטון.

— ניין, ניט נאָר צו עולם הבא, נאָר אויך דאָ אויף דער ערד, אויך צו עולם הזה. אלישע! אַ פאָלק שטאַרבט ניט, ווען זיינע קינדער גיין מיט שמחה אויפן שייטערהויפן, אָדער צו דער תליה, פאַר זייער תורה און פאַר זייער גלויבן... און איך, אלישע, וויל אַז מיין פאָלק זאָל לעבן אַן אייביק לעבן.

— אַן אייביק לעבן... צו ליידן, הייסט עס, אייביק זיינע צרות...

— דאָס, אלישע, קאָן קיינער ניט וויסן, די צוקונפט איז פאַר אונז פאַרהילט מיט אַ דיקן שלייער, און קיינער איז ניט אימשטאַנד דעם שלייער אויפצוהויבן און זען וואָס אונטער אים טוט זיך... אָבער אַזוי לאַנג ווי דער מענטש לעבט, דאַרף ער האָפן אויף בעסערע צייטן. אַפילו ווען אַ שאַרפע שווערד ליגט שוין אויף זיין האַלז, טאָר ער די האָפנונג ניט פאַרלירן. ווען אַן איינציקער מענטש, וועמענס יאָרן זיינען אַפילו

געציילטע, באַגייט זעלבסטמאָרד, איז ער אַ מטורף, ווי אַזוי זשע קען מען פאַרלאַנגען פון אַ נאַציאָן עס זאָל זיך מיאש זיין פונם לעבן און באַגיין זעלבסטמאָרד?.. אָבער, אלישע, דו האָסט מיר נאָך קיין ענטפער ניט גע־געבן אויף מיין פראַגע: וואָס האָט דיך באַוואויגן צו פאַרלאָזן דעם באַרג סיני, און זוכן אַ צופלוכטס אָרט אויפן באַרג אָלימפּוס? דעם ענטפער ביזטו מיר נאָך שולדיק.

— דיין פראַגע, עקיבא, איז ניט אמפּלאַץ, און אויך ניט אין דער צייט. דער וואָס אַנטלויפט פונם באַרג סיני, זוכט ניט קיין צופלוכטס אָרט אויפן אָלימפּוס. דער אָלימפּוס ווערט שוין ניט באַטראַכט אַלס אַ הייליקער אין די אויגן פון די גריכן, די גרויסע גריכישע פילאָזאָפן האָבן שוין אָראָפּגע־שליידערט דעם הייליקן מאַנטל מיט וועלכן ער איז געווען איינגעהילט, און אין זיין הייליקייט גלויבן נאָר פינסטערלינגע. עקיבא! געדענקסט דאָך די צייט ווען מיר פיר: איך און דו, בן זומא און בן עזאי, האָבן זיך אריינ־געלאָזט אין פרדס החכמה, ווי מיר האָבן אָנגערופן די אַלגעמיינע בילדונג. בן זומא און בן עזאי, זיינען פון טיף קלערן פון דער וועלט אַוועק... דו, עקיבא, ביזט פאַרבליבן ווי געווען. אויף דיר האָט די אַלגעמיינע וויסנ־שאַפט קיין ווירקונג ניט געהאַט, און דיך ניט געקענט אָפּווענדן פון די מסורת אבות. און איך? אויף מיר האָט די וויסנשאַפט א גרויסע ווירקונג געהאַט. מען זאָגט אויף מיר אַז איך בין געוואָרן אַ קוצץ בנטיעות... אוי, עקיבא! האָב איך דען דעם שריט מוטוויליקערווייזע געמאַכט? ווען איר זאָלט געווען אין אַכט נעמען די שרעקלעכע מלחמה וועלכע האָט זיך צופלאַקערט אין מיין האַרץ, אַ מלחמה פונם יצר הרע מיטן יצר טוב, וואָלט איר מיך ניט געווען דערווייטערט פון אייך. אין וואָס באַשטייט מיין פאַרברעכן, עקיבא? איך האָב ניט געקענט בלייבן שטיין אין מיטן וועג. מיין חשק צו וויסן אַלעס, האָט מיר קיין רו ניט געגעבן, און וואָס מער איך האָב געקלערט, אַלץ מער האָב איך געוואָלט וויסן. איך בין גלייך געווען צו דעם וואָס ער זעט פאַר זיך אַ מיראַזש, וואָס מער ער דערנענטערט זיך צו דעם, אַלץ מער דערווייטערט עס זיך פון אים. איך האָב זיך געשטרעקט צו דער חכמה, געוואָלט זי אינגאַנצן נעמען, און זי האָט זיך דערווייטערט פון מיר, און מיין האַרץ איז ליידיק פאַרבליבן... איך זע פאַר מיר אַ טיפן תהום, און דער תהום איז אַ ליידיקער, איך קען מיין ליידיק האַרץ ניט אָנפילן... איך האָב אָבער ליב דאָס לעבן, און גע־

זוכט אַזעלכעס וואָס זאָל דאָס לעבן מאַכן אינטערעסאַנט. און ווירקלעך, איך האָב זיך אין דעם תּהום טיפער אַראָפּגעלאָזט, און דאָרט געפונען אַזעלכעס וואָס זאָל אויספילן מיין ליידיק האַרץ... איך האָב זיך אויפגע־הערט צו אינטערעסירן מיט הימלישע ענינים, און האָב זיך אָנגעהויבן אָפּצוגעבן מיט ערדישע... איך האָב געטראַכט, געדענקט און געפאָרשט, און בין געקומען צו דער איבערצייגונג אַז דאָס גאַנצע שלעכטס וואָס עס עקזיסטירט צווישן דער מענטשהייט, נעמט זיך נאָר דערפון, וואָס די מענטשהייט צעטיילט זיך אויף פעלקערשאַפטן, אויף שטאַמען און משפחות.
ווען די מענטשהייט זאָל זיין אַ פאַראייניקטע, ווען ס'זאָל פון איר זיך אויסבילדן איין גרויס פאָלק, מיט איין שפּראַך, מיט איינע און דיזעלבע זיטן און מנהגים, וואָלט די מענטשהייט געווען אַ גליקלעכע, עס וואָלט מער קיין שנאה, קיין קנאה ניט געווען, קיינע מלחמות, קיין בלוט־פאַרגיסונג, קיינע שקלאַפן, און קיינע אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע.
און ווען איך האָב אַרויסגעזען ווי די רוימער באַזיגן פיל לענדער, האָב איך פאַרשטאַנען אַז זיי קענען די וועלט גליקלעך מאַכן. זיי וועלן די מענטשהייט פאַראייניקן, אַלע פעלקער וועלן זיך אַסימילירן, צוזאַמען זיך צונויפשמעלצן. און געוואָלט האָב איך אַז מיין פאָלק זאָל ניט זיין קיין אויסנאַם, און גלייך מיט אַלע זיך צוזאַמענגיסן. איך האָב אָבער געוואוסט אַז די תּורה וואָס מיין פאָלק האָט, וועט ניט דערלאָזן צו דער צוזאַמענ־שמעלצונג. און איך האָב זיך פאַרנומען די תּורה ביי דעם אַוועקצונעמען...
און איך האָב זיך די גרעסטע מי געגעבן מבטל זיין די תּורה, אין די אידישע שולן און אין די ישיבות. איך בין געגאַנגען פון איין שולע צו דער צוויי־טער, פון איין ישיבה צו דער צווייטער, און האָב אין זיי מיין וואָרט גע־פּריידיקט. ניט קיין תּורה זאָלן די קינדער לערנען, ניט קיין תּורה וואָס פירט ניט צו קיין צוועק אין לעבן, נאָר אַ מלאכה, אַ מלאכה וואָס פאַרזי־כערט דעם עקזיסטענץ... און צוליב דער פּראָפּאַגאַנדע מיינע, האָט איר מיך מיט דעם נאָמען „אחר" געשטעמפּלט, מיך אין חרם געלייגט. איך האָב אָבער אויף דעם קיין אַכט ניט געלייגט, מיינע ווערטער האָבן גע־פונען אַן אָפּקלאַנג אין פיל הערצער, און איך בין געווען זיכער אַז אין פאַרלויף פון צען יאָר וועט דאָס אידישע פאָלק זיך אַסימילירן מיט די רוימער און ווערן איין פאָלק. צו מיין באַדויערן אָבער, איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע דורך דיין ליבלינג, דורך בר כּוזיבא וועלכן דו האָסט גע־

קרוינט מיטן נאָמען בר כוכבא. די שנאה צווישן די רוימער און די אידן האָט זיך פאַרשטאַרקט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרפאָלגונגען, די גזרות פון אדריאַנוס, און מיין האָפנונג איז צערונען געוואָרן...

די גאַנצע צייט, וואָס אלישע האָט גערעדט, האָט ר׳ עקיבא געשוויגן און אים ניט איבערגעשלאָגן. ווען ער האָט געענדיקט, האָט זיך ר׳ עקיבא אויסגעגלייכט און אַריינקוקנדיק אים גלייך אין די אויגן, האָט ער די ווערטער געזאָגט:

— אַ גרויסע אידייע האָסטו פאַר מיר אַנטפּלעקט, אַ פילאָזאָפישן געדאַנק. אָבער ווי מיר שיינט, אלישע, ווייסטו אויך, אַז די אידייע איז ערשטנס ניט קיין נייע, און צווייטנס האָבן די נביאים די זעלבע צוריק מיט יאָרן שוין אַרויסגעזאָגט...אָבער גאַנץ אַנדערש פאָרמולירט. אויך ישעיה, אויך מיכה האָבן נביאות געזאָגט וועגן דעם שלום, וואָס עס וועט הערשן אין דעם אַחרית הימים: „קיין שווערד וועט פון איין פאָלק אויפן צווייטן ניט אויפגעהויבן ווערן, און קיין מלחמות וועלן מער ניט פאָרקומען”. אָבער זאָג מיר נאָר, אלישע, וואָס האָסטו גראָד אָנגעהויבן פון אידן? פאַרוואָס גייסטו ניט פריער צו די גערמאַנער, צו די כושים און נאָך צו אַנדערע? זיי זיינען דאָך אויך ניט קיין אומאָפּהענגיקע, און גלויב מיר, אלישע, ווען אַלע פעלקער וועלן זיך צוזאַמענשמעלצן, וועט דאָס אידישע פאָלק ניט פאַרבלייבן קיין אויסנאַם... זיי וועלן חלילה ניט מעכב זיין די גאולה, וואָס דו פאַרלאַנגסט... און אפשר גלויבסטו, אַז דאָס אידישע פאָלק איז ערגער פון אַלע אַנדערע פעלקער, און דערפאַר ווילסטו צום ערשטן אָנהייבן מיטן גייסטיקן טויט פונם זעלבן?

— ניט ווייל ס׳איז ערגער, נאָר ווייל עס ליידט מער פון אַנדערע פעלקער...

— אַזוי, אַזוי, אלישע! אַלטע ליבע, הפּנים, ראָסטעט ניט... און דו ווילסט מקיים זיין דעם „ואהבת לרעך כמוך” אויסצוקלויבן פאַר דעם אַ מיתה יפה... אָבער אלישע, דער טויט איז גאָר ניט אַזוי שיין; דו מיינסט אפשר, אַז די אַלע פעלקער ווי עמון, מואב, מדין און עמלק, זיינען אָפּגעשטאָרבן מיט אַ מיתת נשיקה? אוי, אלישע, דיין פילאָזאָפיע האָט דיך פאַרפירט ביז אויף צו גלויבן אומגלויבלעכעס... אַ פאָלקס גסיסה געדויערט פילע צענדליקער און אפשר הונדערטער יאָרן. און איידער צו שטאַרבן מיט

לאַנגדויערנדע יסורים, איז שוין גלייכער צו ליידן און לעבן, ווי צו ליידן און שטאַרבן.

— אָבער סוף כל סוף מאַכט דאָך דער טויט אַן ענדע צו די ליידן!

— יאָ, דער טויט מאַכט אַ סוף אויך צו די יסורים פון אַן איינציקן מענטשן און דאָך וויל ער בעסער לעבן. הער־זשע מיך אויס, אלישע! די נביאים, וועלכע האָבן נביאות געזאָגט אויף דעם אחרית הימים, האָבן ניט געמיינט צו זאָגן, אַז אַלע פעלקער וועלן זיך צוזאַמענמישן אויך מיט זייערע אידייען, מיט זייערע אַנשויאונגען... מיכה דער נביא זאָגט דאָך דייטלעך: כי כל העמים ילכו איש בשם אלהיו ואנחנו נלך בשם ד׳ אלהינו; אַלע פעל־קער וועלן זיך אָנגיין יעדער איינציקער מיט זיינע אידייען און דאָס אידישע פאָלק מיט זיין געטלעכער אידייע. און איך פרעג דיך נאָך אַמאָל, אלישע, פאַר וואָס ווילסטו ביים פאָלק אַוועקנעמען דעם זכות אויף זיין עקזיסטענץ? מיינסטו ווירקלעך, אַז אַלע אידן וועלן דיר געהאָרכזאַם זיין? נו, זאָלן מיר שוין זאָגן, אַז עס וועלן זיך געפונען ניט קיין צוויי, דריי אָפּטריניקע, נאָר מערערע טויזנטער, וועלן דען די דאָזיקע אָפּטריניקע ניט פאַרפאַלגן זייערע געוועזענע גלויבנס־גענאָסן נאָך ערגער ווי די רוימער?

— אָבער, עקיבא, ניט צוליב דעם בין איך אַהער געקומען. זיי וויסן, אַז פון די פיל פריינט, וואָס איך האָב צווישן די רוימער, איז מיר באַוואוסט געוואָרן, אַז מען האָט דיך פאַרמשפּט צו שטאַרבן מיט אַ שרעקלעכן טויט, און מאָרגן וועט עס געשען! פילע רעגירונגס־מענער באַדויערן דיך און ווילן דיר געבן אַ געלעגנהייט צו אַנטלויפן פון געפענגעניש, און איך בין פון זיי באַשטימט געוואָרן, פון דאַנען דיך ארויסנעמען און ביז האַלבע נאַכט דאַרף עס געשען!.. פאַרזוים־זשע זיך ניט און קום מיט מיר, איך האָב שוין דיך פאַרזאָרגט מיט אַ שטאָט, וואוהין צו אַנטלויפן און וואו די רוימער וועלן דיר גאָר ניט קענען קיין שלעכטס טון...

— אַזוי, אלישע! די ליבע צו מיר האָט זיך אין דיר דערוואַכט! דו ווילסט מיך רעטן פונם טויט! נו, איך בין דיר דאַנקבאַר פאַר דיין גוטן וואונטש, אָבער זאָג מיר נאָר, אלישע, וויפיל יאָרן וועט מיר דיין טובה נאָך געבן צו לעבן? נאָך אַ יאָר, נאָך צוויי, אָבער איך וויל שטאַרבן און דערמיט ליב מאַכן ביים פאָלק די תורה, צוליב וועלכער איך שטאַרב... דאָס פאָלק וועט אנערקענען דעם ווערט פון דער תורה, איבער וועלכער מען איז זיך מוסר נפש. איך האָב שטענדיק געשטרעבט צו קענען מקיים

זיין די מצוה פון ואהבת את ד׳ אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך, אפילו ווען מען רויבט פון דיר דאָס לעבן, און ווען די געלעגנהייט איז מיר געקומען צו דער האַנט, זאָל איך עס דורכלאָזן? ניין, אלישע! איך בין באַרייט מיט שמחה אָקעגנקומען דעם טויט!

— אָבער עקיבא! שטאַרבן מיט אַזאַ גרויזאַמען טויט, ווי ס׳איז פאַר דיר באַשטימט געוואָרן?

— יאָ! פונם טויט גיי איך אויפן וועג, וועלכער פירט צו אומשטערב-לעכקייט, צום אייביקן לעבן פון מיין פאָלק, וועמען איך האָב אַזוי ליב און וואָס איז ביי מיר טייערער פון מיין לעבן!

—עקיבא! האָב רחמנות — האָט אלישע אויסגעשריען, און געפאַלן פאַר אים אויף די קניען — האָב רחמנות אויף דיין תלמיד אלישע!

— איך קען נים! איך קען נים, אלישע! גיי מיט פרידן און גאָט זאָל דיר מוחל זיין אויף אַלע דיינע זינד, וואָס דו ביסט באַגאַנגען קעגן דיין פאָלק...

אויף מאָרגן איז ר׳ עקיבא הינגעריכטעט געוואָרן מיט דעם שרעק-לעכן טויט, וועלכער איז פון די אכזריותדיקע רוימער אויף אים באַשטימט געוואָרן...

# תקון טעות

ביים סוף פונם פאָרוואָרט, אנשטאט: „ניט געקוקט וואָס דער דאָזיקער פעריאָד ווערט...”, דאַרף זיין: „נישט געקוקט וואָס דער דאָזיקער כראָנאָלאָגישער פעריאָד ווערט...”

אויף זייט 17, 2־טער קאָלום, שורה 23, אנשטאט: „אויף דעם אָרט פונם מזבח אין דמשק;”, דאַרף זיין: „אויף דער אַרט פונם מזבח אין דמשק;”.

אויף זייט 22, שורה 13, אנשטאט: „...צו שרייבן זיין געשיכטע ביז בריאת העולם”, דאַרף זיין: „... צו שרייבן זיין געשיכטע פון בריאת העולם”.

אויף זייט 144, 2־טער קאָלום, שורה 21, אנשטאט: ה. רס״ו, דאַרף זיין: ה. רט״ו.

אויף זייט 145, 2־טער קאָלום, שורה 20, אנשטאט: ה. ר״ב, דאַרף זיין: ה. ר״ם.

# אינהאַלט: